# די יידישע געשיכטע

לויט פּראָפעסאָר ג ר ע ץ און אנדערע קוואַלן
מיט אן הקדמה פון הלל צייטלין.

זעקסטער באַנד
פון גירוש־שפּאַניע ביז דער משיח־באַוועגונג



פאַרלאַג ש. סגל — בוענאָס איירעס
Editorial S. SIGAL - Buenos Aires

# אינהאַלט:

## אויף דער שוועל פון דער נייער צייט

# קאַפּיטל איינס

## די מאַראַנען און זייער עפּאָכע

(1498—1391)

אין שפּאַניע פון מיטלאַלטער איז די באַפעלקערונג באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן. דאָ זיינען זיך צונויפגעקומען דריי באַזונדערע רע־ליגיעס, דריי ראַסן, דריי קולטורן: קריסטן, מוסולמענער, יידן. אין פאַר־לויף פון עטלעכע דורות האָבן די דאָזיקע דריי פאַרשידענע פעלקער און ראַסן ווי עס איז צוזאַמענגעלעבט, צוזאַמען געאַרבעט און קולטורעל גע־ווירקט איינע אויף די אַנדערע, אַזוי אַז פון אַלע מיטלאַלטערלעכע מלוכות איז שפּאַניע געווען דער איינציקער ליכטיקער פּונקט פון קולטור און טאָ־לעראַנץ. אָבער אָט איז געקומען דער פינצטערער קלעריקאַליזם, אין דעם שפּאַנישן המון דערוועקט זיך די אַמאָליקע חיה, די ליידנשאַפטן פון פאָלק צעשפּילן זיך און עס הייבט זיך אָן יענע בלוטיקע טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אַזוי שלעכט געענדיקט סיי פאַר יידן, סיי פאַר גאַנץ שפּאַניע. אַנשטאָט קולטורעלער געמיינזאַמער אַרבעט הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג, וואָס איר לאָזונג איז געווען: איין איינציקע אמונה, איין פאָלק און איין הערשנדיקע קולטור אין גייסט פון דער קירכע! אין אָנהויב שטרעבט דער קלעריקאַ־ליזם נאָר צו באַשיצן די קריסטלעכע עלעמענטן פון דער שעדלעכער ווירקונג פון די איבעריקע נאַציעס, שפּעטער ווערט ער אויך אַגרעסיוו, הייבט אָן אָנצופאַלן אויף דעם צד שכנגד און שטרעבט צו באַהערשן אים און נאָך שפּעטער הייבט זיך אָן אין נאָמען פון קריסטנטום יענע בלוט־דורשטיקע שטרעבונג צו הערשאַפט און מאַכט, וואָס האָט געבראַכט צו דער שרעק־לעכער טראַגעדיע פון די מאַראַנען, צו די פייערן פון דער אינקוויזיציע און דעם גירוש פון יידן אויף דער גאַנצער פּירענעאישער האַלב־אינדזל.

דער שפּאַנישער קלעריקאַליזם האָט זיך גענומען צום אַלטן מיטל, וואָס ס׳האָבן שוין געהאַט אויסגעפּרואווט די קרייץ־טרעגער, כדי מיט געוואַלד צו פאַראייניקן דאָס אַלטע פאַרעקשנטע יידישע פאָלק מיט דער

הייליקער קירכע: טויט אָדער שמד! — דאָס איז געווען די לאָזונג פון די פאַנאַטישע קלעריקאַלן, וואָס האָבן מיטן כח פון שווערד געוואָלט באַהערשן די יידן און מוסולמענער. מיט די לעצטע האָבן זיי געמוזט זיין אַ ביסל פאָרזיכטיק, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אויב מען וועט צו פיל אונ־טערדריקן די מוסולמענער, וועלן די לעצטע מאַכן אַ שחיטה אויף די קריסטן, וואָס וואוינען אין די מוסולמענישע לענדער. אָבער מיט יידן האָט מען גישט געהאַט וואָס צו צערעמאָניען זיך, און דער אַלטער „להרוג ולאבד" האָט דאָ געקענט פייערן זיין נצחון.

דער באַשעפער פון דער נייער באַוועגונג קעגן יידן איז געווען דער פאַנאַטישער גייסטלעכער פערדינאַנד מאַרטינעז. אַ ליידנשאַפטלעכער פאַ־נאַטישער קאַטאָליק, וואָס האָט געטרוימט וועגן דעם, אַז שפּאַניע זאָל ווערן אַ פאַראייניקטע גאַנצע קאַטוילישע מלוכה, אָפּגערייניקט פון יידן, מוסול־מענער און אַפּיקורסים, האָט ער פון דער קירכן־טריבונע אָנגעהויבן אויפ־העצן דאָס פאָלק קעגן דער „פאַלשער לערע" פון יידן, סיי קעגן יידן אַליין, וואָס האָבן פאַרכאַפּט אַ גרויסן פּלאַץ אין מלוכה־לעבן און זיינען געוואָרן אַ געפערלעכע קראַפט. ער האָט גוט געקאָנט די פּסיכאָלאָגיע פון המון, געוואוסט זיין שטימונג און ווען ער האָט געפּרעדיקט צו האַסן די יידן, טרייבן און באַליידיקן זיי, ברעכן זייערע שוהלן און בכלל מאַכן פאַר זיי דאָס לעבן אומדערטרעגלעך, האָט ער גוט געוואוסט, אַז זיינע ווערטער וועלן געפינען אויערן צווישן פאַנאַטישן המון. זיי געפערלעכע אַגיטאַציע האָט מאַרטינעז אָנגעהויבן נאָך פאַרן קאַסטילישן קעניג ענריקע דעם צווייטן. די פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע אין סעווילאַ, איינער פון די גרעסטע צענטערן פאַר די שפּאַנישע יידן, האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג אויף דער אַגיטאַציע און דער קעניג האָט מאַרטינעזן פאַרבאָטן צו האַלטן זיינע פייערדיקע העץ־רעדעס (1378). מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז די זעלבע יידן ווידער אויסגעקומען זיך צו באַקלאָגן אויף דער געפערלעכער אַגיטאַציע פון דעם פאַנאַטישן גייסטלעכן, קעגן וועלכן עס איז פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. דעם געריכט האָט מאַרטינעז, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ געהיימער קלעריקאַלישער ליגע, אָפּגעענטפערט, אַז ער וועט אויך ווייטער טון ווי ער האָט ביז איצט געטון, ווייל זיינע מעשים זיינען נאָר לטובת דער קירכע. דער קעניג כואַן האָט געפירט אַ צווייזייטיקע שפּיל: פון איין זייט האָט ער געלויבט די טעטיקייט פון מאַרטינעזן, און פון

דער צווייטער זייט פאַרבאָטן אים אָנצופאַלן אויף יידן. דער אַרציבישאָף אין סעווילי, באַראָסאַ, האָט שוין געהאַנדלט ערלעכער: ער האָט אָפן גע־פאָדערט פון מאַרטינעזן, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין מיאוסער אַגיטאַ־ציע און ווען יענער האָט דאָס נישט געוואָלט טון, האָט באַראָסאָ אים אָפּ־געזאָגט פון זיין שטעלע.

באַלד אָבער איז פאַר מאַרטינעזן און זיין געהיימער ליגע אָנגעקו־מען אַ גוטע צייט. דער קעניג און דער אַרציבישאָף פון סעווילי זיינען כמעט גלייכצייטיק געשטאָרבן און די אפּיטרופּסות איבער דעם יונגן קרוין־פּרינץ ענריקע דעם דריטן האָט איבערגענומען די קעניגן לעאָנאָרדאַ, אַ פרומע קאַטאָליקן, ביי וועלכער מאַרטינעז איז פריער געווען דער הויז־גלח. דער אָפּגעזאָגטער וויקאַריוס האָט תיכף צוריק באַקומען אַלע זיינע רעכטן, אָנגעהויבן אַרבעטן פראַנק און פריי און צושיקט אַ צירקולאַר צו די גלחים פון דער סעווילער יעפּאַרכיע, אַז זיי זאָלן חרוב מאַכן די יידישע שולן ביזן גרונט. אין מאַרץ 1391 האָט ער פאַר אַ גרויסן עולם אין מיטן גאַס געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע און פשוט גערופן צו אַ פּאָגראָם אויף יידן. ער האָט געהאַפּט אַז יידן וועלן מוזן זיך שמדן, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן. דער אויפגערעגטער המון האָט זיך אַ לאָז געטון אויף די יידן און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע הריגה. דאָס מאָל האָבן זיך אָבער פאַר יידן אָנגענומען די באַאַמטע פון שטאָט און דער פּאָגראָם איז איינגעשטילט געוואָרן. אייניקע פון די הויפּט שולדיקע זיינען אַפילו באַ־שטראָפט געוואָרן; אָבער מאַרטינעז אַליין האָט ווייטער געפירט זיין אַגי־טאַציע און סוף כל סוף זיך דערשלאָגן צו זיין ציל. אין דריי חדשים שפּע־טער האָט דער פּאָגראָם אין סעווילי זיך איבערגעחזרט מיט אַזאַ קראַפט, אַז אָפּשטעלן אים איז שוין געווען אוממעגלעך. די קריסטן זיינען אין איין פרימאָרגן זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע עקן שטאָט צום יידישן קוואַרטאַל, אים אונטערגעצונדן און אָנגעהויבן ראַבעווען און הרגענען. אַן ערך פון פיר טויזנט יידן זיינען אין יענעם טאָג דערהרגעט געוואָרן, פיל זיינען אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש און דערנאָך פאַרקויפט געוואָרן צו די אַראַ־בער, די איבעריקע האָבן איינגעוויליקט צו שמדן זיך, כדי צו ראַטעווען דאָס לעבן. צווישן די לעצטע איז געווען דאָן שמואל אבראבנאל, אַ געוועז־זענער הויכגעשטעלטער אין הויף ביי ענריקע דעם צווייטן; ביים שמדן זיך האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען ענריקע דע סעווילי.

דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָט אויפגעפלאַקערט אין זיין גאַנצער קראַפט, די ווילדע אינסטינקטן פון המון האָבן דערוואַכט און די שחיטה אין סעווילי א איז געווען ווי אַ סיגנאַל צו אָנפאַלן אויף יידן פון אַלע זייטן. קוים זיינען די אָנפאַלן שוין געווען אין גאַנג, האָט מען זיך שוין גערעכנט נישט בלויז מיט דער אידעע, אָפצושמדן יידן מיט געוואַלט — מען האָט שוין געהרגעט און געראַבעוועט פשוט אויס האָס און כדי צו פאַרכאַפן דאָס יידישע פאַרמעגן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלעכע אָנפאַלן אויף די אומבאַוואָפנטע הילפלאָזע יידן. אין קאָרדאָבאַ האָט מען אַ טייל יידן אויסגעהרגעט און אַ טייל האָבן לפנים זיך אָפגעשמדט, כדי צו ראַטעווען זיך פון טויט. אין טאָלעדאָ האָט מען די יידן געהרגעט אויף די גאַסן און אין די שילן. צווישן די מאַרטירער, וואָס זיינען געפאַלן אויף קדוש השם, איז אויך געווען דער געלערנטער יהודה בן אשר, אַן אוראייניקל פון דעם באַרימטן רא״ש. אַזעלכע שרעקלעכע סצענעס זיינען אויך פאָרגעקומען אין די איבעריקע שטעט פון קאַסטיליע. העכער זיבעציק קהלות זיינען מיט איין מאָל חרוב געוואָרן. פיל טויזנטער יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן און נאָך גרעסער איז געווען די צאָל פון יעגע יידן, וואָס האָבן נישט גע־האַט גענוג מוט בייצושטיין דעם נסיון און מיט ווייטיק אין האַרצן געמוזט אָננעמען די קאַטוילישע רעליגיע.

אין גיכן האָט די עפידעמיע פון די פאָגראָמען אַרומגעכאַפּט אויך אַראַגאָניע, וואוהין עס זיינען צוליב דעם אַרויסגעשיקט געוואָרן ספּעציעלע אַגיטאַטאָרן פון סעווילי. אין וואַלענסיאַ האָבן יידן געפּרואווט אַרויס־ווייזן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, פאַרבאַריקאַדירט זיך אין זייער קוואַר־טאַל און דערהרגעט פריער עטלעכע אָנפאַלער, אָבער דאָס האָט נאָך מער אויפגערייצט דעם המון און די פינף טויזנטדיקע יידישע קהלה איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן. אין באַרצעלאָנאַ, דער יידישער הויפּט־צענטער פון אַראַ־גאָניע, האָבן יידן זיך פאַרמאַכט אין דער פעסטונג און זיינען צוערשט גע־שיצט געוואָרן דורך דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. דער אויפגערייצטער קאַטוילישער המון האָט אָבער באַלאַגערט די פעסטונג, זי איינגענומען און אונטערגעצונדן. ווען זיי האָבן געזען, אַז קיין רעטונג איז נישטאָ, האָבן אַ טייל יידן זיך דערשטאָכן מיט מעסערס אָדער זיך אַראָפּגעוואָרפן פון די פעסטונג־טורעמס און דערהרגעט געוואָרן; אַנדערע האָבן אין פאַרצווייפלונג זיך געוואָרפן אויף די שונאים און זיינען אומגע־

קומען אין קאַמף; די איבעריקע האָבן פאַרראַטן זייער אמונה און נאָר גאָר אַ קליינע צאָל האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן. די בלוט־דורשטיקע פּאָגראָם־מאַכערס האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, זיי זיינען געגאַנגען ווײַ־טער ביז צום אינדזל מאַיאָרקאַ; דאָ האָבן זיי אַכזריותדיק געהרגעט יידן, געראַבעוועט זייער גוטס, חרוב געמאַכט זייערע הייזער און אַפילו זיך נוקם געווען אָן יענע גוטע קריסטן, וואָס האָבן ביי זיך באַהאַלטן די גע־רודפטע און געפּלאָגטע.

אין משך פון דריי מאָנאַטן, פון יוני ביז אויגוסט 1391, האָבן די שפּאַנישע יידן איבערגעלעבט אַזעלכע שרעקלעכע צרות, ווי זייערע עלטערן האָבן געהאַט אויסצושטיין מיט דריי הונדערט יאָר צוריק אין דייטשלאַנד בעת דעם קרייץ־צוג. נאָר מ׳מוז זאָגן, אַז די שפּאַנישע יידן זיינען שוין נישט געווען אַזוי פעאיק אויף קדוש־השם, ווי זייערע עלטערן. אין דייטש־לאַנד האָבן כמעט אַלע יידן מקריב געווען זייער לעבן און נאָר אַ קליינע צאָל האָט לפנים אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אין שפּאַניע איז שוין די צאָל פון די, וואָס האָבן זיך געלאָזן שמדן געווען פיל גרעסער און דערגרייכט עטלעכע צענדליק טויזנט. די שפּאַנישע יידן זיינען ס׳רוב גע־ווען קולטורעל און רייך, ביי זיי איז דער אינסטינקט פון לעבן שוין געווען שטאַרקער, ווי ביי זייערע אָרעמע דערשלאָגענע ברידער אין דייטשלאַנד, פאַר וועלכע דאָס לעבן איז געווען נישט מער, ווי אַן אָפּקומעניש, און ווען דער חלף איז געלעגן אויפן האַלדז, ווען זיי האָט געדראָט דער באַלדיקער טויט, האָבן זיי איינגעשטימט אָנצונעמען לפנים דעם קריסטלעכן גלויבן, כדי ביי אַ גוטער געלעגנהייט באַלד זיך אומצוקערן צו דער אמונה פון זייערע אבות. אַ טייל פון זיי האָבן טאַקע אַזוי געטון און ווי נאָר עס איז אַריבער די געפאַר, האָבן זיי פאַרלאָזן שפּאַניע און זיינען אַוועק אין אַנ־דערע לענדער. אָבער פיל האָבן נישט געהאַט קיין מוט אָפּצוזאָגן זיך פון זייער לעבן און פאַרמעגן אין דעם לאַנד, וואו זיי זיינען געוואָרן דערצויגן און אויפגעוואַקסן, און זיי האָבן אָפּיציעל ווייטער געהייסן קריסטן, און געהיים געבליבן געטרייע יידן. אַזוירגאַך איז אַנטשטאַנען דאָס מאַראַ־נענטום, יענע אויסערגעוויינלעכע לאַגע פון מענטשן, וואָס האָבן געמוזט לפנים דערפילן אַלע קריסטלעכע מנהגים און געזעצן און אין דער שטיל, מיט מסירת נפש, דערפילן די דינים פון דער יידישער רעליגיע און אָפּ־היטן זייער בונד מיט די איבעריקע ברידער. עס איז אַנטשטאַנען אַ באַ־

זונדער קלאַס פון אַנוסים און דאָס האָט געבראַכט צו שרעקלעכע קאָנטע־קווענצן סיי פאַר די אַנוסים אַליין, סיי פאַר די יידן, וואָס זיינען נאָך אָפיציעל געבליבן ביי זייער אמונה.

צו דער חרפה פון יידנטום האָבן אין יענער שווערער צייט זיך געפונען יידן, וואָס האָבן פריער זיך געטויפט צוליב געוואַלט, נאָר דער־נאָך זיינען זיי געוואָרן שוין באמת געטרייע קריסטן און אַפילו שונאים פון זייערע אייגענע ברידער, וועגן וועלכע זיי האָבן פאַרשפּרייט רכילות און בלבולים. אָט די נייע קריסטן האָבן דורך זייער בגידה פיל צרות אָנגע־טון די געפּלאָגטע יידן. דער געפערלעכסטער צווישן די יידישע פאַררעטער און מוסרים איז געווען דער געוועזענער תלמודיסט שלמה הלוי פון בור־גאָס, וואָס האָט ביים שמדן זיך אָנגענומען דעם נאָמען פון פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ (געבוירן אין 52־1351, געשטאָרבן אין 1435). ער האָט גוט געקאָנט דעם תנ״ך און דעם תלמוד און זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די זיילן פון יידנטום. ער איז אָבער דערצו געווען זייער פּראַקטיש און האָט געהאַלטן, אַז וויכטיקער פון אַלץ אין דער וועלט איז מאַכן זיך אַ קאַריערע און לעבן אַ גוטן טאָג. אַזוי ווי ער איז געווען אַ מענטש מיט אַן אומגע־וויינלעכער אייגנליבע און אַ הייסן טעמפּעראַמענט, איז אים דער בית־המדרש באַלד געוואָרן צו ענג און ער האָט זיך געריסן צו דער גרויסער וועלט. ער האָט זיך דערוואָרבן אַ גרויסאַרטיקן געשפּאַן מיט פיל באַדינטע אָנגעהויבן טרוימען וועגן „גרויסקייט״, ד״ה וועגן אַריינדרינגען אין הויף און דאָרט באַקומען אַ שטעל. די שרעקלעכע געשעענישן פון 1391 האָבן אים איבערצייגט, אַז ווי אַ ייד וועט ער דאָס נישט דערגרייכן, און ער באַשטימט צו 40 יאָר, זיין אמונה צו טוישן, וואָס ס׳האָבן אים באַלד נאָכ־געטון זיין ברודער און זיינע פיר זין.

כדי צו דערגרייכן אַ הויכע שטעלע אין הויף איז אין יענער צייט געווען נאָר איין וועג: אַריינטרעטן אין שטאַנד פון די גייסטלעכע, און שלמה הלוי האָט דאָס געטון. ער איז אַוועק קיין פּאַריז, אַריינגעטראָטן אין אוניווערזיטעט און זיך גענומען צו דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע. אַ דאַנק זיינע קענטעניש אין העברעאיש האָט ער געשווינד דערגרייכט זיין ציל און באַלד באַקומען דעם טיטל גלח. פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן שטייגן אַלץ העכער, און לויט דער רעקאָמענדאַציע פון קאַרדינאַל דע־לונאַ, וואָס איז אין יאָר 1394 אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ פּויפּסט אונטערן נאָמען

בענעדיקט דער דרייצנטער, האָט פּאַבלאָ פון בורגאָס באַקומען אַן אַריינ־
טריט אין קעניגלעכן הויף און שטאַרק גושא חן געווען ביי ענריקע דעם
דריטן. פּאַבלאָ האָט אָנגעהויבן מיט היץ צו אַגיטירן קעגן דער „פאַלשער"
יידישער רעליגיע און געפּרואווט שריפטלעך און מונדלעך איבערריידן פיל
פון די אָנגעזעענע יידן, זיי זאָלן איבערגיין צום קריסטנטום. ער האָט זיך
געווענדעט צום לייב־דאָקטאָר פון קייזערלעכן הויף מאיר אַלגואַדעז און
נאָך פיל אַנדערע יידישע געלערנטע מיט אַ בריוו און זיך באַמיט זיי צו
איבערצייגן, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די אמונה פון זייערע עלטערן. די יידישע
געלערנטע האָבן אים נישט געשוויגן און אים אָפּגעענטפערט אין אַ שאַר־
פער פאָלעמיק. איינע פון די שענסטע תשובות דעם רענעגאַט פּאַבלאָ האָט
געגעבן דער יידישער דאָקטאָר יהושע לאָרקי, נאָר שפּעטער האָט ער אַליין
זיך מתקנא געווען אָן דעם פאַררעטער, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ גוטע קאַ־
ריערע און אויך אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אויך דער פילאָזאָפי־
שער דענקער חסדאי קרשקש איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ דרייסטער קעמפער
פאַר דער אמונה פון זיינע עלטערן; ער האָט מחבר געווען אַ פילאָזאָפישע
אָפּהאַנדלונג וועגן קריסטנטום און קריטיקירט די קריסטלעכע דאָגמעס
מיט אַ שטאַרקער ליידנשאַפט, זיך גאָרנישט גערעכנט מיט דעם אויפ־
ברויז, וואָס זיין ווערק קאָן אַרויסרופן צווישן דער קריסטלעכער באַפעל־
קערונג.

אַ שאַרפזיניקע סאַטירע אויף דער טעמע האָט אָנגעשריבן איינער
פון די אנוסים, וואָס האָט זיך צוריק אומגעקערט צום יידנטום, פּראָפיאַט
דוראַן, אַ באַוואוסטער דענקער, דאָקטאָר, אַסטראָנאָם און שפּראַך־קענער,
וואָס האָט זיך גערופן מיט זיין יידישן נאָמען יצחק בן משה הלוי און האָט
אין די בלוטיקע טעג פון 1391 געמוזט לפנים אָננעמען די קריסטלעכע
רעליגיע. מיט אים צוזאַמען האָט זיך אָפּגעשמדט זיין חבר דוד באָנגאָזן,
און ווי נאָר עס איז אַריבער די ערשטע געפאַר, האָבן זיי ביידע באַשלאָסן
אַוועקצופאָרן קיין פּאַלעסטינע און דאָרט זיך אומקערן צום יידנטום. זיי
האָבן פריער איינגעאָרדנט זייערע געשעפטן און דערנאָך איז דוראַן אַוועק
אין איינער פון די פּאָרט־שטעט אין פראַנקרייך, וואו ער האָט אָפּגעוואַרט
זיין חבר. נאָר ווי גרויס איז געווען זיין דערשטוינונג, ווען ער האָט פון
זיין חבר באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער איז אים מודיע, אַז אונטערן איינ־
פלוס פון משומד פּאַבלאָ פון בורגאָס האָט ער באַשלאָסן, צו בלייבן ביים

קריסטנטום און ער בעט דוראַנען, אַז ער זאָל אויך דאָס זעלבע טון. דוראַן האָט דאַן אָפּגעענטפערט זיין חבר מיט אַ ווערק, וואָס האָט צו זיך כמעט קיין גלייכן נישט אין דער יידישער ליטעראַטור, לויט זיין איראָניע און גיפטיקער סאַטירע. דאָס ווערק איז געשריבן אין אַזאַ טאָן, גלייך ווי דער מחבר עצהט זיינע לעזער, אַז זיי זאָלן ביים קריסטנטום בלייבן און איז אין אַלץ מסכים מיט די פרעדיקער פון שמד. „אל תהי כאבותיך" (זיי נישט ווי דיינע עלטערן) הייסט דאָס ווערק און מיט די ווערטער ווענדעט זיך דער מחבר יעדעס מאָל צו זיינע לייענער און סטאַרעט זיך כלומרשט זיי צו איבערצייגן, אַז זייערע עלטערן זיינען געווען באַנאַרישט, געגאַנגען אין אַ פאַלשן וועג און די קינדער דאַרפן שוין זיין קליגער און פאַרשטיין די גרויסקייט פון קריסטנטום. אין דעם טאָן איז אויסגעהאַלטן דאָס גאַנצע ווערק און אונטער די ווערטער „אל תהי כאבותיך" איז באַהאַלטן אַזאַ איידעלע פאַרמאַסקירטע סאַטירע, אַז די קריסטן האָבן צוערשט נישט ווי געהעריק פאַרשטאַנען די שאַרפע איראָניע און געמיינט, אַז דוראַן פאַר־טיידיקט באמת דאָס קריסטנטום. ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך גע־כאַפּט, אין וואָס דאָ גייט, האָבן זיי דאָס ווערק פאַרברענט. „נישט זיי — ווערט דאָרט שאַרפזיניק געזאָגט, — ווי דיינע עלטערן, וואָס האָבן פשוט געגלויבט אין אחדות האלהים און גאָרנישט פאַרשטאַנען, אַז גאָט איז פילפאַכיק; וואָס האָבן פאַלש אויסגעטייטשט די ווערטער „שמע ישראל, ה' אחד", פאַרשטאַנען דאָס אין געוויינלעכן זין... נאָר גלויב בע־סער, אַז גאָט איז אי איין און איינציק, אי דריי־אייניק, גלויב, אַז דריי איז געגליכן צו איינס און איינס צו דריי — אַ הייליקער אמת, וואָס מען קאָן אים נישט באַגרייפן מיטן אויער און אַרויסריידן מיטן מויל. זיי נישט ווי דיינע עלטערן, וואָס האָבן געגלויבט, אַז די טבע פון גאָט קאָן זיך נישט ענדערן אין קיין שום פאָרם, און אַז גאָט איז אָן אַ געשטאַלט און אָן אַ מאָס, נאָר גלויב בעסער, אַז"... און אַזוי ווייטער אין דעם זעלביקן טאָן, אונטער וועלכן עס איז באַהאַלטן אַ שאַרפע, בייזע קריטיק פון דער קריסט־לעכער אמונה. — דוראַן האָט אויך אָנגעשריבן אַ פּאָפּולערן פירוש צום „מורה נבוכים" און צום אבן־עזרא, אַ גראַמאַטיק, ווי אויך אַ היסטאָרישע כראָניק וועגן די מיטלאַלטערלעכע רדיפות אויף יידן (זכרון השמד), וועל־כע איז, צום באַדויערן, נישט פאַרבליבן.

נאָך די בלוטיקע געשעענישן פון 1391 איז פאַר יידן געקומען אויף

אַ קליינער צייט אַ פֿאַרהעלטניסמעסיקע באַרויִקונג. דער קעניג ענריקע דער דריטער, וועלכער איז מינדיק געוואָרן, האָט באַשטראָפֿט דעם הויפּט־שולדיקן פֿון די פּאָגראָמען מאַרטינעז מיט תּפֿיסה אין מאָנאַסטיר, נאָר אין גיכן האָט ער אים געמוזט באַפֿרייען, ווייל די מאַסע האָט אים פֿאַר־געטערט און געהאַלטן פֿאַר אַ קדוש. ענריקע דער דריטער האָט אַרויסגע־געבן אַ באַפֿעל, שטרענג צו באַשטראָפֿן יעדן, וואָס וועט אָנפֿאַלן אויפֿן לעבן און פֿאַרמעגן פֿון יידן, און כל זמן ענריקע האָט געלעבט האָט די אַגיטאַציע פֿון די יידישע שונאים געמוזט געפֿירט ווערן אין באַגרענעצטע ראַמען, נאָר מיטן טויט פֿון דעם קעניג (1407), ווען אָנשטאָט זיין יונגן טראָן־פֿאַרטרעטער, כּוֹאַן דער צווייטער, האָט רעגירט מיט דער מלוכה אַ רעגענט, האָט די רעליגיעזע אַגיטאַציע קעגן יידן אָנגענומען אַ שאַרפֿן כאַראַקטער. מיט דער דערציאונג פֿון יונגן קעניג האָט זיך פֿאַרנומען פּאַבלאָ פֿון בורגאָס, דעמאָלט שוין אַ בישאָף, און דער דאָזיקער רענעגאַט, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידעע אָפּצוטויפֿן אַלע שפּאַנישע יידן, האָט איצט געקאָנט פֿריי פֿירן זיין שענדלעכע טעטיקייט. פֿריער פֿון אַלץ האָט ער זיך באַמיט אָפּצורוימען פֿון פּלאַץ דעם קאַסטילישן הויפּט־ראַבי־נער ר׳ מאיר אַלגואַדעז, וואָס האָט געהאַט אַ שטעל אין קעניגלעכן הויף און וואָס איז געווען שטאַרק פֿאַרהאַסט פֿון דעם משומד פּאַבלאָ. צוליב אַ בלבול אויף די יידן אין סעגאָוויע, אַז זיי האָבן געשענדעט די קירכן־האָסטיע, האָט מען אַרעסטירט דעם רב אַלגואַדעז און אים געפּייניקט; דורך שרעקלעכע ענוים האָט מען ביי אים אַרויסבאַקומען אַ געצוואונגענע הודאה, אַז ער, אַלס לייב־דאָקטאָר, איז שולדיק אין פֿריצייטיקן טויט פֿון קעניג ענריקע און אויפֿן גרונד פֿון די ווערטער האָט מען אים פֿאַרמשפּט צו אַ שוידערלעכן טויט. אַזאַ סוף האָבן אויך געהאַט די באַשולדיקטע יידן אין סעגאָוויע און אַ דאָרטיקע שיל איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קירכע.

ווען מען איז פּטור געוואָרן פֿון ר׳ מאיר אַלגואַדעז און אין הויף איז שוין נישט געבליבן מער קיינער, וואָס זאָל זיך אָננעמען פֿאַר יידן, האָט די יידנפֿיינטלעכע פּאַרטיי באַקומען פֿליגל. מען האָט, ערשטנס, איבערגע־צייגט דעם הויף, אַז יידן זיינען זייער שעדלעך אין דער הינזיכט, וואָס זיי ריידן אָפּ פֿון קריסטנטום יענע יידן, וואָס האָבן שוין איינמאָל זיך אָפּ־געשמדט, און דעריבער דאַרף מען קעגן די יידן אָננעמען די אַלטע מיטלען. אין 1412 איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ קעניגלעכער עדיקט, לויט וועלכן

יידן האָבן פאַרלוירן זייערע בירגערלעכע רעכטן. יידן איז דערלויבט גע־וואָרן צו וואוינען נאָר אין באַזונדערע יידישע קוואַרטאַלן. זיי איז פאַר־באָטן געוואָרן אַריבערצוציען זיך פון איין שטאָט אין דער צווייטער, באַ־שעפטיקן זיך מיט פרייע פּראָפעסיעס און מעדיצין, האַנדלען מיט קריסטן און האַלטן קריסטן ווי באַדינטע ביי זיך. די יידישע געמיינדע האָט פאַר־לוירן דאָס רעכט צו האָבן אַן אייגן געריכט. יעדער ייד האָט געמוזט טראָגן אַ ספּעציעלן בגד, אַ לאַנגן, פון דיקן טוך, און אויך אַ ספּעציעלן „יידישן צייכן" אויף דעם הוט. אויך איז יידן פאַרבאָטן געוואָרן צו טראָגן דעם שפּאַנישן טיטל דאָן, האַלטן געווער און אַפילו ראַזירן די באָרד. אַ ייד, וואָס האָט געוואָלט עמיגרירן פון קאַסטיליע אין אַן אַנדער לאַנד איז געוואָרן באַשטראָפט דורך קאָנפיסקאַציע פון זיין פאַרמעגן און ער אַליין איז געוואָרן אַ לייב־אייגענער פון קעניג. דורך די דאָזיקע אַכזריותדיקע מיטלען האָט מען געוואָלט ברעכן דעם יידישן שטאָלץ און ענדלעך זיי צווינגען אַריבערצוגיין צום קריסטנטום. פאַר די יידן, וואָס זיינען נישט געווען פעסט אין זייער אמונה אָדער וואָס האָבן נישט געקאָנט אַריבער־טראָגן אַזאַ רעכטלאָזע לאַגע, זיינען די דאָזיקע מיטלען ווירקלעך געווען אַ גרויסע סכנה.

אָבער דערמיט האָט מען זיך נאָך נישט באַגנוגנט און יידן האָט מען געשלעפּט מיט געוואַלט אין די קירכן און זיי געדראָט מיט טויט. אין שפּאַניע האָט צו יענער צייט געאַרבעט דער צווייטער מאַרטינעז, דער בייער צורר ישראל וויסענטע פערער. דער דאָזיקער בייזער מאַנאַך, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סוויטע פון פאַנאַטישע אַנהענגער, האָט גע־וואַנדערט איבער שפּאַניע, פראַנקרייך און איטאַליע און געפּרעדיקט וועגן תשובה טון און וועגן האַס צו די אומגלויביקע, די יידן און מוסולמענער. עס איז אַ סברא, אַז אונטער דער השפּעה פונעם דאָזיקן פאַנאַטישן מאַנאַך האָט פּאַבלאָ פון בורגאָס איינגעשטימט זיך אָפּצושמדן, נאָר יעדנפאַלס איז באַוואוסט, אַז פּאַבלאָ איז געווען זייער באַפריינדעט מיט פערערן און ענערגיש געשטיצט זיין טעטיקייט. אַ דאַנק זייער ווירקונג איז אַרויס דער עדיקט פון 1412 און זיי האָבן דאָס אויך אָרגאַניזירט די מיסיאָנערישע אַגיטאַציע איבער גאַנץ שפּאַניע. אַרומגערינגלט דורך אַ המון פון מאָנאַכן איז פערער געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, מיט אַ קרייץ אין דער האַנט זיך אַריינגעריסן אין די יידישע שילן און מיט אַ הילכיקער שטים געפּאָ־

דערט פון יידן, אַז זיי זאָלן אָננעמען דאָס קריסטנטום. די ליידנשאַפטלעכע געשרייען פון די פאַנאַטישע מאַנאַכן האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלע. דאָס איז שוין געווען נישט קיין פּשוטע אַגיטאַציע, נאָר אַ מין וואַק־כאַנאַליע. יידן זיינען פאַרציטערט געוואָרן, זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן די ערשט־איבערגעלעבטע שרעקלעכע טעג אין סעווילִיע, זיי האָבן דערזען פאַר זיך אומעטום אויפגערייצטע מחנות קריסטן, וואָס שטייען אָנגעגרייט און וואַרטן נאָר אויף אַ סיגנאַל, אָנצוהייבן אַ נייע שחיטה, און אין פיל שטעט האָבן יידן מאַסנווייז אָנגענומען די קריסטלעכע רעליגיע און די אַנוסים האָבן זיך מתודה געווען און צוגעזאָגט צו ווערן גוטע קאַטויליקן. פאַר יענער צייט האָבן פון זיך אָפּגעשמדט העכער צען טויזנט יידן און דערמיט זיך געראַטעוועט פון פאָגראָמען, שחיטות און ענוים. נאָר דער יידישער שריפטשטעלער פון יענער צייט שלמה אַלעמי ווייזט אָן, אַז אויסער די שרעקלעכע צוואַנגס־מיטלען איז אין דעם מאַסן־שמד געווען שול־דיק אויך די אַלגעמיינע דעמאָראַליזאַציע. אין זיין „אגרת המוסר״ זאָגט אַלעמי, אַז אַ דאַנק דעם טרוקענעם פאָרמאַליזם פון די רבנים פון איין זייט, און די פילאָזאָפישע חקירות פון דער צווייטער זייט איז פיל אָפּגע־שוואַכט געוואָרן דאָס פּשוטע רעליגיעזע געפיל; די מאָראַלישע זיטן פון יידן זיינען שטאַרק געפאַלן, דאָס נאַציאָנאַלע אחדות איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן; די יידישע עשירים האָבן זיך אָנגעהויבן שטופּן צו דער שפּאַני־שער אַריסטאָקראַטיע, כאָטש יענע שטויסט זיי אָפּ פון זיך, עס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן יידן דער חשק צו אַ גוט הרחבהדיק לעבן, דעריבער איז אַזוי שווער געווען אַריבערצוטראָגן די פּלוצימדיקע באַגרענעצונגען און רדיפות און דערפון האָט זיך געגומען דער מאַסן־שמד.

דאָס זעלבע וואָס אין קאַסטיליע איז אויך פאָרגעקומען מיט די יידן אין אַראַגאָניע. אויך דאָרט האָט מען יידן געפּייניקט און געפּלאָגט און אויך דאָרט האָבן עטלעכע טויזנט יידן געמוזט זיך שמדן. אָבער דאָס אַלץ איז נאָך פאַר די פאַנאַטישע קאַטויליקן ווינציק געווען, זייערע אַפּעטיטן זיינען געווען גרויס און ווען מען האָט שוין אויסגעפּרואווט אַלערליי צוואַנגס־מיטלען, האָט מען זיך גענומען נאָך צום אַלטן מיטל פון קאָמפּראָ־מעטירן דאָס יידנטום דורך אָן עפנטלעכן וכוח מיט די רבנים, און דערנאָך פאָדערן פון די „באַזיגטע״, אַז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן, ד״ה שמדן זיך. דעם געדאַנק וועגן אַזאַ עפנטלעכן דיספּוט האָט געגעבן דער אויבנדערמאָנ־

טער משומד יהושע לאָרקי, וועלכער האָט ביים טויפן זיך אָנגענומען דעם נאָמען כעראָנימאָ דע סאַנטאַ־פּע. דער דאָזיקער געווען קעמפער פאַרן יידנטום איז איצט געוואָרן אַ הייסער פריינט פון די יידישע אונטערדריקער און ער אַליין האָט זיך פאָרגענומען צו באַזיגן די רבנים דורך ראיות פון דער יידישער ליטעראַטור גופא און אַליין אויך צוזאַמענגעשטעלט דעם גאַנצן פּלאַן פון דעם דיספּוט. לויט דעם פּלאַן האָט מען פריער געדאַרפט פּרוּאוון איבערצוצייגן די רבנים דורך ראיות פון תלמוד, אַז משיח איז שוין געקומען, נאָר אויב דאָס וועט זיך נישט אייַנגעבן, דאַן דאַרף מען דערקלערן, אַז דער תלמוד איז אַ געפערלעך בוך און זיינע אָנהענגער קענען אַלזאָ נישט האָבן קיין פּלאַץ אין קיין שום מלוכה.

ענדע 1412 האָט בענעדיקט דער דרייצנטער מיט דער הסכמה פון קעניג פונאַנדערגעשיקט צו אַלע באַוואוסטע רבנים און אָנגעזעענע לייט פון די יידישע געמיינדעס אין אַראַגאָניע אַן איינלאַדונג צו קומען אויף דעם עפנטלעכן רעליגיעזן דיספּוט און פאַר נישט קומען האָט מען געדראָט מיט דער שטרענגסטער שטראָף. די יידישע געמיינדעס האָבן געמוזט פאָלגן און עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טאָרטאָסאָ צוויי און צוואַנציק יידישע דעלעגאַטן, צווישן וועלכע עס האָבן פאַרנומען דעם הויפּט־פּלאַץ: ווידאַל בנבנשתי אבן לביא פון סאַראַגאָסאָ, אַן אַריסטאָקראַט, דאָקטער און פּאָעט; דער „בעל העקרים", ר' יוסף אַלבאָ; זכריה הלוי סאַלאַדען פון סאַראַגאָסאָ און אַנדערע. דער באַרימטער דיספּוט האָט זיך אָנגעהויבן אין פעברואַר 1413 און געדויערט אַ יאָר מיט ניין מאָנאַטן און פאַרנומען ניין און זעכציק זיצונגען. דער דיספּוט איז פאָרגעקומען זייער פייערלעך. דער פאָרזיצער איז ס'רוב געווען בענעדיקט דער דרייצנטער, וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט מיט בישאָפן, וועלטלעכע הויכגעשטעלט לייט און גראַנד־דאַמען. דעם הויפּטאָנטייל אין די וכוחים האָט גענומען יהושע לאָרקי, וועלכער האָט מיט גרויס היץ זיך געסטאַרעט צו באַווייזן די ריכטיקייט פון קאַטוילישן גלויבן דורך ציטאַטן פון תנ"ך און פון דער אגדה. נאָר זיינע יידישע אָפּאָנענטן האָבן אים גוט אָפּגעענטפערט און לייכט צוקלאַפּט זיינע טענות, הגם זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער געלאַסן און נישט געברויכט קיין שאַרפן אויסדרוק קעגן יידישן רענעגאַט. די יידישע דעלעגאַטן האָבן זיך געהאַלטן שטענדיק אייניק און באַראַטן זיך. נאָר איין טאָל, ווען עס איז געווען אַ רייד וועגן אייניקע ספּקדיקע ערטער אין דער

אגדה, האָבן די מיינונגען זיך צעטיילט: דאָס רוב דעלעגאַטן, פּרייזישע מענטשן, האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די אגדה איז נישט קיין הייליקטום און איז פאַר יידן נישט קיין פליכט; די מער קאָנסערוואַטיווע, ווי ווידאַל און אַלבאָ זיינען געבליבן ביי דער מיינונג, אַז אויך די אגדה איז פאַר יידן הייליק. בענעדיקט האָט זיין טאַקטיק בנוגע צו די יידישע דעלעגאַטן יעדעס מאָל געביטן. דאָ איז ער געווען ווייך, דאָ שטרענג, נאָר ווען ער האָט געזען, אַז נישט מיט גוטן און נישט מיט בייזן וועט מען באַזיגן די פאַרעקשנטע יידן, האָט ער געפּרוואווט ווירקן אויף זיי דורך אַ דעמאָנסטראַציע: ער האָט געהייסן ברענגען אַ סך יידן, וואָס האָבן בעת די בלוטיקע געשעענישן געמוזט טויפן זיך און דאָ אויפן אָרט אויסגעפירט אויף זיי די טויף־צערעמאָניע. דערמיט האָט דער פּויפּסט בענעדיקט געוואָלט דערמאָנען די יידישע דעלעגאַטן, אַז פיל יידן זיינען שוין אָפּגעשמדט און אַז אויך אַ העלפט דאָס יידנטום שוין פאַרשפּילט. די דאָזיקע סצענע האָט אויף די דעלעגאַטן געמאַכט אַ שווערן איינדרוק און זיי פאַרשאַפט פיל יסורים, אָבער געווירקט אויף זיי האָט דאָס נישט און זיי זיינען געבליבן ביים זייעריקן.

דער דיספּוט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן כמעט צוויי יאָר, האָט צום גרויסן באַדויערן פון בענעדיקט און זיינע אָנהענגער נישט געבראַכט צו די געוואונטשטע רעזולטאַטן. קיינער פון די רבנים האָט זיך נישט אָנערקענט פאַר באַזיגט און דער צערייצטער פּויפּסט האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אין אַ בייזער בולאַ קעגן יידן. אין דער בולאַ האָט ער באַפוילן: אויסזוכן און פאַרברענען אַלע עקזעמפּליאַרן פון דעם „גאָט־לעסטערנדיקן" תלמוד, ווי אויך אַלע פּאָלעמישע ביכער קעגן קריסטנטום; איבערלאָזן פאַר יידן אין יעדער שטאָט נאָר איין איינציקע שיל; מיט אַלע מיטלען אָפּזונדערן יידן פון קריסטן; קריסטן זאָלן נישט באַדינען יידן אַפילו מיט דער מינדסטער זאַך, ווי למשל אויסלעשן די ליכט שבת, צווינגען די יידן צו הערן נישט ווינציקער פון דריי מאָל אין יאָר די מיסיאָנערישע דרשות. נאָר די דאָזיקע אכזריותדיקע באַפעלן איז נישט באַשערט געווען דורכגעפירט צו ווערן אין לעבן. ווייל באַלד נאָכדעם האָט דער קירכן־קאָנגרעס אַראָפּגעוואָרפן בענעדיקטן פון זיין פּאָסטן און אויסגעקליבן ווי אַ פּויפּסט מאַרטין דעם פינפטן, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו יידן מער פריינטלעך און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל יידן נישט אָנרירן, „ווייל זיי

זיינען באַשאַפן געוואָרן מיט דעם צלם אלהים און דאָס רעשט פון דעם פאָלק וועט נאָך אַמאָל זוכה זיין צו גאָטס גענאָד". בענעדיקטס פריינט האָבן אים באַלד פאַרלאָזט און אייניקע פון זיי, ווי יהושע לאָרקי, זיינען געשווינד אַראָפּ פון דער סצענע.

נאָך די בלוטיקע מאַנאַטן, וואָס די קאַסטילישע יידן האָבן איבערגע־לעבט, איז פאַר זיי ווידער געקומען אַ קליינע צייט פון רו און פרידן. די קלעריקאַלע פּאַרטיי, וואָס האָט רעגירט מיטן לאַנד אָנשטאָט דעם יונגן קעניג, איז בטל געוואָרן און דער קעניג פון קאַסטיליע כואַן דער צווייטער איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער הערשער (1420). אָנפירער פון דער אינערלעכער פּאָליטיק איז געוואָרן דער ליבעראַל אַלוואַראָ דעלונאַ, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווי ווייט שעדלעך עס איז פאַרן לאַנד די קלעריקאַלע פּאָליטיק. ער האָט געזען די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דעם קלעריקאַלן טעראָר: הונדערטער יידישע קהלות זיינען חרוב געוואָרן, די אינדוסטריע־לע געביטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די יידן, זיינען איצט געפאַלן, און די מלוכה־פינאַנצן, וואָס זיינען פריער געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה אַ דאַנק די פעאיקייטן פון די יידישע באַנקירן און צינזן־אָפּקויפער, זיינען איצט זייער פאַרפלאָנטערט געוואָרן. דאָס האָט פאַר־שטאַנען די נייע רעגירונג און זי האָט באַשלאָסן צוריקצושטעלן דעם שלום אין לאַנד. יידן האָבן צוריקבאַקומען זייערע רעכטן, די פעאיקע יידישע אונטערנעמער זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אָנצונעמען אין אַרענדע אייניקע רעגירונגס־הכנסות און די יידישע געמיינדעס האָבן באַקומען די מעגלעכ־קייט צוריקצושטעלן און איינאָרדענען זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אַ גרויסן איינפלוס ביים הויף האָט באַקומען דער יידישער כלל־טוער אברהם בנבנשתי, הויפּט־רב פון די קאַסטילישע יידישע קהלות. ער האָט אָפיציעל פאַרוואַלטעט מיט אַלע יידישע אָנגעלעגנהייטן און איז אויך געווען זייער הויפּט־ריכטער אין גייסטיקע און ציווילע משפטים. בענוועניסטע האָט געהאַט פאַר זיך זיך אַ שווערע אויפגאַבע. ער האָט געדאַרפט צוריק אויפבויען דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס איז צוליב די פּאָגראָ־מען און רדיפות רואינירט געוואָרן. אין פיל שטעט איז אַפילו נישט געווען קיין שיל צום דאַווענען, ווייל בעת דעם טעראָר זיינען אַ סך שילן פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין קירכעס. די געזעלשאַפטלעכע דיסציפּלין איז געפאַלן, אומעטום האָט געהערשט אַ דעמאָראַליזאַציע און אָפּגעלאָזנקייט. די יידן,

וואָס האָבן אָנגעקליבן פיל עשירות האָבן געלעבט אַ גוטן טאָג און אַרויס־געוואָרפן קנאה ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, די מאַסע, ווידער, האָט געהונגערט און געליטן נויט. דאָס אַלץ האָט געצוואונגען בנבנשתין צונויפ־צורופן, מיט דער דערלויבעניש פון קעניג, אַ רבנים־צוזאַמענפאַר אין וואַ־ליאַדאָליד (1432). לויט דער אַלטער אויטאָנאָמיע פון די יידישע געמיינ־דעס האָט מיט יעדער קהלה אָדער קהל פאַרוואַלטעט אַ קאָמיטעט פון אויס־געוויילטע, וואָס האָט זיך איינגעטיילט אויף פאַרשידענע קאַטעגאָריעס: קאַסירער, רעוויזאָרן אאַז״וו. דאָס גייסטיקע קאָלעגיום איז באַשטאַנען פון רב און דינים. דאָס דאָזיקע קאָלעגיום האָט געהאַט אַלע רעכטן פון אַ גע־ריכט; אין אים פלעגן באַטראַכט ווערן אַלע פּראָצעסן מיט דער באַטייליקונג פון די וועלטלעכע פאָרשטייער. דער העכסטער פאָרשטייער אין דעם קאָלעגיום איז געווען דער הויפּט־ריכטער אין יענער צייט — אברהם בנ־בנשתי. אָט די אַלע פאָרמען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג זיינען איצט צוריק־געשטעלט געוואָרן דורכן צוזאַמענפאָר פון די רבנים, נאָר עס זיינען נאָך צוגעגעבן געוואָרן אייניקע הוספות לויט דעם גייסט פון דער צייט. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ ריי מיטלען צו פאַרפעסטיקן די אויטאָ־ריטעט פון די רבנים, מער פאַרשפרייטן דאָס לערנען תלמוד און דער־ציען די קינדער אין יידישן גייסט. פאַר אַ מסירה האָט מען איינגעפירט די שטרענגסטע שטראָפן. יידן, איבערהויפּט פרויען, איז פאַרבאָטן געוואָרן צו גיין אין רייכע קליידער, טראָגן זיידענע מלבושים מיט שלייפן פערל, בראַסלעטן און בכלל לעבן אין לוקסוס, כדי נישט אַרויסצורופן קיין קנאה ביי דער אָרעמער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די יידנפיינטלעכע פּאַרטיי האָט נישט געקאָנט צוזען אָן פאַרדראָס, ווי אַזוי די באַציאונגען צווישן דער רעגירונג און יידן ווערן אַלץ בעסער און ווי די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די יידישע קהלות ווערט צוריק אויפ־געבויט; זי האָט דעריבער ווידער אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע קעגן יידן. מיט דער אַגיטאַציע האָבן אָנגעפירט די זין פון משומד פּאַבלאָ פון בור־גאָס, צווישן וועלכע איינער, אַלפאָנסאָ, האָט איבערגענומען בירושה פון פאָטער די שטעל פון בישאָף. אויפן באַרימטן באַזעלער קירכן־קאָנגרעס, וואו אַלפאָנסאָ איז געווען אַ מיטגליד, האָט ער ווידער דערוועקט די יידנ־פראַגע און געפּועלט, אַז עס זאָלן ווידער אַרויסגעגעבן ווערן די אַלטע קאַנאָנישע געזעצן קעגן יידן. דער באַשלוס פון קאָנגרעס איז באַשטעטיקט

געוואָרן דורכן פּויפּסט עאוגעניוס דער פערטער, וועלכער האָט וועגן דעם מודיע געווען אין אַ ספּעציעלער בולאַ צום פאָלק. יידן איז ווידער פאָרגע־שטאַנען אַ גרויסע סכנה. די קאַטוילישע מאַסע איז אונטערן איינפלוס פון דער בולאַ אויפגערייצט געוואָרן און אָנגעהויבן אויסצומיידן יידן. די קריסטלעכע באַדינער ביי יידן האָבן פאַרלאָזן זייערע בעלי־בתים און די פאָגראָם־שטימונג איז ווידער געוואָרן באַשאַפן. דאַן האָט דער קעניג אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אין וועלכן עס ווערט דערקלערט, אַז נישט גע־קוקט אויף דער בולאַ ווערט יידן נישט פאַרבאָטן צו פירן האַנדל מיט קריסטן נאָר באַנוצן יידישע אָדער מוסולמענישע דאָקטוירים דאַרף מען נישט דאָרט, וואו מען קאָן זיך באַגיין אָן זיי. דאָך איז געבליבן אין זיין קראַפט דאָס געזעץ, אַז יידן זאָלן ווייטער וואוינען אין באַזונדערע קוואַר־טאַלן און טראָגן ספּעציעלע מלבושים. אַזוי שטאַרק איז דאַן געווען דער קלעריקאַליזם, אַז אַפילו מלכים האָבן נישט געקענט קעגנשטעלן זיך.

אין יענער פינצטערער צייט האָבן יידן געפונען א שטיקל מנוחה אין פּאָרטוגאַל. בעת די בלוטיקע פּאָגראָמען האָט זיך צום ערשטן מאָל אָנגע־הויבן אַ גרויסע יידישע מאַסן־עמיגראַציע פון שפּאַניע. די יידן האָבן אי־בערהויפּט עמיגרירט אין די דריי נאָענטסטע פּונקטן: פּאָרטוגאַל, דעם דרום־טייל פון גראַנאַדאַ, וואָס האָט זיך דעמאָלט נאָך געפונען אין די הענט פון די מוסולמענער, און צפון־אַפריקע. אין פּאָרטוגאַל האָט זיך די יידן פון שטענדיק אָן געלעבט רואיק; פון ענדע דעם דרייצנטן יאָרהונ־דערט האָבן די יידישע קהלות אין פּאָרטוגאַל באַקומען אַ זעלבסט־פאַר־וואַלטונג. בראש פון די קהלות איז געשטאַנען דער הויפּט־ראַבינער, וואָס איז גערעכנט געוואָרן ווי אַן אָפיציעלע פּערזאָן און געהאַט געריכטלעכע און ציווילע רעכטן. צום ענדע פון פערצנטן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ פאַל, אַז די פּראַגע וועגן פאַרנעמען די שטעל פון הויפּט־רב אין פּאָר־טוגאַל, האָט זיך צוזאַמענגעבונדן מיט דער פּראַגע וועגן טראָן. ווען דער קעניג פערדינאַנד (אין 1383) איז געשטאָרבן, און נישט איבערגעלאָזט קיין געזעצלעכן טראָן־פאַרטרעטער, זיינען געווען צוויי פּרעטענדענטן אויף דער קרוין: זיין אומגעזעצלעכער זון יאָהאַן דע־אַוויע און זיין איידעם, דער קאַסטילישער קעניג כואַן דער ערשטער, וועלכער האָט געהאַט די טאָכטער פון קעניג פערדינאַנד פאַר אַ פרוי. די שוויגער, קעניגין לעאָנאָראַ, איז צוערשט געשטאַנען אויף דער זייט פון איר איידעם, דעם קאַס־

טילישן קעניג. נאָר אין דער צייט האָט זיך געטראָפן, אַז עס איז פריי געוואָרן די שטעל פון פּאָרטוגאַלישן הויפּט־רב און אויך דאָ זיינען געווען צוויי פרעטענדענטן: דאָן־יהודה און דוד נעגראָ, וואָס האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס אין הויף פון פאַרשטאָרבענעם קעניג. די קעניגין לעאָ־נאָראַ האָט געוואָלט דעם ערשטן קאַנדידאַט און געבעטן איר איידעם, ער זאָל באַשטימען ווי הויפּט־רב דאָן־יהודה; דער קעניג האָט שוין אָבער, לויט דער בקשה פון זיין פרוי, געהאַט צוגעזאָגט די דאָזיקע שטעלע דעם צווייטן קאַנדידאַט. דעמאָלט איז די קעניגין לעאָנאָראַ זייער אויפגע־בראַכט געוואָרן און דערקלערט איר איידעם, אז אויב ער קאָן איר אַנט־זאָגן אין אַזאַ קלייניקייט, האָט ער מער נישט צו רעכענען אויף איר שטי־צע. נאָך פיל אינטריגעס האָט דער קעניג געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זיין טראָן צוליב זיין קאָנקורענט. אָבער אויך נאָכדעם איז די יידישע לאַגע אין פּאָרטוגאַל געבליבן גוט. אין דער צייט פון דער סעווילער שחיטה אין 1391 האָבן יידן דאָרט געפונען אַ בית־מקלט און אפילו די אנוסים האָבן דאָ געקאָנט פריי היטן די יידישע אמונה. דער קעניג האָט אויף אַזוי ווייט געשטיצט די יידן, דאָס ווען דער באַרימטער פערער האָט אַהין געוואָלט קומען און פירן זיין געפערלעכע אַגיטאַציע, האָט דער קעניג אים געענט־פערט, אַז ער קאָן קומען אָבער נישט אַנדערש, ווי מיט אַן אָנגעגליטער אייזערנער קרוין אויפן קאָפּ.

די אומרואיקע צייט אין לעבן פון די שפּאַנישע יידן האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט. ווי שטענדיק אין שווערע צייטן, ווען פון אַלע זייטן האָט מען דערקלערט אַ מלחמה דעם יידנטום, האָבן די בעסטע יידן געזוכט מיטלען עס צו פאַרשטאַרקן, און עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ שטרעבונג, פון איין זייט אָפּצוגרעניצן זיך פון דער אַרומיקער וועלט און וואָס מער צו באַפעסטיקן דאָס יידנטום ווי אַ רעליגיע, און פון דער צווייטער זייט צו אַנטוויקלען דאָס יידנטום ווי אַ וועלט־אנשויאונג און באַווייזן, אַז די יידישע אמונה שטייט העכער פון אַלע אַנדערע.

די בעסטע פאָרשטייער פון דער דאָזיקער קאָנסערוואַטיוו־נאַציאָ־נאַליסטישער ריכטונג זיינען געווען די יידישע פילאָזאָפן פון דער דאָזי־קער צייט ר׳ חסדאי קרשקש און ר׳ יוסף אלבו. דער ערשטער (1340 — 1410), וואָס האָט פריער געלעבט אין באַרצעלאָנאַ און דערנאָך אין סאַ־

ראַגאָסאַ, האָט אין דער רבנישער וועלט געשמט ווי אַ גרויסע אויטאָ־ריטעט, און האָט זיך אויך באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין 1391, בעת דער שחיטה אין באַרצעלאָנאַ, האָט ער פאַרלוירן זיין איינציקן זון, זייער אַ שיינעם און פעאיקן בחור, וועלכער האָט זיך געלאָזט בעסער הרגענען, איידער אָנצונעמען די קריסטלעכע אמונה. דער באַטריבטער פאָטער האָט אין זיינס אַ בריוו צום פאָלק וועגן דעם געשריבן מיט הכנעה: „איך האָב אָפּגעגעבן מיין זון ווי אַ קרבן פאַר גאָט. איך נעם אָן גאָטס גערעכטן משפט און טרייסט זיך דערמיט, וואָס אויפן חלק פון מיין זון איז אויסגעפאַלן אַזאַ שיינער טאָט". זיין פערזענלעך גרויסער אומגליק האָט אים דאָך נישט געשטערט, צו פאַרטיפן זיך אין פילאָזאָפישער אַרבעט. ווי אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער אַראַביש־העברעאישער ליטעראַטור האָט ר' חסדאי קרעסקאָס זיך פאַרגענומען, אין גאַנצן הרוב צו מאַכן די דאָזיקע פעסטונג. דאָס האָט ער געטון נישט דערפאַר, ווייל ער איז בכלל געווען אַ קעגנער פון פילאָזאָפיע, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פיל אָנשויאונגען, וועלכע זיינען פרעמד דעם יידנטום און דעריבער דאַרפן זיי אָפּגעוואָרפן ווערן. אין זיין טיפן ווערק „אור אדני" צעשטערט ר' חסדאי יענע פילאָזאָפישע סיסטעמען, וואָס האָבן געפּרואווט צונויפבינדן דאָס יידנטום מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע. שריט ביי שריט באַמיט זיך ר' חסדאי, צו צעשטערן דעם סיסטעם פון רמב"ם, וועלכער האָט צוזאַמענגעפּאָרט דאָס יידנטום מיט אַריסטאָ און מיט דער וועלט־פילאָזאָפיע, און ער באַווייזט, ווי ווייט עס זיינען אַריסטאָס אָנשויאונגען וועגן גאָט, וועלט־אַנטשטייאונג און אומשטערבלעכקייט פון די יידישע אָנשויאונגען. ר' חסדאי האָט בכלל נישט געהאַלטן מיט יענע יידישע חוקרים, וועלכע האָבן געוואָלט פאַראייניקן די רעליגיע מיט דער פילאָזאָפיע, און ער באַהויפּטעט, אַז עס קענען זיין צווייערליי אמתן: אַ פילאָזאָפישער און אַ רעליגיעזער. די אָנהענגער פון דער איבערצייגונג האָט ר' חסדאי אויפגעוואָרפן, אַז זיי זיינען פאַלש און צוויי־פּנימדיק, ווייל עס קענען דאָך נישט זיין קיין צוויי אַנטקעגנגעזעצטע אמתן וועגן איין זאַך. אַ מענטש, וואָס איז מודה, אַז די יידישע רעליגיע איז אַ געטלעכע דערשיינונג, — אַזאַ מענטש האָט שוין גאָרנישט צו טון מיט דער וועלט־פילאָזאָפיע! ווייל אין יידנטום אַליין געפינט זיך שוין אַ גאַנץ אָריגינעלע וועלט־אָנשויאונג.

קוים ווידער איז מען נישט מודה אין דער געטלעכקייט פון דער יידישער תורה, קאָן מען שוין קיין גאַנצער ייד נישט זיין אַזוי, אַז אַ פּשרה צווישן יידנטום און דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיע קען געמאָלט זיין נאָר אויף אַ קינסטלעכן אופן. אין וואָס באַשטייט דער תמצית פון יידנטום? אין קעגנ־טייל צו דער פילאָזאָפיע פון רמב״ם, באַהויפּטעט ר׳ חסדאי, אַז דאָס יידנ־טום פאָדערט פון מענטשן נישט קיין קענטעניש אָדער געדאַנקען, נאָר מעשים, אַ רעאַלע ליבע צו גאָט; נישט די גייסטיקע פאַרפולקאָמונג פון מענטשן איז דער אידעאַל, נאָר די מאָראַלישע. פון די צוויי געבאָטן: „אַנערקען דיין גאָט״ און „זאָלסט ליבן גאָט מיטן גאַנצן האַרצן״ קלייבט ר׳ חסדאי אויס דאָס לעצטע. ער גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז גאָטס השגחה איז נוגע נישט בלויז גאַנצע פעלקער און דורות, נאָר אויך איינצלנע מענטשן. אין די מעשים איז דער מענטש נישט זעלבסטשטענ־דיק, פריי איז ער נאָר אין געדאַנק — באַקומט ער שכר פאַרן גוטן ווילן, פאַרן צופּאַסן זיינע מעשים צו גאָטס געזעצן, צו דער השגחה. ר׳ חסדאי קרעסקאַס נעמט אָן דאָס יידנטום אין גאַנצן און פאַרטיידיקט אפילו אַזעל־כע אמונות, וואָס שטאַמען נישט פון דער תורה, נאָר פון תלמוד און דער אגדה, ווי, למשל, דאָס גלויבן אין שדים.

אין דעם וועג פון ר׳ חסדאי איז אויך געגאַנגען זיין תלמיד יוסף אַלבאָ פון מאָנרעאַל אין אַראַגאָניע (1380 — 1444). אין זיין „עקרים״ באַמיט זיך אַלבאָ צו באַווייזן, אַז דאָס יידנטום איז העכער נישט בלויז פון דער נאַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע, נאָר אויך פון אַלע אַנדערע רע־ליגיעס. ביי זיין גאַנצן קאָנסערוואַטיזם האָט אַלבאָ אָבער דאָך אַרויסגע־זאָגט דעם דרייסטן געדאַנק, אַז די אמונה אין משיח איז נאָר אַ היסטאָ־ריש־נאַציאָנאַלע מסורה, אָבער נישט קיין עיקר פון יידנטום, — בכלל האָט זיך אין יענער צייט פיל פאַרשפּרייט די אַפּאָלאָגעטישע ליטעראַטור, אין וועלכער עס זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן איינע קעגן דער צווייטער די יידישע אמונה מיט דער קריסטלעכער און עס זיינען געבראַכט געוואָרן ראיות, אַז די יידישע רעליגיע שטייט העכער. פיל אויטאָרן פון אַזעלכע ווערק האָבן אויסבאַהאַלטן זייערע נעמען, כדי נישט פאַרפאָלגט צו ווערן פון די קאַטאָליקן. אין איינעם פון די דאָזיקע אַנאָנימע ווערק, אין דער פאָרעם פון אַ וכוח צווישן צוויי מענטשן, געפינט זיך אַזאַ אַפאָריזם: „אין דריי פאַלן ווערט אומזיסט פאַרנוצט וואַסער: שמד־וואַסער ביי אַ יידן;

וואָסער, וואָס פאַלט אַריין אין ים, און וואָסער, וואָס שווימט אַרויף אי־בערן וויין״. דער דאָזיקער אַפאָריזם איז אין יענער עפּאָכע פון געצוואונגענעם שמד געווען שטאַרק פּאָפּולער.

די רבנישע ליטעראַטור פון יענער צייט האָט פאַרמאָגט וויכטיקע כוחות, צווישן וועלכע עס האָט פאַרנומען דעם הויפּט־פּלאַץ ר׳ יצחק בן ששת (ריב״ש, געשטאָרבן אין 1408), וואָס איז געווען רב אין סאַראַגאָסאָ און אין וואַלענסיאָ. נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 1491 האָט ער פאַרלאָזט שפּאַניע און זיך באַזעצט אין אַלזשיר, וואוהין עס זיינען זיך דעמאָלט אַנגעלאָפן פיל יידן פון שפּאַניע. דער דאָרטיקער סולטאַן האָט דעם ריב״ש באַשטימט פאַר הויפּט־רב פון אַלע יידישע קהלות. ווי אין שפּאַניע, אַזוי איז דער ריב״ש אויך אין אַפריקע געווען די גרעסטע יידישע אויטאָריטעט בנוגע צו רעליגיעזע פראַגן און ער פלעגט אַליין מיט זיין אייגענער מיינונג לייזן די האַרבסטע שאלות. נאָך זיין טויט איז אין אַלזשיר געוואָרן הויפּט־רב ר׳ שמעון דוראַן און דערנאָך זיין זון ר׳ שלמה. אין שפּאַניע האָט דעמאָלט געשמט ווי גאון ר׳ יצחק קאַנפאַנטען. פון זיין שול זיינען אַרויס עטלעכע אָנגעזעענע למדנים; אין דער ליטעראַטור איז אָבער פון אים געבליבן נאָר אַ קליינער ספר — ״דרכי התלמוד״.

ענריקע דער פערטער (1454 — 1474) איז געווען דער לעצטער קאַסטילישער קעניג, וואָס האָט זיך נאָך באַצויגן צו יידן מענטשלעך. ער האָט נישט געקוקט אויף די אַלע ״בולעס״ פון פויפּסט און צוגעלאָזט יידן צו געזעלשאַפטלעכע און רעגירונגס־שטעלעס, זיך געהיילט ביי יידישע דאָקטוירים. זיין ביישפּיל האָט נאָכגעטון די העכערע אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער בולאַ, וואָס האָט געדראָט מיט אַ שטרענגער שטראָף און דאָך אָפּגעגעבן יידן אין אַרענדע זייערע גיטער און זיך קורירט ביי יידישע דאָקטוירים. אין 1462 האָבן די ״קאָרטעס״ (שררות־ראַט אין טאָלעדאָ) אפילו פאָרגעלעגט דעם קעניג אַ בקשה וועגן פאַרלייכטערן אייניקע יידישע באַגרענעצונגען, ווייל דאָס שאַדט די אינטערעסן פון די ערד־באַזיצער און אונטערנעמער, און דאַן האָט מען יידן ווידער דערלויבט צו וואוינען אין פיל שטעט, פון וועלכע מען האָט זיי פריער אַרויסגעטריבן. די קלעריקאַלן האָבן אָבער אויך נישט גערוט; זיי האָבן געהיים געפירט זייער ענערגישע אַגיטאַציע און דער נצחון איז ענד־

לעך געקומען אויף זייער זייט. דאָס מאָל האָט זיך דאָס פייער געטראָגן שוין נישט אויף די יידן, נאָר אויף די קעפּ פון די אנוסים.

די פראַגע וועגן די אנוסים איז פון שטענדיק אָן געווען אַ ברענענ־דיקע סיי פאַר יידן, סיי פאַר קריסטן. די לאַגע איז געווען שטאַרק טראַ־גיש; פון די אנוסים האָבן זיך געקענט ראַטעווען נאָר די, וואָס זיינען דערנאָך אין גאַנצן איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די קריסטן און גע־וואָרן אפילו יידישע שונאים, אָדער די, וואָס האָבן אויף שטענדיק פאַר־לאָזט שפּאַניע און עמיגרירט אין אַנדערע לענדער. וואָס האָבן אָבער גע־קאָנט טון יענע פיל טויזנטער אנוסים, וואָס זיינען אָפיציעל געווען קריסטן און אינערלעך געבליבן טריי דעם יידנטום? קוים זיינען זיי קיין שונאים פון יידן נישט געוואָרן, האָבן זיי געמוזט בלייבן שונאים פון קריסטנטום, דען ווי האָבן זיי געקענט זיך באַציען טאָלעראַנט צו אַ רעליגיע, אין נאָ־מען פון וועלכער מען פאַרגיסט אַזוי פיל בלוט, אין נאָמען פון וועלכער מען האָט זיי אַליין אָנגעטון אַזויפיל צרות? די קריסטן האָבן געמוזט שפּירן, אַז די אנוסים זיינען זיי נאָך געפערלעכערע שונאים איידער די אָפענע יידן און נישט אומזיסט האָבן זיי אָנגערופן די אנוסים „מאראַנען" ד"ה פאַרשטויסענע, אָדער „חזירים". דער קעגנזייטיקער האַס צווישן די קריסטן און די אַנוסים האָט געמוזט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשטאַרקט און פאַרשאַרפט ווערן, נאָר פאַר די קריסטן איז קיין סוד נישט געווען, אַז די אנוסים זיינען טריי זייער יידישער אמונה, אַז ווי נאָר זיי רייסן זיך אַרויס פון דער קירכע און גייען צו זיך אַהיים, ווערן זיי פּולקאָמע יידן, היטן שבת, יום־טוב, גיבן געלט פאַר יידישע שולן אאז"וו. אין דער זעל־בער צייט האָבן די אנוסים, צווישן וועלכע עס זיינען געווען פיל רייכע און געבילדעטע לייט, דאָך זיך באַפריינדעט מיט דער העכערער געזעל־שאַפט, און באַקומען שטעלעס אין מיליטער, אין דער רעגירונג, אפילו אין דער קירכן־היעראַרכיע. עס זיינען געווען אַ סך געשמדטע יידן מיניסטאָרן, גענעראַלן, בישאָפן און דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך אַזוי קונציק פאַרמאַסקירט, אַז זיי האָבן געקאָנט געהיים בלייבן ביי זייער יידנטום. דערפאַר האָט די קלעריקאַלע פאַרטיי פאַרשטאַנען, אַז די מאראַנען זיינען פאַר זיי פיל מער געפערלעך, איידער די יידן, און דעריבער דעם גרעסטן פייער אָנגעווענדט קעגן זיי.

די ערשטע פאָלקס־באַוועגונג קעגן די מאראַנען איז פאָרגעקומען

אין 1449 אין טאָלעדאָ. אונטער דעם איינפלוס פון אַ גלחישער דרשה איז דער אונטערגעהעצטער המון באַפאַלן דאָס הויז פון אַ רייכן יידן, צעראַ־בירט זיין פאַרמעגן און דערנאָך זיך געלאָזט אויף דעם קוואַרטאַל פון די אנוסים. די לעצטע האָבן געפּרואוווט אַרויסווייזן אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד, נאָר זיינען באַזיגט געוואָרן און דערנאָך האָט מען פיל פון זיי געהאָנגען. נאָך אַ גרעסערער אָנפאַל איז שפּעטער פאָרגעקומען אין קאָר־דאָבאַ; דאָרט האָבן די קלעריקאַלן געגרינדעט אַ געזעלשאַפט מיטן נאָמען „קריסטלעכע ליבע", וואוהין מען האָט נישט אַריינגענומען קיינעם פון די מאַראַנען, אפילו די הויכגעשטעלטע פּערזאָנען. עס איז דעריבער פאָר־געקומען, אַז די געזעלשאַפט האָט אַמאָל איינגעאָרדנט אַ פּראָצעסיע אי־בער די גאַסן, האָבן די מאַראַנען פאַרמאַכט זייערע הייזער און נישט אַרויסגעשטעלט קיין צירונג לכבוד די הייליקע בילדער. דאָס האָט זייער אויפגעבראַכט דעם המון און צום אומגליק האָט גראָד דאַן אַ קינד פון אַ מאַראַנישן הויז אין דער גאַס, איבער וועלכער עס איז געגאַנגען די פּראָ־צעסיע, אויסגעגאָסן דורכן פענצטער אַביסל וואַסער. עס האָט באַלד זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס האָבן יידן אויסגעגאָסן עפּעס אַ שטינקענ־דיקע פליסיקייט, וואָס איז פּונקט געפאַלן אויף דעם בילד פון דער געט־לעכער מוטער. מיט אָנגעצונדענע פאַקעלן האָט דער צעבושעוועטער המון זיך אַ לאָז געטון אויף די הייזער פון די מאַראַנען און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שחיטה, וואָס האָט געדויערט דריי טעג. די אַדמיניסטראַציע איז נישט אימשטאַנד געווען עפּעס צו טון און דער המון האָט אָן שטערונג געראַבעוועט, געהרגעט, און געשענדט פרויען. באַלד האָט זיך דאָס פייער פון די פּאָגראָמען פאַרשפּרייט איבער אַנדערע שטעט און אין גיכן האָט די עפּידעמיע פון מאַראַנען־שחיטות אַרומגעכאַפּט גאַנץ קאַסטיליע. פיל טויזנטער מאַראַנען זיינען דאַן געהרגעט געוואָרן, און אין פיל שטעט זיי־נען די גאַסן געווען איבערפולט מיט הויפנס פון טויטע קערפּערס.

נאָך פיל ערגער איז די לאַגע געוואָרן פון דעם מאָמענט, וואָס פער־דינאַנד דער קאַטאָליק, קעניג פון אַראַגאָניע, און איזאַבעלאַ, קרוין־פּרינ־צעסן פון קאַסטיליע, האָבן חתונה געהאַט אוןביידע מלוכות האָבן זיך פאַראייניקט. פון יענעם מאָמענט הייבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין דער שפּאַנישער געשיכטע. די פאַראייניקונג פון אַראַגאָנישן דעספּאָט מיט דער פרומער און פאַנאַטישער קאַסטילישער קעניגן — דאָס איז געווען אַ

פאָלקאָמער נצחון פון פינצטערן קלעריקאַליזם. מען דערציילט, אַז נאָך מיידלווייז האָט איזאַבעלאַ צוגעזאָגט איר גייסטלעכן דערציער טאָרקווע־מאַדאַ, אַז ווען זי וועט אַרויפטרעטן אויפן טראָן, וועט זי איר גאַנץ לעבן אָפּגעבן, כדי אויסצורוימען די אפּיקורסים און אומגלויביקע פון שפּאַניע און זי האָט איר הבטחה ערלעך דערפילט. כדי צו קעמפן מיט די מאַראַ־נען האָבן די קלעריקאַלן שוין זיך נישט באַנוגנט מיט די אַלטע מיטלען: אַנרייצן די פינצטערע מאַסן. זיי האָבן איצט געוואָלט פירן קעגן די מאַ־ראַנען און אומגלויביקע אַ סיסטעמאַטישן קאַמף, כלומרשט אויפן גרונט פון געזעץ מיט דעם הסכם פון דער קעניגלעכער מאַכט. די קעניגלעכע מאַכט אין שפּאַניע איז ביז איצט געשטאַנען אויף דער זייט פון די קלערי־קאַלן און זיי איז נאָר געבליבן אויסצופועלן אַ הסכמה אויך אין רוים, ביים פּויפּסט. אַ דאַנק דער ענערגישער אַגיטאַציע פון די פרומע דאָמיני־קאַנער אין רוים האָט דער פּויפּסט סיקסט דער פערטער אין יאָר 1478 גע־געבן זיין איינשטימונג, צו גרינדן אין שפּאַניע אַ ספּעציעלן מין געריכט, וואָס זאָל משפּטן די אַלע, וועלכע פאַרראַטן די קאַטוילישע רעליגיע, אי־בערהויפּט די מאַראַנען. די קעניגן האָט צוערשט זיך געקווענקלט און נישט געוואָלט איינפירן דאָס דאָזיקע שרעקלעכע געריכט, וואָס האָט געדאַרפט אָפּשיקן אויף יענער וועלט טויזנטער מענטשן, נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז איינער פון די מאַראַנען האָט אַרויסגעלאָזט אַ בוך קעגן קריס־טנטום און דאַן האָט געפּלאַצט דאָס געדולד פון די קלעריקאַלן און דער פרומער קעניגן און עס איז געוואָרן געגרינדעט (1480) דאָס שרעקלעכע געריכט אונטערן נאָמען „נאַציאָנאַלע אינקוויזיציע”.

דאָס ערשטע אינקוויזיציע־געריכט איז איינגעפירט געוואָרן אין סע־ווילאַ, ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די מאַראַנען, וועלכע מ'האָט חושד געווען, אַז זיי היטן אָפּ די יידישע רעליגיע. אַלע קריסטן האָבן באַ־קומען אַ באַפעל, צו מעלדן דער אינקוויזיציע וועגן יעדן אומגלויביקן, וואָס איז זיי באַקאַנט, דען אַנדערש וועט מען ווערן שטרענג באַשטראָפט. דער־נאָך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אינסטרוקציע פון 57 פּונקטן, ווי אַזוי צו שפּיאָנירן די אפּיקורסים און מאַראַנען. יעדער פרומער קריסט איז גע־וואָרן פאַרפליכטעט, מודיע צו זיין דער אינקוויזיציע וועגן יעדן מאַראַן, וואָס היט אָפּ נישט בלויז די וויכטיקע יידישע מצוות, נאָר ווערט געכאַפּט אין אַזעלכע שרעקלעכע חטאים, ווי וואַשן זיך פאַרן עסן, זאַלצן פלייש,

אָנטון שבת ריינע וועש, שטיין מיטן פּנים צו מזרח בשעתן גאָטס־דינסט אאז״וו. אַזעלכע מסירות האָט די אינקוויזיציע אָנגענומען פון יעדן איינ־ציקן אָן אַ שום חקירה ודרישה און געהאַלטן זיי בסוד. דער שפּיאָנאַזש איז דעריבער אויסגעוואקסן ביז אַ שרעקלעכער מאָס. די מאַראַנען האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע קרובים פון דער העכערער שפּאַנישער אַריסטאָ־קראַטיע און באַשלאָסן, צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד דער אינק־וויזיציע. נאָר די דאָזיקע איז געוואָרן אַנטדעקט און די מאַראַנען איז נאָר געבליבן צו אַנטלויפן פון סעוויליאַ. פיל מאַראַנען פון פאַרשידענע שטעט זיינען אַנטלאָפן קיין קאַדיז מיט דער האָפנונג, אַז דאָרט וועלן זיי בלייבן אומבאַשטראָפט. נאָר די דאָרטיקע מאַכט האָט באַקומען אַ באַפעל, צו פאַרהאַלטן די אַנטלאָפענע, וועלכע מען האָט אַרעסטירט געבראַכט קיין סעוויליאַ און אָפּגעגעבן אין רשות פון דער אינקוויזיציע.

באַלד זיינען אַלע תּפיסות אין סעוויליאַ איבערפולט געוואָרן מיט אַזעלכע אַרעסטאַנטן. די אומגליקלעכע מאַראַנען האָט מען שרעקלעך גע־פּייניקט און געצוואונגען, זיי זאָלן זיך מודה זיין סיי אין זייערע אייגענע חטאים, סיי אין די חטאים פון זייערע קרובים און באַקאַנטע. דעם זעקסטן פעברואַר 1481 איז ביי אַ פייערלעכער צערעמאָניע פאַרגעקומען דער ערשטער אויטאָ־דע־פע (אַקט פון גלויבן) אין סעוויליאַ: זעקס מאַראַנען האָט מען לעבעדיקערהייט פאַרברענט אויפן פייער. אין עטלעכע טעג אַרום איז געוואָרן דערמאָרדעט די צווייטע גרופּע מאַראַנען און דערנאָך זיינען די טויט־שטראָפן געוואָרן אַלץ אָפטער. אין משך פון צען מאָ־נאַטן זיינען אין סעוויליאַ אליין פאַרברענט געוואָרן דריי הונדערט מאַראַ־נען, נישט גערעכנט די, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו אייביקער תּפיסה. פיל פון זיי זיינען געשטאָרבן העלדיש און ביז צום סוף נישט געלייקנט, אַז זיי זיינען געווען יידן, דאָס פאַרמעגן פון די דערמאָרדעטע איז געוואָרן קאָנפיסקירט לטובת דער רעגירונג און אויף אַזאַ אופן איז די רעגירונג געווען פאַראינטערעסירט, אַז עס זאָלן פאַרמשפּט ווערן צום טויט וואָס מער מאַראַנען. אין 1482 האָט די אינקוויזיציע אין סעוויליאַ פאַרעפנטלעכט אַן „אַקט פון גנאַד“, אין וועלכן עס איז דערקלערט גע־וואָרן ,אַז אַלע מאַראַנען, וואָס וועלן קומען צו אַ באַשטימטן טערמין און זיך מתוודה זיין אין זייערע חטאים, וועלן באַגנאַדיקט ווערן. פיל פון די מאַראַנען האָבן נאַאיוו געגלויבט אין דער הבטחה און זיינען געקומען

און זיך מודה געווען, אַז זיי זיינען ווירקלעך ביז איצט געשטאַנען אין באַציאונגען מיט יידן, אָבער דאָ האָט די אינקוויזיציע־מאַכט פון זיי גע־פאָדערט, אַז זיי זאָלן אַרויסגעבן זייערע קרובים און באַקאַנטע, וואָס היטן די יידישע רעליגיע. די, וואָס האָבן דאָס נישט געוואָלט טאָן, זיינען איינ־געזעצט געוואָרן אין תפיסה און אוממענטשלעך געפּייניקט געוואָרן.

די אכזריות פון דער אינקוויזיציע איז געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו דער פּויפּסט איז אריינגעפאַלן אין אַ שרעק, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן די מוראדיקע ענוים פון די אינקוויזיטאָרן. ער האָט דאַן זיך גע־ווענדעט צום שפּאַנישן קעניג מיט אַן אָנווייזונג, אַז מען דאַרף זיך נישט אַזוי מערדערלעך באַגיין מיט די מאַראַנען און דערביי האָט דער פּויפּסט מרמז געווען, אַז די אינקוויזיציע אַרבעט נישט אַזוי פיל פון יראת שמים וועגן, ווי צוליב דעם פאַרמעגן, וואָס ווערט קאָנפיסקירט נאָכן טויט פון די מאַראַנען. אין דער זעלבער צייט האָט דער פּויפּסט אָבער באַשטעטיקט נייע זיבן אינקוויזיטאָרן פאַר שפּאַניע, צווישן זיי אויך דעם באַרימטן טאָרקוועמאַדאָ.

אין אָקטאָבער 1483 איז דער „אומשטערבלעכער" טאָרקוועמאַדאָ באַשטימט געוואָרן ווי „גענעראַל־אינקוויזיטאָר" אין שפּאַניע און פון דעמאָלט אָן איז די אינקוויזיציע אין שפּאַניע געוואָרן נאָך פיל שרעק־לעכער. טאָרקוועמאַדאָ האָט אין זיך פאַראייניקט דעם טאַלאַנט פון אַ געניאַלן שפּיאָן צוזאַמען מיט אַן אומגעוויינלעך דעספּאָטישן כאַראַקטער. ער האָט אויסגעאַרבעט אינסטרוקציעס פאַר די אינקוויזיטאָרן, אנטוויקלט אַרום זיך אַ גאַנצע אַרמיי פון שפּיאָנען און איינגעאָרדנט אַ קונציקע נעץ, צו פאַרכאַפּן די אומגליקלעכע מאַראַנען. ווער עס איז נאָר אריינגעפאַלן אין דער נעץ, איז שוין אַ לעבעדיקער נישט אַרויס. דאָרט, וואו עס זיינען נישט געווען גענוג ראיות צו באַווייזן די שולדיקייט פון די מאַראַנען, האָט מען די שולד „באַוויזן" דורך שרעקלעכע ענוים. אונטער די שרעק־לעכע ענוים האָבן די אומגליקלעכע געמוזט מודה זיין זיך אין זייערע חטאים און אויך אַרויסגעבן זייערע אייגענע עלטערן און קינדער, אַזוי אַז יעדער פּראָצעס האָט באַשאַפן נאָך פיל אַנדערע פּראָצעסן, און יעדער אַרעסט האָט געבראַכט צו פיל נייע אַרעסטן. טאָרקוועמאַדאָ האָט פאַר־קלענערט די שטראָף נאָר פאַר יענע מאַראַנען, וועלכע זיינען מיטן גוטן ווילן אליין געקומען און זיך מתודה געווען אין זייער פאַרברעכן. די,

ווידער, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן דורך די אַגענטן פון דער אינק־וויזיציע, זיינען פאַרשמאַכט געוואָרן אין די טורמעס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון פינסטערע היילן און זיי זיינען געוואָרן שרעקלעך געפייניקט, אַז דער טויט איז פאַר זיי שוין געוועזן פיל ליבער. די טויט־שטראָף איז באַשטאַנען נאָר אין פאַרברענען אויפן פייער („אָן בלוט־פאַרגיסונג״, ווי עס האָט באַפוילן דער שרעקלעכער אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ). די מאַראַנען, וואָס האָבן אויך פאַרן טויט נישט געוואָלט תשובה טאָן, האָט מען צוגעבונדן צו אַ סטויפּ אין מיטן שייטערהויפן און לעבעדיקערהייט פאַרברענט. מיט די, ווידער, וואָס האָבן פאַרן טויט יאָ תשובה געטאָן, האָט מען געטאָן אַ חסד: זיי האָט מען פריער דערשטיקט און דערנאָך פאַרברענט.

אויסער סעווילִיאַ זיינען געגרינדעט געוואָרן אינקוויזיציעס נאָך אין אַנדערע שטעט און פון די נייע אינקוויזיטאָרן האָט זיך אויסגעצייכנט פּעדראָ דע־אַרבועס, הויפּט אינקוויזיטאָר פון אַראַגאָניע. ער האָט באַנוצט קעגן די מאַראַנען אַזעלכע שרעקלעכע מיטלען, אַז ער האָט אַרויסגערופן קעגן זיך אַן אַלגעמיינע אויפרעגונג אפילו צווישן די קריסטן. די אויפ־געבראַכטע מאַראַנען האָבן קעגן אים געמאַכט אַ פאַרשווערונג און איין מאָל, ווען דע־אַרבועס איז געגאַנגען איינער אליין אין קירכע אריין מתפלל זיין, זיינען אַהין אריינגעדרונגען דריי מאַראַנען און אים דערשטאָכן אויף טויט אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַרן אַלטאַר. די דאָזיקע פאַרשווערונג האָט אָבער געבראַכט נאָר דערצו, אַז די אינקוויזיציע איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן, און די אַרעסטירטע פאַר־שווערער זיינען געשטאָרבן מיט אַ שרעקלעכן טויט. די צאָל פון די אַרעסטן אין גאַנץ אַראַגאָניע האָט זיך פאַרגרעסערט. איינער פון די דאַמאָלטדיקע יידישע מגידים יצחק עראמה, דער „בעל עקדה״, שרייבט: „אין גאַנץ שפּאַניע מיט אירע אינדזלען גייט ביז צום הימל דער רויך פון די הויפנס פייער, אויף וועלכע מען פאַרברענט די מאַראַנען. אַ דריטל פון זיי איז שוין אומגעקומען אין פייער, אַ דריטל איז זיך צעלאָפן און באַהאַלטן זיך אין פאַרשידענע ערטער, בשעת די איבעריקע לעבן אין שטענדיקן פחד, ווען זיי זעען צו דאָס, וואָס קומט־פאָר פאַר זייערע אויגן״.

טאָרקוועמאַדאָ האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן נאָר ברענען אויפן פייער און פייניקן, נאָר נישט איינפלאַנצן קיין „ליבע״ צו דער

קריסטלעכער רעליגיע, אין נאמען פון וועלכער מען האט אפגעטון אזעלכע שרעקלעכע מעשים, און ער האט זיך גענומען צום תוך, אונטערגעגראבן דעם ווארצל, פון וועלכן די מאראנען האבן געצויגן זייער קראפט און מוט, דאס הייסט די יידישע רעליגיע אליין. כדי אונטערצוברענגען די יידישע רעליגיע, האט מען אבער פריער געמוזט פארניכטן די יידן, דען טארקוועמאדא האט גוט געוואוסט, אז וואס גרעסער עס איז דער דרוק, אלץ שטארקער ווערט דער ווידערשטאנד, און אויב פיל פון די מאראנען קאנען ניט ביישטיין דעם גרויסן נסיון און שרעקנדיק זיך פאר דעם אכזריותדיקן טויט מוזן זיי זיך אונטערגעבן, דערפאר ווערט אבער, ווי שטאל און אייזן, שטארק דער כאראקטער פון יענע געציילטע מוטיקע מאראנען, וואס האבן באשלאסן בייצוקומען אלע יסורים ,און פאר זיי ווען שוין קיין שום אינקוויזיציעס ניט העלפן. די דאזיקע מוטיקע מאראנען זיינען ווירקלעך פיל געשטיצט געווארן דורך די יידן, וואס האבן אין דער שטיל אונטערגעהאלטן די באציאונגען מיט זיי, באזארגט זיי מיט כשר עסן, מיט מצה אויף פסח און געהיים געלערנט זייערע קינדער יידישקייט. כדי אונטערצוברענגען דעם ווארצל גופא, איז דעם גרויסן אינקוויזיטאר איינגעפאלן א טייוולאנישער פלאן: מאכן די רבנים פאר שפיאנען, ד"ה פארפליכטן זיי, אז זיי זאלן מודיע זיין דער אינקוויזיציע וועגן יעדן איינציקן מאראן. דאס איז ווירקלעך געווען א שרעקלעכער פלאן, פון וועלכן עס איז אוממעגלעך געווען זיך אויסצודרייען, און די רבנים האבן זיך געקענט העלפן נאר מיט איין זאך: אנטלויפן פון שפאניע. עס האט זיך אנגעהויבן אן אנטלויפן פון די רבנים און די איבעריקע יידן האבן געציטערט, ווען זיי האבן געפילט, אז די שלאנג פון דער אינקוויזיציע וועט באלד אויך זיי דערגרייכן.

צו יענער צייט האט אין שפאניע געלעבט א מענטש, אויף וועלכן יידן האבן געקוקט, ווי אויף זייער מלאך הגואל, ווי אויף זייער איינציקער שטיצע קעגן דעם שרעקלעכן טארקוועמאדא. דאס איז געווען דער באוואוסטער געלערטער און שטאטסמאן דון יצחק אבארבאנעל (אדער אבראבאנעל, 1437־1508). ער איז געווען א זון פון א יידישער אריסטאקראטישער פאמיליע, וואס האט געריכנט איר יחוס פון דוד המלך. אין דער יוגנט האט ער זיך דערצויגן אין ליסאבאן, די הויפטשטאט פון פארטוגאל, וואו יידן האט זיך פון שטענדיק אן געלעבט פיל רואיקער,

ווי אין שפּאַניע. אַ דאַנק זיין גרויסער בילדונג אין יידישקייט און אין וועלטלעכע זאַכן האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל סיי ביי יידן, סיי ביי קריסטן. ער איז געווען אַ פּילזייטיקער געלערטער, פילאָזאָף, רע־ליגיעזער דענקער און צוזאַמען דערמיט אַן אַריסטאָקראַט לויט זיינע מיי־נונגען און זיין דערציאונג. דער פּאָרטוגאַלישער קעניג אַלפאָנס דער פינפטער האָט אים צוגענומען אין הויף אריין און געגעבן אַ שטעלע אין דער רעגירונג. אברבנאלס הויז איז פון דאַן אָן געוואָרן אַ פּונקט, וואוהין עס פלעגן זיך צונויפקומען די פאָרשטייער פון דער בעסטער געזעלשאַפט. נאָר פּלוצלינג, בעת דער טראָן־ענדערונג, האָט אים געטראָפן אַן אומגליק: זיין פריינד, דער הערצאָג דע־בראַגאַסאַ, זייער אַן אָנגעזעענע פּערזאָן אין הויף, איז באַשולדיקט געוואָרן אין אַ פאַרשווערונג קעגן בייעם קעניג יאָהאַן דעם צווייטן און דערפאַר אָפּגעגעבן זיין קאָפּ אויף דער תליה. אַזאַ גורל האָט אויך דערוואַרט אברבנאלן און ער איז אַנטלאָפן קיין קאַסטי־ליען, און איבערגעלאָזט אין ליסאַבאָן זיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס איז קאָנ־פיסקירט געוואָרן דורכן קעניג.

ווען ער האָט זיך באַזעצט אין טאָלעדאָ (1483), האָט אברבנאל זיך גענומען פלייסיק צו זיין ליטעראַרישער אַרבעט און ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן אַ ווערק, וואָס איז שוין לאַנג געווען ביי אים אין קאָפּ: אַ פילאָזאָפיש בוך וועגן יידנטום. נאָר באַלד האָט מען זיך אין הויף דער־וואוסט וועגן די גרויסע פינאַנציעלע פעאיקייטן פון געוועזענעם פּאָרטו־גאַלישן שטאַטסמאַן, און אַזוי ווי די פינאַנצן אין שפּאַניע זיינען דעמאָלט געווען זייער פאַרפּלאָנטערט, האָט מען זיך ניט גערעכנט מיט זיין יידישן שטאַם און אים באַשטימט ווי פאַרוואַלטער פון די מלוכה־הכנסות. אבר־בנאל האָט פיל אויפגעהויבן דעם צושטאַנד פון די שפּאַנישע פינאַנצן. אין די אַכט יאָר, וואָס ער איז געווען אויף זיין שטעל, איז די שפּאַנישע פינאַנציעלע לאַגע געווען גוט. אַ דאַנק דעם האָט שפּאַניע זיך איינגעגעבן צו ענדיקן מיט נצחון די לאַנגע מלחמה, וואָס זי האָט געפירט קעגן דער לעצטער פעסטונג פון דער אַראַבישער הערשאַפט אויף דער פירענעאישער האַלב־אינדזל, גראַנאַדאַ און אברבנאלן, איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער סוף פון דער מלחמה און דער נצחון פון שפּאַניע וועלן האָבן אַזאַ גרויסן באַדייט פאַרן שיקזאַל פון זיינע ברידער.

ווען גראַנאַדאַ האָט זיך אין 1492 ענדלעך אונטערגעגעבן, נאָך אַ

קאַמף פון כמעט אַכט הונדערט יאָר, האָט גאַנץ שפּאַניע דערשפּירט אַן אומגעוויינלעכע התלהבות. די נאַציאָנאַלע שטימונג אין לאַנד האָט זיך שטאַרק געהויבן, אַלע האָבן זיך געפרייט פון דעם פאַקט וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרן פון דער לעצטער אַראַבישער שליטה אויף זייער ערד, און מיט דער דאָזיקער פאָלקס־התלהבות האָט זיך באַנוצט טאָרקוועמאַדאָ, כדי איינצופירן איין־איינציקע רעליגיע אין דער גאַנצער מלוכה און אויס־צוואָרצלען פון שפּאַניע אַלע פרעמדע רעליגיעס. ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן דעם קעניג מיט דער קעניגן, אַז די קאַטוילישע קירכע וועט נאָר דאַן קאָנען אָפּהאַלטן אַ פולקאָמען נצחון, ווען אין לאַנד וועט נישט זיין קיין איינציקע יידישע שול, אַז יידן זיינען שטאַרק געפערלעך, באַזונדערס דערמיט, וואָס זיי ציען אָפּ פון דער קאַטולישער קירך די מאַראַנען, און ער האָט דעריבער געבעטן דעם קעניג, איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור צו ווערן פון יידן און אַרויסטרייבן זיי פון לאַנד. דאָס זאָל אויך זיין אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צו גאָט פאַר דעם גרויסן שפּאַנישן נצחון איבער די אַראַבער. דער קעניג האָט ענדלעך געפאָלגט און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס ווילן זיך ניט שמדן, דאַרפן פאַרלאָזן שפּאַניע אין פאַרלויף פון פיר מאָנאַטן. די אַרויסגעטריבענע ווערט דערלויבט מיט־צונעמען מיט זיך זייער פאַרמעגן, אויסער גאָלד, זילבער און טייערע חפצים, וואָס דאַרפן אָפּגעגעבן ווערן אין אוצר פון דער מלוכה. יעדן קריסט ווערט שטרענג פאַרבאָטן אַרויסצווייזן שטיצע יידן, אָדער אויס־באַהאַלטן זיי נאָך דעם באַשטימטן טערמין.

די איינציקע האָפענונג פון יידן איז געבליבן אברבנאל, וועלכער איז צוזאַמען מיט דעם אָפיציעלן יידישן הויפּט־ראַבינער אברהם סעניאָר אַוועק אין הויף און דאָרט מיט טרערן אין די אויגן געבעטן דעם קעניג מיט דער קעניגן, זיי זאָלן מבטל מאַכן די שרעקלעכע גזירה. אַזוי ווי זיי האָבן גע־וואוסט, אַז אַ גרויסע ראָל האָט דאָ געשפּילט די תאוה פון קעניג צום גאָלד און זילבער, וואָס וועט בלייבן נאָך די אַרויסגעטריבענע יידן, האָבן די יידי־שע דעפּוטאַטן פאָרגעלייגט דעם קעניג אַ גרויסע סומע געלט און יענער האָט שוין געהאַט מסכים געווען אָפּצושאַפן דעם ערשטן באַפעל, אָבער דאָ האָט זיך צום קעניג פּלוצלינג אַריינגעריסן טאָרקוועמאַדאָ מיט אַ קרייץ אין די הענט און זיך געווענדט צום קעניג מיט דער קעניגן, און אויסגעשריגן: „יודאַס האָט פאַרקויפט קריסטוסן פאַר 30 זילבער־שטיק, און איר ווילט

אים פאַרקויפן פאַר 30 טויזנט! נאָט זשע אייך, דאָ האָט איר אים — און פאַרקויפט!״ מיט די ווערטער האָט דער גרויסער אינקוויזיטאָר אַוועקגע־וואָרפן דעם קרייץ און אַרויסגעלאָפן. די דאָזיקע סצענע האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אויף דער פרומער קעניגן. די יידישע שתדלנים האָבן באַקומען אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג און סוף אַפּריל האָבן די העראָלדן און טראָמפּעטער מודיע געווען איבערן גאַנצן לאַנד, אַז יידן ווערט געגעבן אַ טערמין ביז דעם 31־טן יולי 1492 (ז׳ אָב) צו פאַרלאָזן שפּאַניע. ווער עס וועט בלייבן נאָך דעם טערמין דאַרף אָדער געטויפט, אָדער געטויט ווערן.

שרעקלעך טראַגיש איז געווען די לאַגע פון יידן. הונדערטער טוי־זנטער משפחות האָבן געדאַרפט זיך צעשיידן מיט דעם לאַנד, וואו זייערע אורעלטערן האָבן אָפּגעלעבט אַכט הונדערט יאָר, מיט דער ערד, וואָס זיי האָבן, נישט געקוקט אויף אַלע צרות, דאָך הייס געליבט, ווי אַן אמת פאָ־טערלאַנד. דאָ האָבן יידן אין משך פון אַכט דורות געלעבט און געאַרבעט, געשאַפן און זיך באַטייליקט אין אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן; דאָ האָבן זיי אויך געהאַט אַ גייסטיק־נאַציאָנאַלן צענטער; דאָ איז באַשאַפן געוואָרן די יידישע פּאָעזיע, פילאָזאָפיע און דער יידישער אַריסטאָקראַטיזם, און מיט דעם אַלעמען האָבן זיי זיך איצט געדאַרפט שיידן אויף אייביק, זיך לאָזן אין דער וועלט אַריין און דערצו נאָך מאַטעריעל ווערן רואינירט. דער טער־מין איז געווען אַזוי קורץ, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן איינאָרדענען די מאַטעריעלע אינטערעסן; דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן האָט געמוזט בלייבן הפקר. דער גרעסטער טייל יידישע הייזער איז געבליבן אומפאַרקויפט, אין בעסטן פאַל האָט מען אַוועקגעגעבן אַ שיין הויז פאַר אַן אייזל, אָדער אַ שיינעם גאָרטן פאַר אַ שטיק טוך. נישט געקוקט דע־רויף, זיינען יידן געבליבן פעסט און נישט פאַרלאָרן דעם מוט. נאָר גע־ציילטע, צווישן זיי דער אויבנדערמאָנטער ראַבינער אברהם סעניאָר, האָבן זיך אָפּגעשמדט און אַרויסגערופן גרויס פרייד אין הויף. אָבער דער גרעס־טער טייל יידן האָט זיך נישט באַשלאָסן אויף קיין פאַרראַט און בעסער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך געלאָזט איבער דער גרוי־סער וועלט, זוכן אַ נייע היים.

סוף יולי איז געווען דער לעצטער טאָג פון באַשטימטן טערמין, נאָר מיט יידן האָט מען געטון אַ חסד און פאַרלענגערט דעם טערמין אויף 2 טעג, ביז דעם 2־טן אויגוסט 1492. אין יענעם טאָג, פּונקט תשעה באָב,

האָבן קרוב 300.000 יידן, מענער און פרויען, אַלט און יונג, זקנים און קינדער, פאַרלאָזט זייער פאָטערלאַנד. אויסער דעם האָבן נאָך פיל יידן פאַרלאָזט שפּאַניע פאַרן טערמין און דער „מנורת המאור”, רב ר׳ יצחק אַבוהב איז אַוועק אין דער שפּיץ פון פופציק פאָרשטייער פון יידישע קהלות זוכן אַן אָרט פאַר זיי אין פּאָרטוגאַל. עס האָט זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע אויסוואַנדערונג; פאַרן פאַרלאָזן שפּאַניע זײַנען די פאַרטרי־בענע געגאַנגען זיך געזעגענען מיט זייערע עלטערן אויף די בית־עלמינס, גראַנדיעז און שרעקלעך איז געווען די דאָזיקע סצענע. אין משך פון דריי טעג און דריי נעכט זיינען צענדליקער טויזנטער יידן מיט זייערע פרויען און קינדער געלעגן אויף די קברים פון זייערע עלטערן און באַגאָסן זיי מיט הייסע טרערן. פיל האָבן אויסגעריסן שטיקער פון די מצבות און מיטגע־נומען מיט זיך ווי אַ זכר, אָדער געשאָנקען דאָס די איבערגעבליבענע מאַ־ראַנען. די סצענעס זיינען געווען אַזוי האַרצרייסנדיק, אַז אַפילו פיל קריסטן האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געוויינט צוקוקנדיק. די פאַרטריבענע האָבן זיך געלאָזט וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. אַ גרוי־סער טייל האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין נאַווואַראַ און איבערהויפּט קיין פּאָר־טוגאַל; אייניקע זיינען מיטן ים אַוועק קיין איטאַליע, אָדער טערקיי און אַפריקע; אברבנאל מיט אַ גרופּע עמיגראַנטן האָבן זיך באַזעצט אין נעאַ־פּאָל.

טאָרקוועמאַדאַ האָט אין פאַרלויף פון זיין פערצן־יעריקער טעטיקייט פאַרברענט אויפן פייער העכער 8.000 מאַראַנען און פיל טויזנטער אַנ־דערע האָט ער פאַרפּייניקט אין די טורמעס. פון יידן איז מען פּטור גע־וואָרן דורכן גירוש און שפּעטער האָט מען זיך אויך גענומען צו די מו־סולמאַנער און אויך זיי האָט מען געגעבן די ברירה: אָדער זיך טויפן, אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין גיכן האָבן אָבער אַלע איינגעזען, וואָס פאַר אַן אומגליק די אינקוויזיציע איז געווען נישט בלויז פאַר די „אומגלויבי־קע”, נאָר אויך פאַר די שפּאַניער אַליין. אַ פאָלק, וואָס איז דערצויגן גע־וואָרן אויף אינקוויזיציעס און אַכזריות, האָט געמוזט פאַרלירן זיין פעאי־קייט צו שאַפן און צו לעבן קולטורעל. שפּאַניע האָט פאַרלוירן אַזאַ נוצ־לעכן האַנדלס־קלאַס, ווי יידן, וואָס האָבן פיל אויפגעהויבן די שפּאַנישע אינדוסטריע, און אין גיכן, נישט געקוקט אויף די אויסערלעכע נצחונות און אויף דער דעראָבערונג פון די רייכסטע קאָלאָניעס אין אַמעריקע נאָך

קאָלומבוסעס אַנטדעקונג — איז שפּאַניע געוואָרן פאַרלאָזט און פאַראָרימט און האָט אָנגעהויבן פאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער.

אין נאַוואַראַ און פּאָרטוגאַל, וואוהין עס האָבן זיך אַ לאָז געטון די יידישע עמיגראַנטן, האָבן יידן אַ קליינע צייט געפונען מנוחה. דער אויבער־דערמאָנטער ר׳ יצחק אבוהב, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַרן פּאָרטוגעזישן קעניג און געבעטן אַן אָרט פאַר זיינע ברידער, האָט אויסגעפּועלט ביים קעניג אַ דערלויבעניש צו באַזעצן זיך אין פּאָרטוגאַל, פאַר אַן אומגעהויער גרויסער סומע געלט און דאָס נאָר פאַרלויפיק, נישט מער, ווי אויף אַכט חדשים. מער פון דעם טערמין האָבן געקענט דאָרט בלייבן נאָר די יידישע גרויסע קאַפּיטאַליסטן און אייניקע האַנטווערקער. אין פּאָרטוגאַל האָבן זיך דאַן באַזעצט אַן ערך 120.000 יידישע מגורשים; פיל האָבן זיך באַזעצט אין נאַוואַראַ, אָבער אויך דאָרט האָבן זיי נישט געפונען קיין רו. דער שפּאַנישער קעניג האָט זיי אויך דאָ פאַרפאָלגט און געבעטן דעם נאָוואַרער קעניג, אַז ער זאָל ביי זיך נישט דערלאָזן קיין יידן. דאַן האָט מען יידן ווידער פאַרגעלייגט: אָדער שמדן זיך, אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די מאָס פון יסורים איז שוין געווען איבערפולט און פיל האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיך געשמדט, די איבעריקע האָבן גענומען דעם וואַנדערשטעקן און זיך געלאָזט ווייטער.

דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט זיך באַצויגן צו יידן נישט בעסער פון דעם שפּאַנישן. ער האָט זיך מיט יידן באַנוצט, ווען ער האָט זיי גע־דאַרפט, אָבער אין אַלגעמיין האָט ער זיך באַצויגן צו זיי מיט שנאה. לויט דער פאָדערונג פון פּויפּסט האָט ער געגרינדעט אין פּאָרטוגאַל אַן אינקוויזיציע־קאָמיסיע, אויסצוזוכן די מאַראַנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון שפּאַניע, און אין גיכן האָט זיך אים געמאַכט אַ גוטע געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון אַלע יידן מיט אַמאָל. צווישן די פאַרמאַטערטע, אויסגעהונגערטע יידישע מגורשים האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּידעמיע, וואָס האָט צוגענומען צענדליקער טויזנטער מענטשן (ענדע 1492 איז געשטאָרבן ר׳ יצחק אַבוהב) און די פּאָרטוגעזער האָבן אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן אויפן קעניג, פאַרוואָס ער האָט אַריינגעלאָזט אין לאַנד די „דורך גאָט פאַרשאָלטענע" יידן. דאַן האָט מען די יידן אָנגעהויבן אונטעראיילן, אַז זיי זאָלן וואָס גי־כער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. מען האָט זיי געגעבן שיפן און די אומגליקלעכע האָבן זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין. נאָר דאָ האָבן זיך פאַר זיי אָנ־

געהויבן נייע צרות. כדי זיי זאָלן ניט פאַרשלעפּן מיט זיך די עפּידעמיע, האָט מען אומעטום זיי מורא געהאַט אַריינצולאָזן און זיי האָבן געמוזט עטלעכע מאָנאַטן וואַנדערן איבערן ים, פאָרן פון איין אָרט צום צווייטן, זיין אין גאַנצן אין רשות פון די שיפס־קאַפּיטאַנען און מאַטראָסן, וואָס האָבן זיי באַהאַנדלט, ווי שקלאַפן, זיי געמוטשעט מיט הונגער און אָפט אויך צוגענומען ביי זיי די פרויען און טעכטער. איינע אַזאַ שיף האָט פאַר־בלאָנדזשעט צום ברעג פון מאַלאַגאַ, נאָר אַהין האָט מען זיי נישט געוואָלט אַריינלאָזן. דאַן האָט די שיף זיך אָפּגעשטעלט אויפן ים און לויטן באַפעל פון דאָרטיקן בישאָף פלעגן יעדן טאָג קומען אויפן שיף גייסטלעכע און אַגיטירן צווישן די אומגליקלעכע וואַנדערער, אַז זיי זאָלן זיך שמדן. עט־לעכע טעג האָט געדויערט די אַגיטאַציע; און ווען דער בישאָף האָט געזען, אַז עס העלפט נישט, האָט ער באַפוילן, נישט אַרויסצוגעבן די עמיגראַנטן קיין עסן, אפילו ברויט און וואַסער. פינף טעג האָט מען זיי אַזוי געפּיי־ניקט מיט הונגער. פיל האָבן נישט אויסגעהאַלטן און הונדערט מענטשן האָבן ענדלעך זיך געשמדט, נאָר פּופציק האָבן זיך געהאַלטן פעסט ביז צום סוף און זיינען איינציקווייז אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

נאָך ערגער איז געווען דער גורל פון די יידן, וואָס זיינען צוליב מאַנגל אין געלט אָדער אַנדערע סיבות געבליבן אין פּאָרטוגאַל אויך נאָך דעם באַשטימטן טערמין פון אַכט מאָנאַטן. זיי זיינען דערקלערט געוואָרן ווי לייב־אייגענע פון קעניג און צעטיילט געוואָרן צווישן די הויף־לייט. די קליינע קינדער פון די יידן האָט מען אַוועקגעשיקט אויף די ווילדע אינדזל־לען סאַן־טאָמאַס, כדי דאָרט זיי צו דערציען אין קריסטלעכן גייסט, נאָר די קינדער זיינען דאָרט אומגעקומען פון דעם בייזן קלימאַט און פון שלאַנ־גען און עקדישן.

ווען עס איז געשטאָרבן דער קעניג יאָהאַן און די מאַכט איז אי־בערגעגאַנגען צו עמנואל (1495), האָבן יידן אָנגעהויבן האָפן אויף אַ ישועה. עמנואל האָט ווירקלעך נישט שלעכט זיך באַצויגן צו יידן און צו־ריקגעשענקט די פרייהייט יענע עמיגראַנטן, וואָס זיינען דערקלערט גע־וואָרן פאַר שקלאַפן; אָבער דאָ איז אונטערגעקומען אַ פּאָליטישע אינטרי־גע, צוליב וועלכער דער קעניג האָט שאַרף געביטן זיין באַציאונג צו יידן. עמנואל האָט שטאַרק געוואָלט חתונה האָבן מיט דער עלטסטער טאָכטער פון שפּאַנישן קעניג, ווייל ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט אַמאָל זיין דער

יורש פון שפּאַנישן טראָן. פערדינאַנד האָט דערויף מסכים געווען, נאָר געשטעלט אַ באַדינג, אַז עמנואל זאָל אַרויסטרייבן פון זיין לאַנד אַלע יידן. די כלה אַליין האָט אויך אַנדערש נישט געוואָלט מסכים זיין צום שידוך. עמנואל האָט דערויף איינגעשטימט און דעם 25־טן דעצעמבער 1496 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אין פאַרלויף פון צען מאָנאַטן דאַרפן אַלע יידן, סיי די איינגעבוירענע, סיי די אָנגעקומענע פון שפּאַניע, פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אָדער זיך שמדן. דער קעניג האָט זיך פּאַקטיש זייער נישט געוואָלט שיידן מיט די יידן, וואָס זיינען געווען זייער נוצלעך פאַרן לאַנד, און ער האָט געהאָפט, אַז אין משך פון די צען מאָנאַטן וועט זיך אים איינגעבן איבער־צוריידן די יידן, זיי זאָלן זיך שמדן. ווען ער האָט אָבער געזען, אַז דאָס גייט נישט, האָט ער זיך באַשלאָסן אויף אַ טייוולאָנישן פּלאַן, כדי מיט געוואַלד אָפּצושמדן אַלע יידן. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָבן יידן זיך אונטערגעאיילט און נאָך פאַר דעם טערמין זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס האָט זייער אויפגעבראַכט דעם קעניג און ער האָט באַ־פוילן, צו מאַכן אַן אָנפאַל אויף די יידן אין ליסאַבאָן, וואָס זיינען שוין געווען גרייט אין וועג אַריין, צוצונעמען ביי זיי זייערע קינדער יינגער פון 14 יאָר, מיט געוואַלד זיי אָפּשמדן און אָפּגעבן אויף דערציאונג צו קריסט־לעכע פאַמיליעס. דאָ זיינען פאָרגעקומען שרעקלעכע סצענעס: פיל קינדער האָט מען געשלעפּט ביי די האָר אין קירכע אַריין און אָפּגעשמדט; די על־טערן זיינען, ווי משוגעים, מיט יללות נאָכגעלאָפן זייערע קינדער; אייני־קע האָבן באַלד אויפן אָרט דערשטאָכן פריער די קינדער און דערנאָך זיך אַליין; אַנדערע האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיך געשמדט, אַבי נישט צו שיידן זיך מיט די קינדער.

אין האַרבסט 1497 איז געקומען דער לעצטער טערמין. אין פּאָרט פון ליסאַבאָן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַן ערך 20 טויזנט יידן, וואָס זיינען געווען פאַרטיק צו פאַרלאָזן דאָס גיהנם־לאַנד, נאָר דאָ האָט מען די שרעק־לעכע ענוים געפירט נאָך ווייטער: מען האָט זיי פאַרהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז עס איז פאַריבער דער לעצטער טערמין, און דאַן האָט מען זיי דערקלערט, אַז אַזוי ווי זיי האָבן דורכגעלאָזט דעם טערמין, זיינען זיי שוין איצט שקלאַפן פון קעניג און ער קען איצט טון מיט זיי, וואָס ער וויל. מען האָט זיי פאָרגעלייגט זיך צו שמדן און די, וואָס האָבן נישט געוואָלט, האָט מען געפייניקט מיט הונגער. נאָר ווען דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָט

מען ווידער זיי געשלעפּט פאַר די האָר אין דער קירכע אַריין. פיל האָבן זיך אויפן וועג אויסגעריסן און זיך געוואָרפן אין וואַסער, אָדער אַראָפּ־געשפּרונגען פון דאַך, נאָר דאָס רוב האָבן לפּנים זיך געשמדט, כדי ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו אַנטלויפן פון לאַנד. די אַנטלאָפענע זיינען אַוועק קיין טערקיי און קיין צפון־אַפריקע, אָבער נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט דערגרייכט דעם ציל. פיל זיינען אויפן וועג אויסגעשטאָרבן פון הונגער און מאַטערניש, אַנדערע זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון גזלנים און פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן.

אָט אַזוי איז אונטערגעגאַנגען דער יידישער קולטורעלער צענטער אויף דעם פּירענעאישן האַלב־אינדזל. און די יללות פון די פאַרטריבענע און געפייניקטע, צוזאַמען מיט די קלאָג־לידער און קרעכצן פון חורבן, וועלן נאָך לאַנג, לאַנג אָפּקלינגען אין דער יידישער ליטעראַטור און איבערלאָזן אַ טיפן שפּור אין דער פּסיכאָלאָגיע פונעם גלות־יידן. אָבער דאָס יידנטום איז ווידער פאַרבליבן; דער יידישער גייסטיקער צענטער ווערט אַריבער־געטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט, און דאָרט ווערט ווייטער געשמידט די אייביקע קייט פון דער נאַציאָנאַלער יידישער קולטור.

# קאַפּיטל צוויי

## דער נייער צענטער אין טערקיי

דאָס אַרויסטרייבן יידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל איז געווען אַ געשעעניש פון דער גרעסטער וויכטיקייט אין דער געשיכטע פון יידן אין אַלע לענדער. דער קולטורעלער יידישער צענטער, וואָס האָט זיך פינף הונ־דרט יאָר געהאַלטן אין שפּאַניע, איז איצט געפאַלן און די שפּאַנישע יידן אַליין האָבן געמוזט ווידער נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך לאָזן אין גלות. דאָס האָט געמוזט ברענגען צו וויכטיקע רעזולטאַטן פאַר דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע, און אומעטום, וואו יידן האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם גרויסן אומגליק פון די שפּאַנישע יידן, איז געוואָרן אַ יללה און אַ טרויער. זיי האָבן פאַרשטאַנען ווי געהעריק אָפּצושאַצן די רעזולטאַטן פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן נאַציאָנאַלן אומגליק; אין די אויגן פון אַלע יידן אין דער וועלט זיינען די שפּאַנישע ברידער באַטראַכט גע־וואָרן, ווי די איידלסטע, די שענסטע, — די יידישע אַריסטאָקראַטן. לויט דער אַלטער לעגענדע, שטאַמען די שפּאַנישע יידן פון דוד המלך און די ספרדים האָבן דעריבער שטענדיק געקוקט אויף די איבעריקע יידן מיט אַ געוויסן שטאָלץ, פון אויבן אַראָפּ. איצט האָבן די דאָזיקע יידישע מיוחסים געמוזט פאַרוואָגלט ווערן און זוכן שוץ ביי זייערע איבעריקע ברידער. פון די הונדערטער טויזנטער יידן אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל איז גע־בליבן גאָר אַ קליינער טייל; זייער געלט, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט בשעת דעם גירוש, איז אויפן וועג צערונען געוואָרן, און זיי אַליין, דערשלאָגענע און אויסגעמאַטערטע דורך פיל צרות און ענוים, האָבן געמוזט אָנקלאַפּן אין אַלע טירן און פאַר זיך זוכן אַן אָרט.

אין פופציק יאָר אַרום נאָכן גירוש באַגעגענען מיר נאָך, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט, וואַנדערנדיקע מאַסן און גרופּן פון די אַרויסגעטריבענע יידן; אָבער סוף כל סוף האָט דער מעכטיקער לעבנס־ווילן פון יידישן פאָלק גובר געווען אַלע שטערונגען און אוממענטשלעכע פּלאָגן. יידן האָבן זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט אין אַנדערע לענדער, און

דער יידישער קולטור־צענטער, וואָס איז חרוב געוואָרן מיטן גירוש פון די שפּאַנישע יידן, האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט. די רעשטן פון די פאַרטריבענע יידן האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף די אַפּענינישע און באַלקאַנישע האַלב־אינדזלען, אין יעדן לאַנד צו ביסלעך; אָבער דער גרעס־טער טייל יידן האָט זיך באַזעצט אין טערקיי און אין די אַזיאַטישע מדי־נות, וואָס האָבן דאַן געהערט צו איר.

ווי לויט דער באַשטימונג פון דער געטלעכער השגחה, האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז גראָד נישט לאַנג פאַר דעם גרויסן יידישן גירוש אויף דעם פּירענעאישן האַלב־אינדזל האָט זיך פאַר יידן געעפנט אַ בית־מקלט אין דער נייער מוסולמאַנישער מלוכה, וואָס האָט זיך געגרינדעט אויף דעם באַלקאַנישן האַלב־אינדזל. אויף די חורבות פון ביזאַנטיע האָט זיך צו יענער צייט אויסגעבויט די מלוכה פון די אָסמאַנען, און ווען די מוסולמאַ־נישע פאַן האָט אין 1453 צום ערשטן מאָל געפלאַטערט אויף די טויערן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אויך פאַרן יידנטום, ווייל עס איז געווען באַשערט דער מוסולמאַנישער מלוכה דער ערשטער אויפצובורעכן די מויערן פון געטאָ און צו געבן יידן דאָס, וואָס עס האָט ביי זיי צוגענומען די קריסטלעכע וועלט.

תיכף ווי קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז איינגענומען געוואָרן דורך די טערקן, האָט דער סולטאַן מאַכמעד דער צווייטער אַרויסגעפירט די יידן פון ביזאַנטיע פון זייער רעכטלאָזער לאַגע. ער האָט זיי געגעבן פולקאָמע רעליגיעזע פרייהייט, דאָס רעכט צו וואוינען פריי אין אַלע שטעט, איינ־אָרדענען זייערע קהלות, בויען שולן און טעמפּלען, פירן אומעטום האַנדל אאז״וו. איינער פון די דאָרטיקע יידן, ר׳ יצחק צרפתי, האָט זיך באַנוצט מיט דער גוטער געלעגנהייט און זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף צו זיינע ברידער אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, וועלכע ער האָט פאַרגעלייגט זיך צו באַזעצן אין טערקיי. ער האָט אין זיין אויפרוף פאַרגליכן די גע־דריקטע יידישע לאַגע אין דייטשלאַנד מיט דער לאַגע אין טערקיי; געגעבן אָנצוהערן, אַז אין דער צוקונפט איז פאַר יידן מעגלעך אַ נאַציאָנאַלע אויפ־לעבונג אונטער דער שוץ פון די מוסולמענער. דער אויפרוף האָט געמאַכט אַ רושם: אייניקע גרופּעס יידן האָבן געפאָלגט דעם אויפרוף, זיינען גע־קומען קיין טערקיי און אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זיך צום ערשטן מאָל, צוזאַמען מיט דער געמיינדע פון די דאָרטיקע „גריכישע״ יידן, געגרינדעט

אַ נייע קהלה פון „אשכנזים״, אָנגעקומענע פון דייטשלאַנד, עסטרייך און בעהמען.

די אמתע עמיגראַציע פון יידן קיין טערקיי האָט זיך אָבער אָנגע־הויבן נאָך די שרעקלעכע יאָרן פון 1492 — 1498. קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַנדערע שטעט זיינען איבערפולט געוואָרן פון טויזנטער יידישע מגורשים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. די טערקישע רעגירונג האָט זייער גערן אָנ־גענומען די דאָזיקע יידישע עמיגראַנטן און מען דערציילט, אַז דער דע־מאָלדיקער סולטאַן באיאַזעט דער צווייטער, ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז מען האָט יידן אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע, האָט אויסגעשריגן: „ווי קענט איר זאָגן, אַז דער שפּאַנישער קעניג פערדינאַנד איז אַ קלוגער הער־שער, ווען ער האָט אַ תל געמאַכט פון זיין לאַנד און רייך געמאַכט אונ־דזערס!״ ווירקלעך, האָבן די געבילדעטע שפּאַנישע יידן אַריינגעבראַכט מיט זיך קיין טערקיי פיל קולטור, פיל מיטגעהאָלפן, אַז טערקיי זאָל ווערן שטאַרק און רייך און אויף אַזאַ אופן האָט דאָס גערודפטע יידישע פאָלק זיך נוקם געווען אָן זיינע אונטערדריקער, ווייל פיל האָט מען יידן גע־האָט צו פאַרדאַנקען דערמיט, וואָס די מוסולמאַנישע מלוכה איז אַזוי מור־ראדיק שטאַרק געוואָרן און אַ לאַנגע צייט געהאַט אַ שליטה איבער דער קריסטלעכער וועלט. די יידן אין טערקיי האָבן זיך ענערגיש גענומען צו אַלערליי מסחרים, מלאכות, קונסטווערק און מיליטערישע אַרבעט. די ספּעציאַליסטן־טעכניקער פון די מאַראַנען האָבן אויסגעלערנט די טערקן די נייע אויפטועון אין דער קונסט, צו באַנוצן זיך מיט געווער, און דאָרט געעפנט פאַבריקן אויף אויסצואַרבעטן פּולווער און האַרמאַטן, — די זעל־בע, מיט וועלכע די טערקן האָבן דערנאָך געשלאָגן די קריסטן אָדער זיי געהאַלטן אין דער מורא. אין האַנדל און אין אינדוסטריע האָבן יידן גע־האַט פאַר זיך שטאַרקע קאָנקורענטן, די גריכן און אַרמענער, נאָר די טערקישע מלוכה, וואָס האָט יידן געהאַלטן פאַר אַ מער כשרן עלע־מענט אין פּאָליטישער הינזיכט, האָט בעסער געשטיצט די יידישע אינ־דוסטריע. די יידן האָבן נאָר געדאַרפט צאָלן אַ געמיינדע־שטייער און אַ צינדז פון יעדן נפש באַזונדער. ווייטער האָבן זיי געהאַט אַלע רעכטן און פרייהייטן, אויף וויפיל דאָס איז נאָר מעגלעך געווען אין דער מזרח־דעס־פּאָטישער מלוכה. די מעדיצינישע פּראַקטיק, מיט וועלכער עס האָבן זיך דאַן פאַרנומען די יידן, האָט זיי געעפנט דעם וועג אין הויף אַריין. אַזוי

האָט אינעם הויף פון סולטאַן סעלים דעם ערשטן (1512 — 1520) געהאָט אַן איינפלוס דער לייב־דאָקטער יוסף המון און דערנאָך זיין זון משה המון, זייער אַ געבילדעטער דאָקטער און קענער פון יידישער ליטעראַטור, ביים סולטאַן סוליימאַן.

די קלאַנגען וועגן דעם נייעם יידישן פרייען צענטער אין טערקיי האָבן אַהין צוגעצויגן אַלץ מער עמיגראַנטן. נישט בלויז פון שפּאַניע, נאָר אויך פון אַנדערע לענדער, וואו יידן זיינען גערודפט געוואָרן. די ערשטע צייט האָבן די עמיגראַנטן זיך איינגעטיילט אויף באַזונדערע גרופּעס און יעדע גרופּע האָט זיך געהיט די שפּראַך פונעם לאַנד, פון וואַנען זי איז געקומען ווי אויך אירע ספּעציעלע אייגנשאַפטן און מנהגים. די ספרדים האָבן נאָך אַ לאַנגע צייט גערעדט אויף די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע שפּראַכן און ווי ס׳ווייזט אויס, האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ דיאַ־לעקט, וואָס איז ענלעך צו דעם איצטיקן שפּאַניאָלישן. אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, וואו עס האָבן אין 16־טן יאָרהונדערט געוואוינט ביז 30.000 יידן, האָבן דאַן עקזיסטירט פיר און פערציק שילן, לויט דער צאָל פון די באַזונדערע גרופּעס. אַ חוץ די דריי הויפּט־גרופּעס: דאָרטיקע גריכישע יידן, ספרדים און אַשכנזים, האָבן נאָך עקזיסטירט פיל קליינע גרופּעס, אָדער קהלות. אויסער קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט די אימיגראַציע פיל פאַר־גרעסערט די צאָל יידן אויך אין אַנדערע שטעט פון דער באַלקאַנישער האַלב־אינדזל ווי סאַלאָניקי, אַדריאַנאָפּאָל, ניקאָפּאָל און אַנדערע. פאַר איר עקאָנאָמישער אויפבליאונג האָט סאַלאָניקי פיל צו פאַרדאַנקען דער אימיגראַציע פון די שפּאַנישע יידן.

דער ערשטער אָפיציעלער פאַרטרעטער פון דער אויטאָנאָמישער יידישער געמיינדע אין טערקיי איז געווען דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער רב ר׳ משה קאַפּסאַלי. אַ געבוירענער אין גריכנלאַנד האָט ר׳ משה קאַפּ־סאַלי שוין פאַרנומען די שטעל פון רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל נאָך אין יאָר 1450, און נאָכדעם ווי די הויפּטשטאָט פון ביזאַנציע, קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, איז איינגענומען געוואָרן דורך די מוסולמאַנער, האָט דער סול־טאַן מאַכמעד דער צווייטער אים באַשטימט ווי הויפּט רב פון אַלע טערקישע יידן. דאָס איז געווען דער ערשטער חכם־באַשי אין טערקיי און לויט זיין טיטל איז ער געווען גלייך צו דעם מוסולמענישן מופטי און

קריסטלעכן פּאַטריאַרך. זיין טעטיקייט איז באַשטאַנען אין דער העכערער השגחה אויף דער זאַמלונג פון די מלוכה־ און געמיינדע־שטייערן, און דאָס רעכט צו באַשטימען רבנים, פּסקנען די וויכטיקסטע דיני־תורה און אַרויפלייגן שטראָפן. ווי אַ גייסטיקער אָנפירער פון יידן האָט ר׳ משה קאַפּסאַלי זיך געהאַלטן ביי די קאָנסערוואַטיווע מיטלען און זיך געסטאַרעט דורך פאַרשידענע גזירות אָפּצוהיטן דאָס יידנטום, אָבער דאָך האָבן זיך געפונען פיל, וואָס האָבן באַשולדיקט ר׳ משה קאַפּסאַלי, אַז ער איז נישט געננוג פרום, נישט גענוג אויטאָריטעט ווי אַ למדן, און זיין גאַנץ לעבן האָט ער געליטן פון פאַרטיי־אינטריגעס. ער האָט נאָך דערלעבט צו דער צייט, ווען קיין טערקיי האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נייע יידישע אימיגראַנטן פון שפּאַניע און ער האָט גענומען אַ הייסן אָנטייל אין דער איינאָרדענונג פון די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן (ער איז געשטאָרבן אַרום יאָר 1495).

זיין שטעלפאַרטרעטער איז געווען ר׳ אליהו מזרחי (1495 ־ 1525), אַ תלמודיסט, מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם, וואָס האָט באַקומען זיין בילדונג אין איטאַליע. אין דער צייט וואָס ער איז געווען הויפּט־רב, האָט דער אַריינפלוס פון די אַרויסגעטריבענע יידן קיין טערקיי דערגרייכט די העכסטע שטופע און מזרחי האָט נישט ווינציק אויפגעטון פאַר דער איינאָרדענונג פון די דאָזיקע יידן. ער האָט זיך אָבער נישט באַגניגנט מיט דער מאַטעריעלער שטיצע פון די געליטענע, נאָר זיך אויך באַמיט זיי אויפצוהייבן גייסטיק. דורך עפנטלעכע לעקציעס און ספרים האָט ער זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק תלמודישע, ביבלישע און מאַטעמאַטישע ידיעות און ער האָט אויך פערזענלעך אָנגעפירט מיט דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער ישיבה. פון זיינע ספרים איז אַממערסטן פּאָפּולער געוואָרן דער פּירוש אויף רש״י. כאָטש ער איז געווען אין רעליגיעזע ענינים שטרענג־קאָנסערוואַטיוו, האָט ער זיך דאָך באַצויגן זייער טאָלעראַנט צו אַנדערע און ער האָט אָפּגעשאַפט דעם חרם פון אייניקע רבנים אויף די ספרדים, וואָס האָבן זיך געחברט מיט די קאַראַאימען, ער האָט געפונען זייער געוואונטשן, אַז די יידן מיט די קאַראַאימען זאָלן זיך דערנענטערן איינע צו די אַנדערע.

דער עמיגראַציע־שטראָם קיין טערקיי האָט אויפגעלעבט אויף אַ צייט אויך דאָס באַטריבטע לאַנד פּאַלעסטינע, וואָס האָט אויסגעשטאַנען אין

משך פון אַ סך דורות פיל צרות. אין דער עפּאָכע פון די קרייצצוגן איז פּאַ־לעסטינע געווען דער קאַמפּס־פּלאַץ צווישן די מוסולמענער און קרייץ־טרעגער, און דערנאָך — צווישן די פאַרשידענע שבטים און דינאַסטיעס פון די מוסולמענער גופא. אין 14־טן און 15־טן יאָרהונדערט האָט זיך פּאַ־לעסטינע געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די עגיפּטישע סולטאַנען, אָבער פון צייט צו צייט זיינען אויף איר אָנגעלאָפן ווילדע שבטים און זי וויסט געמאַכט. קיין ירושלים פלעגן פון צייט צו צייט אָנקומען פון אייראָ־פּע קליינע גרופּעס יידן, וואָס האָבן זיך באַמיט איינצוואָרדענען דאָס לעבן פון דער דאָרטיקער יידישער קהלה; אָבער אַזוי ווי די יידן זיינען דאָרט גע־ווען זייער ווינציק און שוואַך, האָבן די אַלע פּרואוון נישט געהאַט קיין דערפאָלג. אין 15־טן יאָרהונדערט פאַרגרעסערט זיך דער יידישער עלעמענט אין ירושלים. דער רב און דאָקטאָר אליהו פון פערראַראַ, וואָס איז געקומען קיין ירושלים אין יאָר 1434 און געוואָרן דאָרט דיין און ראש ישיבה, דער־ציילט, אַז די דאָרטיקע יידן לעבן מיט די מוסולמענער בשלום און דער־נערן זיך פון אייניקע מלאכות, איבערהויפּט פון זייד־אויסאַרבעטונגען. די פאַרגרעסערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ירושלים האָט אין יע־נער צייט באַשאַפן אַ לעגענדע, אַז יידן האָבן אָפּגעקויפט דעם באַרג ציון און דאָרט אויסגעבויט אַ שיל אויפן אָרט פון די קריסטלעכע הייליקע מקו־מות. שפּעטער האָט מען אויך צוגעגעבן, אַז יידן האָבן כלומרשט אָפּגע־קויפט אויך דעם קבר פון קריסטוס. די מאָנאַכן האָבן דאָן געפּועלט ביים פּויפּסט, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל פאַר די קריסטלעכע שיפס־באַזי־צער, זיי זאָלן נישט אַריבערפירן קיין יידן פון אייראָפּע קיין פּאַלעסטינע און אַ לאַנגע צייט האָבן די יידישע עולה־רגל געמוזט פאָרן קיין פּאַלעסטינע נאָר דורך אַ געדרייטן וועג.

נאָך דער שפּאַנישער קאַטאַסטראָפע הויבט זיך אָן פאַר פּאַלעסטינע אַ נייע עפּאָכע. מיט פיר יאָר פאַר דער קאַטאַסטראָפע האָט דער באַוואוס־טער רב ר׳ עובדיה מברטנורה, וואָס איז געקומען פון איטאַליע קיין ירוש־לים, געטראָפן דאָרט נאָר זיבעציק יידישע פאַמיליעס, איבערהויפּט אַשכנ־זים (1488). אין דריי יאָר אַרום האָט די צאָל יידישע פאַמיליעס זיך דאָרט פאַרגרעסערט ביז 200, און מיט פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער — ביז 1500. דער דאָזיקער שנעלער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער אימיגראַציע פון די שפּאַנישע מגורשים.

די ערשטע צייט איז אין דער שפּיץ פון דער ירושלימער געמיינדע געשטאַנען ר׳ עובדיה מברטנורה. אַזוי ווי ער איז געווען הויך געשעצט סיי פון די יידן, סיי פון די מוסולמענער, — האָט ר׳ עובדיה געבראַכט אין אָרדענונג די פאַרלאָזטע זעלבסט־פאַרוואַלטונג און געפירט די למודים אין די יידישע שולן. אין 1517 איז אין פּאָליטישן גורל פון סיריע און פּאַלעסטינע פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש. דער טערקישער סולטאַן סעלים דער ערשטער האָט איינגענומען די דאָזיקע פּראָווינצן צוזאַמען מיט עגיפּטן אַליין ביי די עגיפּטישע סולטאַנען־מאַמעלוקן, און פּאַלעסטינע האָט דערפון נאָר געקאָנט האָבן אַ נוצן. צוליב די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געפילן האָבן די יידן איבערגעוואַנדערט פון דער אייראָפּעאישער טערקיי קיין ארץ ישראל און די יידישע באַפעלקערונג אין פּאַלעסטינע האָט זיך אַלץ מער פאַרגרעסערט. די יידישע קהלה אין ירושלים איז דאַן באַשטאַנען פון פאַרשידנאַרטיקע עלעמענטן; אין דער שפּיץ פון דער קהלה איז פון 1525 געשטאַנען דער באַוואוסטער רב ר׳ לוי בן חביב, איינער פון די ספרדישע מגורשים, וועלכער איז אין דער יוגנט מיט געוואַלט אָפּגעטויפט געוואָרן אין פּאָרטוגאַל און דערנאָך אַנטלאָפן קיין טערקיי.

אַ באַדייטנדיקע יידישע קהלה האָט זיך אויך געגרינדעט אין דער שטאָט צפת, אין גליל. אין יאָר 1521 זיינען דאָרט געווען 300 יידישע פאַמיליעס מיט דריי שילן. די יידישע קהלה אין צפת האָט פאַרמאָגט עטלעכע אָנגעזעענע תלמודיסטן און בראש פון זיי איז געשטאַנען דער ענערגישער רב יעקב בירב (1474 ־ 1541), וועלכער האָט נאָך דער שפּאַנישער קאַטאַסטראָפע אַ לאַנגע צייט געוואוינט אין צפון־אַפריקע און דערנאָך זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע.

דער דאָזיקער ר׳ יעקב בירב האָט זיך פאַרגנומען אויפצוטאָן אַ גרויסע זאַך: גרינדן אין פּאַלעסטינע אַ העכערן רבנים־קאָלעגיום. אויפן שטייגער פון אַמאָליקן סנהדרין, וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט צו לייזן אַלע שווערע רעליגיעזע פראַגן און אַרויסגעבן סמיכות אויף רבנות אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ. דורך אַזעלכע מיטלען האָבן ר׳ יעקב בירב און זיינע אָנהענגער געוואָלט גרינדן איין אַלגעמיין־יידישן גייסטיקן צענטער אין יידישן פאָטערלאַנד. די צפתער תלמודיסטן האָבן דעם פּלאַן באַשטעטיקט, געגרינדעט אַ דערוויילינקן רבנים־קאָלעגיום און אויסגעקליבן פון זיך ווי הויפּט־רב ר׳ יעקב בירב (1538). נאָכדעם האָבן די צפתער רבנים געשיקט אַ בריוו

צו די רבנים אין ירושלים, זיי מודיע געווען וועגן דער זאַך און דערקלערט, אַז זיי זיינען נאָר אויסן אויפצוהויבן „די געפאַלענע פאָן פון דער תורה" און באַשאַפן אַזאַ אויטאָריטעטן רבנים־קאָלעגיום, וואָס זאָל האָבן ברייטע פולמאַכטן אין רעליגיעזע און אין גייסטיקע ענינים. אָבער דעם ירושלימער רב, ר׳ לוי בן חביב, און זיינע אָנהענגער האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ר׳ יעקב בירב האָט זיך דערלויבט אָן זייער וויסן און אָן דער הסכמה פון אַנדערע רבנים אויפצוטאָן אַזאַ זאַך, וואָס האָט אָן אַלגעמיין־יידישע באַדייטונג, און ר׳ לוי איז ענערגיש אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פּלאַן. צווישן ר׳ יעקב און ר׳ לוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ הייסע פּאָלעמיק, וואָס איז דערגאַנגען ביז פערזענלעכע זלזולים און באַליידיקונגען, און פון דעם פּלאַן צו גרינדן אין פּאַלעסטינע אַ צענטראַלע גייסטיקע קערפּערשאַפט — איז גאָר נישט געוואָרן. עס האָט זיך געענדיקט נאָר דערמיט, וואָס ר׳ יעקב האָט דערווייל זיך באַנוצט מיט זיינע פולמאַכטן און געגעבן סמיכות אויף רבנות איייניקע מענטשן, צווישן זיי אויך דעם שפּעטערדיקן מחבר פון שולחן־ערוך, ר׳ יוסף קאָרו. מען מוז אָבער זאָגן, אַז דער גראַנדיעזער פּלאַן האָט זיך נישט איינגעגעבן נישט אַזוי צוליב דעם פּראָטעסט פון אייניקע רבנים, ווי צוליב וויכטיקערע סיבות. קיין פּאַלעסטינע האָבן דעמאָלט זיך געצויגן יידן, וואָס זיינען נישט געווען פּעאיק נישט צו קיין מלאכה, נישט צו קיין מסחר, נאָר וואָס האָבן בלויז געוואָלט לעבן אָדער שטאַרבן אויף דער הייליקער ערד. דאָס לאַנד איז דעריבער איבערפולט געוואָרן פון זקנים און שוואַכע לייט, וואָס קענען נישט דערנערן זיך פון זייער אייגענער אַרבעט. יידן האָבן געהאַלטן פאַר אַ חוב צו שטיצן זייערע ברידער אין פּאַלעסטינע און אין אַלע גרעסערע שטעט פון מערב פלעגט מען זאַמלען נדבות פאַר די יידן אין ארץ ישראל. דאָס איז אָבער פאַרט געווען ווינציק פאַר די טויזנטער אָרעמע יידן אין פּאַלעסטינע און דאָס לאַנד איז דעריבער געוואָרן אַ נעסט פון אָרעמקייט, שנאָרעריי און בטלנות. ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט דאָרט זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען נישט קיין זעלבסטשטענדיקע יידישע קולטור, נישט קיין וועלטלעכע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און אויף אַזאַ אופן האָט פּאַלעסטינע נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די ראָליע פון אַ נאַציאָנאַלן קולטור־צענטער און דער סנהדרין האָט דאָרט נישט געהאַט קיין פּלאַץ.

מיט פּאַלעסטינע זיינען דאָן געווען ענג צוזאַמענגעבונדן די יידישע קאָלאָניעס אין עגיפּטן און אין צפון־אַפריקע. פיל פון די אַנטלאָפענע יידן

האָבן אין עגיפּטן געפונען אַ שוץ־אָרט פאַר זיך. אין קאַאיראָ, אַלעקסאַנ־דריע און אַנדערע שטעט האָבן צוזאַמען מיט די קהלות פון די דאָרטיקע יידן עקזיסטירט אויך ספרדישע קהלות. אין דער שפּיץ פון די קהלות זיינען געשטאַנען די ,,נגידים", אָפיציעלע יידישע פאַרטרעטער. ווען עגיפּטן איז איבערגעגאַנגען צו טערקיי, האָט די טערקישע רעגירונג אָפּגעשאַפט דעם טיטל; פאַקטיש אָבער האָבן די הויפּט־רבנים אין קאַאירא אויך ווייטער דער־פילט די פליכטן פון די ,,נגידים". פון אַן ערך 1520 האָט די דאָזיקע שטעל פאַרנומען דער באַרימטער ראש ישיבה אין קאַאירא ר' דוד אבו זמרה (רדב"ז), דער מחבר פון פיל ,,תשובות" און אייניקע קבליסטישע ספרים. אין משך פון 40 יאָר האָט רדב"ז פאַרוואַלטעט מיט די גייסטיקע און גע־זעלשאַפטלעכע ענינים פון דער יידישער געמיינדע אין קאַאירא און פיל מיטגעהאָלפן איינערלעך אייַנצואָרדענען די יידישע געמיינדע. אין טיפן עלטער האָט ער פאַרלאָזט עגיפּטן און זיך באַזעצט אין צפת און געוואָרן אַ טעטיקער מיטגליד פון צפתער רבנים־קאָלעגיום, אין דער שפּיץ פון וועלכן עס איז געשטאַנען (נאָך ר' יעקב בירב) ר' יוסף קאַרא.

די עגיפּטישע יידן זיינען שטענדיק טריי געבליבן דעם טערקישן סול־טאַן, וואָס איז געווען דער הויפּט־הערשער פון עגיפּטן, און זייער טרייהייט האָבן זיי באַוויזן, ווען דער דאָרטיקער פּאַשאַ אַכמעד שייטאַן האָט איין מאָל געוואָלט מאַכן אַן אויפשטאַנד און זיך אָפּטיילן פון טערקישן סולטאַן. וועגן דעם האָט זיך דערוואוסט דער אָנגעזעענער ייד אברהם דע קאַסטראָ, וועל־כער איז אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און וועגן דעם מודיע געווען דעם סולטאַן. ווי אַ נקמה פאַר דעם פאַרראַט, האָט דער פּאַשאַ אַרויפגעלייגט אויף די יידן אַן אומגעהייער גרויסע קאָנטריבוציע, און ווען די יידן האָבן אַזאַ גרויסע סומע געלט נישט געקאָנט צושטעלן, האָט דער פּאַשאַ גע־הייסן שמידן אין קייטן די פאַרשטייער פון דער יידישער געמיינדע און געדראָט אויסצוהרגענען אַלע קאַאירער יידן. די יידן זיינען דעמאָלט געשטאַ־נען אין אַ גרויסער סכנה, נאָר צום גליק איז אין דעם מאָמענט אַריינגעטראָטן דאָס חיל פון סולטאַן, וועלכעס האָט געכאַפּט דעם פּאַשאַ און דערנאָך אים דערמאָרדעט. דעם טאָג פון דער באַפרייאונג (כ"ז אדר 1524) האָבן די דאָרטיקע יידן אַ לאַנגע צייט געפייערט, ווי אַ יום טוב, אונטערן נאָמען ,,פורים של מצרים".

אויך די לאַגע פון די יידן אין צפון־אַפריקע האָט זיך פאַרבעסערט

נאָך דעם, ווי די מדינה איז איבערגעגאַנגען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי. באַלד נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 1492 זיינען אַהין אַנטלאָפן פיל יידן פון שפּאַניע, וואָס האָבן דאָרט געמיינט צו געפינען אַ שוץ. אָבער די בלוטיקע האַנט פון פערדינאַנד האָט דערגרייכט אויף אַהין, און ווען די שפּאַניער האָבן פאַרכאַפּט אַ טייל פון די טעריטאָריעס פון טוניס און טריפּאָלי, האָבן זיך אויך דאָרט אָנגעהויבן רדיפות אויף יידן. די יידישע לאַגע האָט זיך געבעסערט ערשט אין דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט, ווען דאָס לאַנד איז אין גאַנצן איבערגעגאַנגען צו טערקיי. — דער פּאַטריאַרך פון די אַפריקאַנישע יידישע געמיינדעס איז דאַן געווען דער אַלזשירער רב ר׳ שמעון דוראַן דער צווייטער, וועלכער האָט זיך זייער געזאָרגט פאַרן גורל פון די פאַרטריבענע, און אויסגעקויפט פיל געפאַנגענע יידן ביי די פּיראַטן און שקלאַפן־הענדלער. צו יענער צייט האָט אין טוניס געוואוינט דער אַסטראָנאָם און היסטאָריקער ר׳ אברהם זכותא, וואָס איז פריער געווען אַסטראָלאָג ביים פּאָרטוגאַלישן קעניג. דאָ האָט ער אָנגעשריבן זיין היסטאָרישע כראָניק „ספר היוחסין״, וואָס אַנטהאַלט אַ רשימה פון די וויכטיקסטע, איבערהויפּט רעליגיעזע, געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע פון אָנהויב־אָן ביז דער עפּאָכע פון מחבר. זיין וואַנדער־לעבן האָט זכותא פאַרענדיקט אין טערקיי (אָרום 1515).

פיל פאַרבעסערט האָט זיך די יידישע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע לאַגע אין טערקיי בעת דער הערשאַפט פון סולטאַן סוליימאַן „דער פּראַכטפולער״ (1520 - 1560) ווען טערקיי איז געוואָרן זייער אַ שטאַרקע מלוכה. איינער פון די פראַנצויזישע רייזנדע אין 1551 שרייבט וועגן דעם דעמאָלטיקן צושטאַנד פון יידן: „די צאָל יידן אין טערקיי און אויף די גריכישע אינדזלען איז זייער גרויס. אין דער הויפּטשטאָט פון דער מלוכה, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווערן זיי אַליין מער באַפּעסטיקט און איינגעאָרדנט. אין זייערע הענט געפינען זיך דער גאַנצער האַנדל און אינדוסטריע, באַנקגעשעפטן און אַלע צווייגן פון האַנטווערק און מאַנופאַקטור. זיי טראַנספּאָרטירן מיטן ים און מיט דער יבשה פיל סחורות פון מזרח קיין מערב און פאַרקערט. צו זיי געהערן די גרויסע מאַגאַזינען אין דער הויפּטשטאָט, וואָס זיינען איבערפולט מיט די טייערסטע זאַכן. די יידן, און איבערהויפּט די מאַראַנען, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, ווייזן אויך אַרויס גרויסע פעאיקייטן אין דער טעכניק. צום אומגליק

פון די קריסטן, לערנען זיי אויס די טערקן, ווי אַזוי אויסצואַרבעטן פול־ווער, קוילן און אַנדערע מיליטערישע געווער. זיי גרינדן אויך דרוקערייען פאַר גריכישע, רוימישע און איטאַליענישע ביכער און דינען ווי איבער־זעצער פאַר די אייראָפּעער, וואָס קומען קיין טערקיי". אין יאָר 1559 האָט אַ גרופּע סאַלאָניקער יידן זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו זייערע געררו־דפטע ברידער אין דרום־פראַנקרייך, אין וועלכן זיי האָבן זיי איינגעלאַדן צו קומען קיין טערקיי, וואו יידן „קאָנען לעבן אין עושר און אין כבוד און נישט ליידן דעם יאָך פון גלות".

די יידישע אינטערעסן, נישט בלויז אין טערקיי, נאָר אָפט אויך אין אַנדערע לענדער, האָבן ענערגיש פאַרטיידיקט די יידישע שטאַטסלייטביים טערקישן הויף. דער אויבנדערמאָנטער לייב־דאָקטאָר פון סולטאַן סוליימאַן, משה המון, האָט באַגלייט דעם סולטאַן אין אַלע זיינע רייזעס און געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דער נויט פון יידן אין פאַרשידענע ערטער. ער האָט ענערגיש פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן ביים הויף און אַ דאַנק זיין השתדלות איז קיין טערקיי געקומען פון איטאַליע איינע אַ באַרימטע מאַראַנען־פאַמיליע, וועלכע האָט געהאַט אַ שטאַרק־אינטערע־סאַנטע פאַרגאַנגענהייט.

אין פּאָרטוגאַל האָט געוואוינט אַן אַריסטאָקראַטישע מאַראַנען־פאַ־מיליע מענדעס, וואָס האָט געהאַט אַ באַנק־הויז אין ליסאַבאָן און אַן אָפּ־טיילונג אין אַנטווערפּן. דער דייטשער קייסער און דער שפּאַנישער קעניג קאַרל דער פינפטער, דער פראַנצויזישער קעניג פראַנציסקאָ דער ערשטער און אַנדערע מלכים פון אייראָפּע פלעגן באָרגן געלט ביי דער דאָזיקער באַנק. צוליב דער אינקוויזיציע און אויך צוליב דעם טויט פונעם אָנפירער פון דער פאַמיליע האָט די אַלמנה גראַציאַ מענדעס אין 1536 פאַרלאָזט ליסאַבאָן און זיך באַזעצט אין אַנטווערפּן; צוזאַמען מיט איר זיינען אַהין אַריבערגע־פאָרן איר יונגע טאָכטער ריינאַ און איר פלימעניק יאָהאַן מיגעז. ווי אַ יונגער שיינער און הויך־געבילדעטער מענטש האָט מיגעז באַלד געשלאָסן קאַנטשאַפט מיט די גרעסטע אַריסטאָקראַטישע הייזער און אויך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון דער האָלענדישער קעניגין מאַריאַ, די שוועסטער פון קע־ניג קאַרל דעם 5־טן; די פאַרבינדונגען מיט דער העכערער געזעלשאַפט האָבן אָבער נאָך שווערער געמאַכט די לאַגע פון דער פאַמיליע, וואָס האָט בסוד געהיט די יידישע רעליגיע. גראַציאַ מענדעס האָט זיך נישט געקענט

פילן זיכער אין אַ לאַנד, וואו אויף יעדן טריט פון אַ מאַראַן האָבן געלאָקערט צענדליקער שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציע, און זי האָט באַשלאָסן צוזאַמענע מיט אירע אייגענע אַריבערצופאָרן קיין װענעציע און פון דאָרטן ווייטער קיין טערקיי. דאָס איז אָנגעקומען נישט אַזוי לייכט, ווייל דער קעניג קאַרל דער 5־טער האָט געוואָלט קאָנפיסקירן אירע קאַפּיטאַלן אויף דעם סמך, וואָס זי האָט, לויט די געהיימע ידיעות פון די שפּיאָנען, געהיט די יידישע רעליגיע. ענדלעך האָט זיך זיי מיט גרויס מי איינגעגעבן אַרויסצופאָרן פון אַנטווערפּן; אָבער אין װענעציע האָט זיי געטראָפן אַ נייע צרה. צוליב אינטריגעס און מסירות האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די רייכע מאַראַנישע פאַמיליע האָט בדעה צו פאָרן פון דאָרטן ווייטער קיין טערקיי, און די װענעציאַנישע רעגירונג האָט דעריבער פאַרהאַלטן זיי, כלומרשט אויף דעם סמך, וואָס די רעגירונג האָט נישט געוואָלט דערלויבן אַז אַ גאַנצע פאַמיליע זאָל אָפּפאַלן פון קריסטנטום. מיט דעם צופאַל האָט זיך אויך באַנוצט דער פראַנצויזישער קעניג העינריך דער צווייטער, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן זיין גרויסן חוב דעם באַנק־הויז פון מענדעס. דאַן האָט יאָהאַן מיגעז זיך געווענדט מיט אַ בריוו צום טערקישן סולטאַן סולײמאַן, וועלכן ער האָט מודיע געווען, אַז אַ רייכע מאַראַנען־פאַמיליע וויל אַריבערפירן אירע קאַפּיטאַלן קיין טערקיי, נאָר מען שטערט איר. לויט דער בקשה פון לייב־דאָקטער משה המון האָט דער סולטאַן אַרויסגעשיקט קיין װענעציע אַ שליח מיט אַ שטרענגער פאָדערונג, תיכף דורכצולאָזן די מאַראַנען־פאַמיליע. ווען זי איז אָנגעקומען פון װענעציע קיין פעראַראַ, איז די אַלמנה גראַציאַ תיכף אָפן איבערגעגאַנגען צו דער יידישער רעליגיע. פון דאָרטן איז זי מיט דער פאַמיליע און אַ גרויסער סוויטע מאַראַנען אַריבערגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דאָ האָט אויך מיגעז (1552) פאַרמעל אָנגענומען די יידישע רעליגיע און אומגעביטן זיין נאָמען יאָהאַן אויף יוסף מיט דעם ביינאָמען נשיא (פירשט). ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין שוועסטערקינד ריינאַ, וועלכע האָט געשמט מיט איר שיינקייט און קלוגשאַפט.

ווען זי האָט זיך באַזעצט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט גראַציאַ מענדעס זיך אָפּגעגעבן מיט ברייטער צדקה־אַרבעט, און געשטיצט איבערהויפּט די אַרויסגעטריבענע מאַראַנען. אַ גלענצנדיקע קאַריערע האָט געמאַכט אויך איר איידים יוסף נשיא; זיין גרויסע בילדונג, זיינע באַציאונ־

גען מיט די שטאַטסמענער אין אייראָפּע און זיינע אומגעווײנלעכע דיפּלאָ־מאַטישע פעאיקייטן האָבן אויף זיך אַרויפגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון סולטאַן סולײמאַן. יוסף נשיא איז געוואָרן אַ נאָענטער ראַטגעבער פון סולטאַן און צוזאַמען מיט דעם גרויס־וויזיר האָט ער געגומען אַ וויכטיקן אָנטייל אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון טערקיי. ווען די קריסטלעכע דיפּלאָמאַטן האָבן זיך איבערצייגט, ווי גרויס עס איז דער איינפלוס פון יוסף נשיא אויפן סולטאַן, האָבן זיי געפּרואווט דורך פאַרשידענע אינטרי־געס צו פאַרמינדערן זיין חן ביים סולטאַן. נאָר ווען דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי געביטן די טאַקטיק און אָנגעהויבן זיך אונטערחנפענען צו אים. דער דייטשער קייסער מאַקסימיליאַן דער צווייטער האָט געשיקט צו יוסף נשיא אַ בריוו, מיט זיין אייגענער האַנט געשריבן, מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל זען מיטהעלפן, אַז טערקיי זאָל פרידלעך דורכקומען מיט דייטשלאַנד. דער פּוילישער קעניג זיגמונט־אויגוסט האָט געבעטן די יידי־שע „עקסעלענץ״, ער זאָל שטיצן זיין פּאָליטיק און דערפאַר וועט ער, דער קעניג, געבן די פּוילישע יידן פאַרשידענע פּריווילעגיעס. אָבער יוסף נשיא האָט דאָך נישט אָנגענומען קיין שום פאַרשלאַגן דאָרט, וואו עס האָט זיך געהאַנדלט קעגן די אינטערעסן פון טערקיי.

דער סולטאַן האָט הויך געשעצט די פעאיקע אַרבעט פון יוסף נשיא און דערפאַר אים געשאָנקען די אַלטע שטאָט טבריה מיט אַלע אַרומיקע דערפער און אים דערלויבט צו באַזעצן די דאָזיקע געגנט דורכאויס מיט יידן. יוסף נשיא האָט שוין לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן צו גרינדן אַן אויטאָנאָמישע געגנט פאַר יידן אין ארץ־ישראל און איצט האָט ער זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און פאַרן געלט פון זיין רייכער שוויגער און זיין אייגענעם קאַפּיטאַל האָט ער אָנגעהויבן בויען הייזער אין טבריה, וואָס איז געווען האַלב־צעשטערט. די שטאָט איז אַרומגעמויערט געוואָרן מיט אַ וואַנט און אין דער אומגעגנט זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרן ביי־מער. נאָכדעם האָט יוסף נשיא צעשיקט אויפרופן צו די געפּלאָגטע יידן אין אייראָפּע און פאָרגעלייגט יידישע אַרבעטער, צו קומען קיין ארץ ישׂ־ראַל און זיך באַזעצן אין דער פּראָווינץ פון טבריה. פון איטאַליע זיינען אָנגעקומען קיין ארץ ישראל אייניקע יידישע גרופּעס בעלי־מלאכות און אין טבריה האָבן זיך באַזעצט עטלעכע יידישע קאָלאָניסטן; עס איז אָבער נישט באַשערט געווען, אַז דער שיינער פּלאַן פון יוסף נשיא זאָל ווערן

פאַרווירקלעכט. ערשטנס, האָבן די יידישע קאָלאָניסטן אין טבריה פיל גע־ליטן פון די אָנפאַלן פון די אַראַבער, צווישן וועלכע עס האָט זיך דאָן פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז אויב די צעשטערטע טבריה וועט ווידער ווערן אויפגעבויט, וועט די מוסולמאַנישע רעליגיע אונטערגיין. צווייטנס, האָט די דיפּלאָמאַטישע טעטיקייט פון יידישן פירשט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָפּגענומען ביי אים די גאַנצע צייט און אויפמערקזאַמקייט, אַזוי אַז פון דער שיינער אידייע וועגן אַ יידישן אויטאָנאָמען צענטער אין ארץ יש־ראל האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט.

יוסף נשיא האָט פאָרגעזעצט זיין דיפּלאָמאַטישע טעטיקייט אויך ביים זון פון סולייםאַן, סעלים דעם צווייטן (1566 — 1574), וואָס האָט פון די קינדער־יאָרן אָן זיך געחברט מיט דעם יידישן פירשט. די אויסער־לעכע פּאָליטיק פון טערקיי האָבן אין יענער צייט געפירט צוויי מענטשן: דער גרויס־וויזיר מאַכמעד סאָקאָלי, אַ קריסט, וואָס האָט אָנגענומען דאָס מוסולמאַנישע גלויבן, און יוסף נשיא. צווישן דיביידע שטאַטסמענער פלעגן אַמאָל פאָרקומען סכסוכים און אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק, האָט אַמאָל גובר געווען דער ערשטער, אַמאָל דער צווייטער. פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן איז יוסף נשיא באַשאָנקען געוואָרן מיט דעם טיטל הערצאָג פון נאקסאָס און די איבעריקע ציקלאַדן־אינדזלען. נאָכן טויט פון סעלים דעם צווייטן האָט יוסף נשיא זיך דערווייטערט פון פּאָליטישער אַר־בעט און זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צדקה־זאַכן. ער האָט געשטיצט די רבנים־שולן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אין אַנדערע שטעט, מיטגעהאָלפן דרוקן ספרים און אים אַליין רעכנט מען אויך פאַר דעם מחבר פון „בן פורת יוסף". יוסף נשיא איז געשטאָרבן אין יאָר 1579, און זיין אלמנה ריינאַ האָט געעפנט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ דרוקעריי פון יידישע ספרים. נאָר דער געלט־פרעסערישער סולטאַן מוראַד דער דריטער, האָט ביי איר צוגע־נומען דעם גרעסטן טייל פון איר פאַרמעגן, כלומרשט מיט דעם אויסרייד, אַז איר פאַרשטאָרבענער מאַן איז דאָס אים שולדיק געבליבן, און איר נאָר איבערגעלאָזט 90.000 דוקאַטן און איר פּאַלאַץ בעלוועדער אין קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל.

נאָך ביים לעבן פון יוסף נשיא האָט אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע קאַר־יערע אַ צווייטער ייד, שלמה אַשכנזי, אַ תלמודיסט און דאָקטער. אַ גע־בוירענער אין איטאַליע איז אַשכנזי אַרומגעפאָרן פיל לענדער און אַ גע־

וויסע צייט געווען לייב־דאָקטער ביים פּוילישן קעניג זיגמונט־אויגוסט. ווען ער איז געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט אַשכנזי, ווי אַן אונטערטאַן פון דער ווענעציאַנישער רעפּובליק, זיך באַפריינדעט מיט די מיטגלידער פון דער ווענעציאַנישער געזאַנדשאַפט אין טערקיי, און דורך זיי — מיטן גרויס־וויזיר סאָקאָלי. סאָקאָלי האָט באַלד דערקענט אין אשכנזין אַן אויסגעצייכנטן, פעאיקן דיפּלאָמאַט, און אשכנזי האָט גלייך באַקומען די געלעגנהייט, אויסצונוצן די דאָזיקע פעאיקייט. אין יאָר 1574 איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן די מיסיע, צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום צווישן טערקיי און ווענעציע, און ווען אשכנזי איז געקומען קיין ווענעציע ווי אַ דיפּלאָמאַטישער פאַרמיטלער, איז ער דאָרט אויפגענומען געוואָרן פייערלעך. פּונקט ווי יוסף נשיא האָט אויך אשכנזי, וואָס האָט געדינט די אינטערעסן פון טערקיי, דאָך נישט פאַרגעסן אָן די אינטערעסן פון זיינע ברידער, און אומעטום, וואו ער האָט נאָר געקענט, האָט ער ענערגיש פאַרטיידיקט זייערע אינטערעסן. אַ דאַנק זיין השתדלות האָט דער ווענעציאַנישער סענאַט אָפּגעשאַפט זיין באַפעל וועגן אַרויסטרייבן יידן פון ווענעציע. שלמה אַשכנזי און דערנאָך זיין זון, נתן, האָבן געהאַט צוטרוי אויך ביים סולטאַן מאַכמעד דעם פערטן (1595 — 1603).

בעתן קעניגן פון דעם דאָזיקן סולטאַן האָט ביים הויף געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויך די ענערגישע און קלוגע יידישע פרוי אסתר קיראַ. צו איר פּראָטעקציע פלעגן מוזן אָנקומען אפילו די טערקישע הויכגעשטעלטע לייט און די פאָרשטייער פון די אויסלענדישע מלוכות, ווען זיי האָבן געדאַרפט עפּעס פועלן ביים סולטאַן. גאָר ענדלעך איז זי אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ פון הויף־אינטריגעס און איז באַזיגט געוואָרן. איינמאָל, ווען אסתר איז געגאַנגען צום גרויס־וויזיר, זיינען אויף איר אָנגעפאַלן אונטערגעשטעלטע מערדער און זי אכזריותדיק געטויט אויף די טרעפּ פון הויז פון גרויס־וויזיר. צוזאַמען מיט איר זיינען אויך דערהרגעט געוואָרן אירע דריי זין. אסתר איז געווען זייער רייך. צווישן יידן האָט זי געשמט ווי אַ פרומע פרוי און זי פלעגט געבן פיל צדקה און שטיצן יידישע מחברים.

כדי צו איבערגיין פונעם מאַטעריעלן צום גייסטיקן לעבן פון יידן אין טערקיי, מוז מען קודם כל אָנווייזן, אַז אויף דער גאַנצער גייסטיקער יידישער שאַפונג אין טערקיי אין 16טן און אין 17טן יאָרהונדערט ליגט דער שטעמפּל פון שטרענגן קאָנסערוואַטיזם און שאַרפער רעאַקציע קעגן

יענער פרייער קולטור, וואָס האָט געהערשט צווישן די יידן אין מערב. די ספרדים, וואָס האָבן דאָ אין טערקיי געפונען נאָך יאָרנלאַנגע רדיפות און צרות אַ שוץ פאַר זיך, האָבן איצט אויף שטענדיק זיך אָפּגעזאָגט פון יענע שטרעבונגען צו פריידענקערישקייט און השכלה, וואָס האָבן צוגעצויגן זייערע עלטערן אין שפּאַניע. די שפּאַנישע עמיגראַנטן אין טערקיי זיינען געווען זיכער, אַז נאָר די פרייזיניקייט און די שטרעבונג צו וועלטלעכקייט האָבן געבראַכט צום מאַראַנענטום און צו די אַלע צרות, וואָס זיינען דערפון אַרויסגעקומען, און זיי זיינען איצט געוואָרן בעלי־תשובות און האָבן חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן פריערדיקן וועג. אָנשטאָט דעם יידנטום, וואָס איז געווען פאַראייניקט מיטן אויסערלעכן גלאַנץ און וועלטלעכער בילדונג, איז איצט געבוירן געוואָרן אַ שטרעבונג צו אַ שטרענג־קאָנסערוואַטיוון יידישן וועג; אָנשטאָט דער שפּאַנישער רבניש־פילאָזאָפישער ליטעראַטור — אַ שטרעמונג צו מיסטישע חקירות. די קבלה האָט דאָ אויסגעשטרעקט איר האַנט דעם תלמוד און ביידע צוזאַמען זיינען געווען פון איצט אָן די הער־שנדיקע קראַפט אין יידנטום.

דער גרעסטער פאָרשטייער פון רבנישן יידנטום אין 16טן יאָרהונ־דערט איז געווען ר׳ יוסף קאַרו (1488 — 1575). ער איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע פיר יאָר פאַרן גירוש, און נאָך אין די קינדער־יאָרן האָט ער אָנגעהויבן זיין וואַנדער־לעבן. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט ער צוזאַמען מיט זיינע עלטערן זיך באַזעצט אין טערקיי, וואו ער האָט געוואוינט אין ניקאָפּאָל און אין אַדריאַנאָפּאָל. דאָ האָט ער זיך אָפּגעגעבן צום לערנען און האָט אַרויסגעוויזן וואונדערבאַרע פעאיקייטן. אין 1522 האָט ער פאַר־גענומען אַ ריזן־אַרבעט: דורכצוקוקן דעם גאַנצן געזעצגעבערישן מאַטע־ריאַל, אַלע הלכות און דינים צוזאַמען מיט די פירושים און פאַרשידענע מיינונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פון דער עפּאָכע פון תלמוד ביז דער צייט פון מהבר, קאָנטראָלירן דאָס אַלץ לויט די ערשטע קוואַלן און דער־נאָך דאָס סיסטעמאַטיזירן. עס האָט זיך געפאָדערט אַן אומגעוויינלעכער שאַרפער געדאַנק און געניאַלער זכרון, כדי אויסצופאָרשן, פון וואַנען עס שטאַמט יעדער באַזונדער דין און הלכה, דורכצוקוקן און קאָנטראָלירן אַלע פאַרשידענע פירושים. אָפּטמאָל איז דעם מחבר אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אַזעלכע פראַגן, וועגן וועלכע עס זיינען געווען פאַרשידענע מיינונגען פון פאַרשידענע יידישע גרויסע געלערנטע, וואָס זיינען סותר

איינער דעם צווייטן, און כדי צו באַשטימען ווער פון זיי ס׳איז גערעכט, האָט ר׳ יוסף קאַרו ווי געמאַכט אַ מין בוררים־געריכט פון די דריי גרעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער הלכה: אַלפסי, רמב״ם און ראַ״ש — אויב צוויי פון די גרויסע אויטאָריטעטן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר איין מיי־נונג, איז די דאָזיקע מיינונג געבליבן די ריכטיקע און לויט דעם האָט דער מחבר באַשטימט דעם דין אין דער פּראַקטיק. צוואַנציק יאָר האָט ר׳ יוסף קאַרו געאַרבעט אויף דעם ריזן־ווערק, און דאָס פאַרענדיקט אין צפת (1535), וואו ער האָט גלייך פאַרנומען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט צווישן די דאָרטיקע תלמודיסטן. דער צפתער רב, ר׳ יעקב בירב האָט פייערלעך גע־געבן ר׳ יוסף קאַרו סמיכה אויף רבנות. קאַרו האָט געאַרבעט אויף זיין ווערק נאָך עטלעכע יאָר און ענדלעך דאָס אָפּגעדרוקט אונטערן נאָמען „בית־יוסף״, אין דער פאָרעם פון אַ פּירוש צו די פיר גרויסע „טורים״.

שפּעטער האָט ר׳ יוסף קאַרו זיך אַרומגעזען, אַז די פאָרעם פון זיין ווערק איז צוגעפּאַסט נאָר פאַר געלערנטע, אָבער נישט פאַרן פאָלק, וואָס דאַרף נישט די אויספירלעכע דערקלערונגען און חקירות וועגן יעדן דין, נאָר אַ פּראַקטישן וועגווייזער אין דער פאָרעם פון קורצע און קלאָרע די־נים. דאַן האָט ר׳ יוסף קאַרו פאַרקירצט זיין ווערק, אַרויסגענומען פון אים נאָר דעם פּראַקטישן טייל, וואָס איז צוגענגלעך פאַר אַלע, און אין אַזאַ פאָרעם, אונטער דעם נאָמען „שלחן ערוך״, צום ערשטן מאָל דאָס אָפּגע־דרוקט אין ווענעציע. דער „שלחן ערוך״, פּונקט ווי די „טורים״, איז איינ־געטיילט אין פיר טיילן: ארח חיים (דינים וועגן תפלה און וועגן שבת און יום־טוב); יורה דעה (וועגן שחיטה, טרפה אדג״ל); אבן העזר (וועגן פאַ־מיליען־לעבן); חשן משפט (וועגן געלט־ענינים).

דער „שולחן ערוך״ איז געווען דאָס לעצטע וואָרט פון דעם רבנישן יידנטום: מיט אים איז ווי געשלאָסן געוואָרן די רבנישע ליטעראַטור, ווייל ער האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַלע דינים, הלכות און פּירושים. „לעבן לויטן שלחן ערוך״ — דאָס איז דאָס פּראָגראַם פון יעדן ערלעכן יידן, וואָס דער־שרעקט זיך נישט פאַר די אַלע טויזנטער דינים, וואָס זיינען דאָרט צונויפ־גענומען. עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס דער „שלחן ערוך״ האָט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג: פון 1564 ביז 1600 האָט ער אויסגעהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער אַכט אויפלאַגעס אין זיין פולשטענדיקער פאָרעם, אויסער די איינצלנע חלקים זיינע, וואָס זיינען פיל מאָל אָפּגעדרוקט גע־

וואָרן. אין צוויי אָדער דריי יאָר אַרום נאָך דעם, ווי דער „שלחן ערוך" איז דערשינען, האָט ר׳ משה איסערליש, דער קאָפּ פון די פוילישע רבנים, איינגעפירט דעם „שלחן ערוך" אין לעבן מיט פיל אייגענע הוספות, לויט די דאָרטיקע מנהגים.

די יידן פון יענער צייט האָבן מיט מורא און מיט גרויס דרך־ארץ געקוקט אויף דעם דאָזיקן ווערק, וואו עס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַזוי פיל גייסט און געדאַנק. פיל האָבן געהאַלטן ר׳ יוסף קאָרו פאַר אַ געט־לעכן מענטשן, און די לעגענדע האָט דערציילט, אַז ווען ר׳ יוסף קאָרו האָט געהאַט עפּעס אַ האַרבע שאלה, האָט מען אים פון הימל אָנגעוויזן, ווי אַזוי זי צו לייזן. ר׳ יוסף קאָרו אַליין האָט נוטה געווען צו קוקן אויף זיך ווי אויף אַ געטלעכן מאַן, און אין ספר „מגיד משרים", וואָס דער מחבר דערפון איז, ווי מען זאָגט, ר׳ יוסף קאָרו, שילדערט ער זיך אַליין ווי אַן אויבערמענטשן. אין דעם ספר ווערט דערציילט אַז יעדע נאַכט פלעגט צו אים קומען אַ געהיימער שליח (דער „מגיד"), און אים אָנטפּלעקן אַלע האַרבע ערטער אין תלמוד, ענטפערן אויף אַלע שאַרפע שאלות, לערנען אים, ווי אַזוי צו ווערן דער „ראש הגולה" און ווי אַזוי צו פאַרפולקאָמען זיך אין מצוות, כדי צו ווערן אַ קדוש. אַזוי ווי ער איז געווען פון דער נאַ־טור גענייגט צום מיסטיציזם, איז דער מחבר פון „שלחן ערוך" די לעצטע יאָרן אַרונטערגעפאַלן אין גאַנצן אונטער דער השפעה פון די מקובלים, פון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען דער באַרימטער אר"י.

ר׳ יצחק לוריאַ (אר"י) איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים אין יאָר 1534 ביי אַ פאַמיליע פון אַשכנזים. אין די קינדער־יאָרן האָט ער פאַרלוירן זיין פאָטער און זיך דערצויגן אין הויז פון זיין רייכן פעטער אין קאַאירא. דאָרט האָט ער געלערנט ביים קאַאירער רב, ר׳ דוד אַבו זמרה. אָבער די טרוקענע הלכה האָט נישט באַפרידיקט די צעפלאַמטע פאַנטאַזיע פון דעם יונגן לוריאַ און ער האָט זיך פאַרטיפט אין „זהר" און אין אַנדערע קבלה־ספרים. צו פופצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע און זיין רייכער פעטער האָט אים ווייטער אויסגעהאַלטן, אַזוי אַז ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיין גאַנצע צייט פאַר ספרים. אין אַ משך פון זיבן יאָר האָט ער פאַרבראַכט אַלע זיינע טעג אין התבודדות, אין אַ הייזל ביים ברעג פון נילוס, און נאָר אין די שבתדיקע טעג האָט ער פאַרבראַכט מיט זיין פאַמיליע. דאָס אָפּגעזונדערטע איינזאַמע לעבן, די תעניתים און

נאַכט־וואַכן האָבן אים דערפירט ביז האַלוצינאַציעס. צייטנווייז פלעגט ער אַריינפאַלן אין עקסטאַז און דאַן פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז ער הערט עפּעס געטלעכע שטימען און זעט וואונדערבאַרע דערשיינונגען. אין 1569 איז דער אר״י געפאָרן קיין פּאַלעסטינע און נאָך אַ קורצן אויפהאַלטן זיך אין ירושלים איז ער געקומען קיין צפת, וואו ער איז זיך באַלד צונויפגעגאַנגען מיט דער אָרטיקער גרופּע מיסטיקער. די לעצטע זיינען געוואָרן פאַרשיכורט פון זיין רעליגיעזן עקסטאַז און זיי האָבן אים געקרוינט ווי אַ לערער. פון דאַן אָן פלעגט דער אר״י צוזאַמען מיט זיינע תלמידים מאַכן שפּאַצירן איבער די וויסטע פעלדער הינטער דער שטאָט אָדער איבער די בית־עלמינס און דאָרט אַנטדעקן פאַר זיי די סודות פון דער אמונה. אין באַשטימטע טעג, באַזונדערס פרייטיק, פלעגן זיי אַוועק אין נאָענטן דאָרף מירון, וואו עס געפינט זיך, לויט דער לעגענדע, דאָס קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, דער כלומרשטער מחבר פון „זהר״. דאָ פלעגן פאָרקומען מיסטישע צערעמאָניעס: מ׳האָט געזונגען התלהבותדיקע לידער און גערעדט וועגן משיחן און וועגן נאָענטן „קץ״. איינמאָל, דערציילט די לעגענדע, פרייטיק פאַרנאַכט איז דער אר״י צוזאַמען מיט זיינע תלמידים ווי געוויינלעך, געגאַנגען אין שטאָט אַריין, אָנגעטון אין ווייסע קיטלען, צו באַגעגענען די „שבת מלכתא״; אין מיטן דער תפלה האָט דער אר״י געפרעגט זיינע תלמידים: „איר ווילט באַלד גיין קיין ירושלים און דאָרט שבת האַלטן?״ די תלמידים האָבן זיך זייער געוואונדערט, ווייל דעם מהלך פון צפת קיין ירושלים האָט מען נישט געקענט איבערגיין אין איין שעה, און זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי מוזן פריער מודיע זיין וועגן דעם זייערע ווייבער. דאַן האָט דער אר״י אין פאַרצווייפלונג פאַרבראָכן די הענט און אויסגעשריגן: „ווי איז צו אונדז, וואָס מיר האָבן נישט זוכה געווען! איך האָב געזען, אַז אין יענער שעה איז משיח גרייט געווען צו קומען קיין ירושלים, און ווען איר זאָלט געווען מסכים זיין, וואָלטן מיר באַלד אויסגעלייזט געוואָרן פון „גלות״.

געשטאָרבן איז דער אר״י פּלוצלינג: ער איז געפאַלן אַלס קרבן פון דער דזשומאַ אין אויגוסט 1572, 38 יאָר אַלט. דער דאָזיקער פּלוצימדיקער טויט האָט געמאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק אויף זיינע תלמידים און נאָך מער פאַרהייליקט זיין נאָמען. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז ר׳ יצחק לוריא איז געווען דער משיח בן יוסף, וואָס דאַרף, לויט אַ לעגענדע,

קומען אַ קליינע צייט פאַר דעם אויסלייזער — משיח בן דודן, און דעם ארי״ס תלמידים זיינען געווען זיכער, אַז מן השמים האָט מען נישט דער־לאָזט, ער זאָל אויספירן זיין שליחות. דער פאַרזעצער פון אר״י איז געווען זיין נאָענטסטער תלמיד ר׳ חיים וויטאַל (1543 — 1620), אַ זון פון אַ סופר, וואָס איז איבערגעפאָרן פון איטאַליע קיין ארץ ישראל. וויטאַל האָט שריפטלעך איבערגעגעבן דאָס, וואָס זיין רבי האָט געלערנט בעל פּה, אין אַן ענגן קרייז פון תלמידים און דערביי האָט דער תלמיד אַריינגעלייגט פיל פון זיינע אייגענע געדאַנקען אין מויל פון רבין.

די קבליסטישע שיטה פון אר״י און וויטאַל איז אין טעאָרעטישן טייל געווען כמעט די זעלבע, וואָס די קבלה פון 13טן יאָרהונדערט; זי איז געגרינדעט אויף דער לערע וועגן „אין סוף״ און „ספירות״. די אָריגי־נאַליטעט פון דער נייער קבלה באַשטייט נאָר אין דער פּראַקטישער זייט. די מיסטישע לערע האָט געפאָדערט באַשטימטע פאָרמען און צערעמאָ־ניעס. דער מענטש האָט זיך דערווייטערט — ווי די לערע פון דער קבלה זאָגט — פון זיין געטלעכן מקור, פון דער וועלט פון די ריינע גייסטער אָדער „ספירות״, און איז פאַרזונקען געוואָרן אין דער טומאה, אין דער וועלט פון אומריינע „כחות״ אָדער קליפּה, — דעריבער דאַרף יעדער אמתער מאמין זיך אָפּרייניקן פון די שלעכטע קליפּהשע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך באַהעפט אין זיין נשמה, און דורך געוויסע מיסטישע פאָרמען זיך ווידער באַהעפטן מיטן געטלעכן מקור. אָפּרייניקן די נשמה קאָן מען אי־בערהויפּט דורך „בלאָנדזשען״ אָדער דורכן גלגול. די נשמה פון זינדיקן באַזעצט זיך נאָך זיין טויט אין אַן אַנדער מענטשן, און אויב זי ווערט נישט אויסגעבעסערט אין דעם דאָזיקן נייעם קערפּער, ווערט זי מגולגל אין אַ צווייטן מענטשן, דערנאָך אין אַ דריטן און אַזוי ווייטער, ביז זי ווערט ריין. עס טרעפט אפילו אַמאָל, אַז די נשמה פון אַ מענטשן ווערט מגולגל אין אַ חיה און מוז אויסשטיין די גרעסטע ליידן, ביז זי גייט אַרויס ריין פון זינד. די נשמה פון צדיקים ווערט מגולגל אין מענטשן, וואָס גאָט האָט זיי אָנגעצייכנט אַ גרויסע צוקונפט אין לעבן. לויט געוויסע סמנים קאָן מען אפילו דערקענען, וואָס פאַר אַ גרויסע נשמה עס לעבט אין יעדן גרויסן מענטשן. ווען אַלע נשמות וועלן אָפּגערייניקט ווערן, דאַן וועט קו־מען משיח. דעם דאָזיקן ליכטיקן מאָמענט קענען מיר אָבער דערנענטערן, ווען מיר זאָלן זיך פאַרטיפן און אָנשטרענגען אונזער רעליגיעזן רצון, ווייל

צווישן דער און יענער וועלט עקזיסטירט אַ שטענדיקע, אומאויפהערלעכע פאַרבינדונג: יעדעס וואָרט, יעדע טאַט אויף דער וועלט מאַכט אַ געוויסן רושם אויף יענער וועלט. פון אַ תפלה אָדער פון אַ געוויסן רעליגיעזן מנהג הענגען אָפּ גאַנצע וועלטן, ווייל יעדע מינדסטע רעליגיעזע תנועה אויף דער וועלט קאָן מאַכן אַן איבערקערעניש אין די אויבערשטע וועלטן. עס זיינען פאַראַן געוויסע רעליגיעזע שפּרוכן, וואָס ווען זיי ווערן געזאָגט אין דעם ריכטיקן מאָמענט, אין דער געהעריקער גוטער שעה, קענען זיי ענדערן דעם גאַנצן גורל פון מענטשן. דורך באַשווערן קען מען אַרויסטרייבן אַ דבוק און אויסהיילן פאַרשידענע קראַנקייטן. די בעסטע צייט אויף זיך צו באַהעפטן מיט די העכערע וועלטן איז שבת. בעת די שבתדיקע סעודות זיצן צווישן אונדז אומבאַמערקט „דער הייליקער זקן" (גאָט) און גאַנצע פמליות פון מלאכים. יעדער יום־טוב האָט זיין סימבאָלישע באַדייטונג. אַזוי, צום ביישפּיל, דער זיבעטער טאָג פון סוכות, הושענה רבה, האָט ביי די צפתער מקובלים באַקומען אַ באַדייטונג פון צווייטן „יום כפור", ווען אויפן הימל ווערט ענדגילטיק באַשלאָסן דער גורל פון מענטשן אויף דעם קומענדיקן יאָר. ערב הושענה רבה דאַרף מען זיין אַ גאַנצע נאַכט וואַך און פאַרברענגען אין לייענען שטיקלעך פון „זהר". ווי אַן הוספה צום „שלחן ערוך" פון ר' יוסף קארו איז אפילו אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַפּאָקריפישער „שולחן ערוך אַר"י", וואו עס זיינען אויסגערעכנט אַלע סימבאָלישע צערעמאָניעס פון די מקובלים.

אויף אַזאַ אופן איז אין ארץ ישראל אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט אַנטשטאַנען די פּראַקטישע קבלה, וועלכע אונטערשיידט זיך פון דער קבלה פון דער שפּאַנישער שול דערמיט, וואָס די לעצטע איז נאָר געווען אַ נייע רעליגיעזע מעטאַפיזיק און האָט מיט דער פּראַקטיק גאָרנישט געהאַט צו טון, בשעת די קבלה פון אר"י איז געווען דורכאויס פּראַקטיש, האָט געוואָלט ווירקן אויף דעם געפיל און אויף די מעשים פון לעבעדיקן יידן. די גרויסע ליידן, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט אין ענדע פון מיטלאַלטער, האָבן אַרויפגעלייגט אַ חותם פון טיפן טרויער אויף דער יידישער נשמה. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער איינדרוק פון די חורבות אין ארץ ישראל און די דערמאָנונג וועגן דער אַמאָליקער יידישער גרויסקייט, — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויפגעוועקט אין דער יידישער נשמה אַן אומקלאָרע בענקשאַפט נאָך משיח דעם אויסלייזער. פיל האָט זיך

אויסגעוויזן, אַז דער מאָמענט איז שוין נאָענט, אַז די יידישע צרות האָבן שוין איבערגעפולט דעם ברעג און אַז איצט מוז שוין קומען יענע צייט, וועגן וועלכער עס האָבן גערעדט די נביאים. מ׳דאַרף זיך נאָר מכין זיין צום „קץ״, מ׳דאַרף זיך נאָר פאַרטיפן אין תפלה און אין קדושה, אָפּרייניקן די נשמות דורך תשובה און דאַן וועט קומען משיח. דער „זהר״, וואָס איז פריער געווען פאַרשפּרייט נאָר אין געציילטע עקזעמפּליאַרן, איז גראָד צו יענער צייט אָפּגעדרוקט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין איטאַליע אין צוויי אויפלאַגעס, אַזוי אַז ער איז געוואָרן פאַרשפּרייט צווישן אַ גרויסן קרייז פון יידישן פאָלק. באַזונדערס התלהבותדיקע אָנהענגער האָט די מיסטישע לערע געפונען אין צפת, וואו נאָך אין די צייטן פון די איסיים פלעגן זיך הערן רייד וועגן „תשובה״ און וועגן דער נאָענטקייט פון דער „מלכות השמים״. אין דער דאָזיקער שטאָט, וואָס איז געווען באַזעצט כמעט דורכ־אויס פון יידן, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון מקובלים און פאַרחלומ־טע מיסטיקער, ווי שלמה אַלקאַביץ, משה קאָרדאָווערא, אליהו דע ווידאַס און אלישע עליקה. די מיטגלידער פון דער גרופּע פלעגן זיך פאַרזאַמלען יעדן פרייטיק און זיך מתודה זיין איינער פאַרן צווייטן אין די זינד, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען במשך פון דער וואָך. די גרופּע האָט זיך גערופן „סכת שלום״ (דאָס געצעלט פון פרידן); און ווען דער אר״י איז צו זיי אָריינגע־טראָטן ווי אַ מיטגליד (אין 1570), האָט די גרופּע באַלד באַקומען פליגל און דערוואָרבן אַ גרויסן איינפלוס אויף ברייטע יידישע קרייזן. די פּראַק־טישע קבלה האָט באַשאַפן אין פאָלק אַ פאָרשטעלונג וועגן לעבן, ווי וועגן אַ „טאָל פון טרויער״, ווייל דער מענטש איז שטענדיק אַרומגערינגלט פון שלעכטע גייסטער, וואָס שטרעבן אים אומצוברענגען. דער ייד איז געוואָרן פּעסימיסטיש געשטימט, פאַרחושכט, פאַרטרויערט און פאַרזונקען אין שטענדיקע מחשבות וועגן די שרעקלעכע יסורים פון גיהנם, וועגן גלגולים און זינד. אין אַלגעמיין איז די פּראַקטישע קבלה געווען אַ שריט צוריק, ווייל דער אינטערעס צו גייסטיקער געזונטער אַרבעט איז געוואָרן אָפּגע־שוואַכט. צו די תרי״ג מצוות און טויזנטער דינים פון תלמוד זיינען איצט צוגעקומען נייע דינים און מנהגים; די פאָראורטיילן צווישן פאָלק האָבן זיך פאַרמערט און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר די פאַלשע משיחים, פאַר פאַר־שידענע שאַרלאַטאַנעס־פאַרשווערער און „אויסלייזער״.

איין מעלה האָט די קבלה געהאַט, וואָס זי האָט אַ ביסל אויפגע־

מונטערט דאָס געפיל און אָנשטאָט דעם טרוקענעם דין איז געשאַפן גע־וואָרן אַן אינטערעס צו דער אגדה און פּאָעזיע. צו יענער צייט האָט דער סאַלאָניקער געלערנטער ר׳ יעקב בן חביב אַרויסגענומען אַלע אגדות פון תלמוד און אַרויסגעגעבן זיי אין אַ באַזונדער ווערק אונטערן נאָמען „עין יעקב״. זיין זון ר׳ לוי בן חביב האָט דאָס ווערק דערנאָך אויסגעבעסערט און דער „עין יעקב״ איז געוואָרן אַ פּאָפּולער ספר צווישן יידן. אַנשטאָט די למדנים זיינען איצט געקומען די מגידים, וואָס האָבן געלערנט דאָס פאָלק אין אַ פּאָפּולערער פאָרעם, און אנשטאָט די טרוקענע חקירות איז אָנגענומען און באַליבט געוואָרן די אגדה, די פּאָעטישע דערציילונג. די דאָזיקע ווירקונג פון דער אגדה איז זייער באַמערקבאַר אין די דרושים פון ר׳ משה אַלשיך, אַ תלמיד פון ר׳ יוסף קאַרו.

איינער פון דער מיסטיקער־גרופּע, ר׳ שלמה אַלקאַביץ, איז דער מחבר פון דעם שיינעם הימן „לכה דודי״, מיט וועלכן מען באַגריסט איצט דעם שבת אין אַלע יידישע שולן. אין דעם הימן זעט זיך אַרויס דער מיסטישער קולט פון דער „שבת־מלכתא״ אָדער „כלה״, וואָס פאַרבינדט דעם יידן מיט גאָט, און דאָ הערט זיך אויך די טרויעריקע בענקשאַפט נאָך דער מו־טער ציון, וואָס דריקט זיך אויס אין די ליידנשאַפטלעכע ווערטער:

מקדש מלך, עיר מלוכה, קומי צאי מתוך ההפכה!
רב לך שבת בעמק הבכא!

אלקבץ האָט אויך פאַרפאַסט אַנדערע מיסטישע תפלות און געשריבן פירושים צו פאַרשידענע ספרים פון דעם תנ״ך. ער איז געקומען קיין ארץ ישראל פון דער אייראָפּעאישער טערקיי און דאָרט געלערנט קבלה ביי דעם סאַלאָניקער פּרוש ר׳ יוסף טייטיצאַק, וועגן וועלכן ס׳האָט זיך דער־ציילט, אַז ער איז פּערציק יאָר געשלאָפן אויף אַ קורצער באַנק, די פיס אַראָפּגעהאָנגען, כדי נישט צו האָבן קיין הנאה פון שלאָף. אין צפת איז אַלקאַביץ געוואָרן אַן אינטימער פריינט פון ר׳ יוסף קאַרו און איינער פון די גרינדער פון דער קבליסטישער גרופּע, צו וועלכער עס איז דערנאָך צו־געשטאַנען דער אר״י. אין 1571 האָט אלקאביץ און זיינע חברים אין אַ באַזונדער „קול קורא״ מודיע געווען דער וועלט, אַז אין דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסן פּובליקום האָט מען אַרויסגעטריבן אַ דבוק פון איינער אַ קראַנקער פרוי, אין צפת. דער דבוק זאָל האָבן זיך מתודה געווען פאַר די קבליסטן, אַז ער איז אַ גלגול פון איינעם אַ גרויסן בעל עבירה און האָט

זיך באַזעצט אין קערפּער פון אַ משוגענער פרוי, כדי אויסצוקויפן זיך פון די פריערדיקע זינד. מיט גרויס מי האָט מען דעם דבוק אַרויסגעטריבן פון קערפּער פון דער אומגליקלעכער פרוי, וועלכע די מוסולמענער האָבן געוואָלט פאַרברענען, ווי אַ מכשפה.

דער קרוב פון אַלקאַביץ, ר׳ משה קורדואירה (1522־70), איז געווען אַן אָנגעזעענער טעאָרעטיקער פון דער נייער פּראַקטישער קבלה. ער האָט געפּרואווט באַשאַפן אַ סיסטעמאַטישע קבליסטישע טעאָריע און די אידייע וועגן צען ספירות איז אין זיין לערע שוין איינער פון די דאָגמעס, וואָס ווער עס גלויבט נישט אין זיי, ווערט גערעכנט פאַר אַן אפיקורוס. פון די דריי הייליקע ספרים: תנ״ך, תלמוד און „זהר״, איז דער לעצטער, לויט דער מיינונג פון ר׳ משה קורדואיראָ, דאָס סאַמע וויכטיקסטע. אויב ר׳ משה איז געווען אַ גרויסע טעאָרעטישע קראַפט פון דער קבלה, איז זיין תלמיד ר׳ אַליהו דע־ווידאַש געווען זייער פּאָפּולער צווישן יידן דורך זיין ספר „ראשית חכמה״, וואָס איז געוואָרן אַ נייטיקע זאַך אין יעדער פרומער יידישער שטוב. דער ספר איז געגרינדעט אויף דעם זאַץ „ראשית חכמה יראת ד׳״, און דער מחבר באַמיט זיך טאַקע אָנצואוואַרפן אַזאַ יראה אויף זיינע לייענער. מיט שרעקלעכע פאַרבן שילדערט ער די יסורים פון גיהנם און פאָדערט פון אַלעמען עפנטלעכע תשובה און יסורים. אַזוי, צום ביישפּיל, איינער, וואָס איז באַגאַנגען דעם חטא פון זנות, דאַרף ווינטער יעדן טאָג זיצן אַ שעה נאַקעטערהייט אין שניי אָדער אין קאַלט וואַסער, און זומער — צווישן פליגן און בינען, וואָס זאָלן בייסן זיין לייב. אַ רכילותניק אָדער פּראָצענטניק, וואָס וויל תשובה טאָן, דאַרף מחילה בעטן ביי די, וואָס ער האָט באַליידיקט, דערנאָך פאַסטן פערציק טעג, אָפּן זיך מתודה זיין אין שול און דערנאָך באַקומען אַ געוויסע צאָל מלקות. — דער „ראשית חכמה״ איז שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן עטלעכע מאָל און איז געוואָרן זייער פאַרשפּרייט צווישן פאָלק.

אויסער די ספרים, וואָס זיינען דערשינען מיטן נאָמען פון מחבר, זיינען אין יענער צייט אַרויס אויך פיל קבלה־ספרים אָן אַ נאָמען פון אויטאָר און שפּעטער האָט מען די אַלע ספרים צוגעשריבן דעם אר״י אליין. עס זיינען אויך געווען פאַרשפּרייט פאַר יחידי סגולה נישט־געדרוקטע כתבים און די אַמאָטאָרן פלעגן דערפאַר צאָלן גרויסע געלטער. פון דער דאָזיקער אַפּאָקריפישער (אָן נאָמען פון מחבר) ליטעראַטור זיינען צוזאַ־

מענגעשטעלט געוואָרן שפּעטער די באַוואוסטע קבלה־ספרים: „עץ חיים", „ספר כונות", „גלגולים" און אַנדערע, ווי אויך „שבחי אר"י" און „חזיר־נות חיים וויטאַל".

די רעליגיעזע פּאָעזיע האָט דעמאָלט געהאַט אַ טאַלאַנטפולן פאָר־טרעטער אין דער פּערזאָן פון ר' ישראל נגארה רב אין דמשק און עזה. זיינע שול־פּזמונים אויף העברעאיש און תרגום־לשון, וואָס זיינען צונויפ־געזאמלט אין ספר „זמירות ישראל", זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ טיף רעליגיעז־נאַציאָנאַלן געפיל. פיל פון זיי זיינען אריינגענומען געוואָרן אין די סידורים און באַזונדער פּאָפּולער איז זיין פּזמון „יה רבון", וואָס איז אריין אין דער זאַמלונג פון די שבתדיקע זמירות.

אין 16־טן יאָרהונדערט זיינען אין טערקיי פאַרעפנטלעכט געוואָרן אייניקע היסטאָרישע דערמאָנונגען, וואָס האָבן נישט ווינציק מיטגעהאָלפן צו פאַרשטאַרקן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל. אין 1550 איז אין טערקיי דער־שינען אַ מערקווירדיקע היסטאָרישע כראָניק פון די יידישע צרות אין מיטל־אַלטער, מיטן נאָמען „שבט יהודה". דאָס דאָזיקע בוך איז אַ ווערק, אויף וועלכן עס האָבן געאַרבעט דריי דורות. אָנגעהויבן האָט עס שרייבן דער געלערנטער ר' יהודה אבן־ווערגא, וואָס האָט געלעבט אין סעווילי‌ע אין דער צווייטער העלפט פון 15־טן יאָרהונדערט; דעם גרעסטן טייל פון בוך האָט דערשריבן זיין זון אָדער אייניקל שלמה אבן־ווערגא, וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאָרטוגאַל קיין טערקיי און אַרויסגעגעבן האָט דעם ספר, מיט אייגענע הוספות, דער זון פון ר' שלמה, ר' יוסף אבן־ווערגא, א רב אין אַדריאַנאָפּאָל. אין „שבט יהודה" ווערן אויספירלעך געשילדערט די עפּיזאָדן פון דער געשיכטע פון די רדיפות אויף יידן אין שפּאַניע און אין פראַנקרייך; באַזונדערס אויספירלעך ווערן אַרומגערעדט די דיספּוטן צווישן די יידישע געלערנטע און די קאַטויליקן. די שילדערונגען אין דעם ספר זיי־נען געשריבן אָן אַ שום כראָנאָלאָגישער אָרדנונג. דערפאַר איז אָבער דאָס גאַנצע בוך געשריבן אין אַן איינפאַכן שיינעם סטיל און דער איינדרוק איז זייער אַ שטאַרקער. דער „שבט יהודה" איז נאָך איצט אויך איינער פון די הויפּט־קוואַלן פאַר דער געשיכטע פון יידן אין מיטל־אַלטער.

---

יעדער פרישער אומגליק, יעדער נייער שייטערהויפן און גירוש אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל האָט פאַרשטאַרקט די יידישע אויסוואַנדע־

רונג, וואָס האָט גרופֿן אָדער מאַסנווייז זיך אַ לאָז געטון קיין טערקיי זוכן אַ היים און אַ בית־מקלט פון די שרעקלעכע יסורים, און אויף דעם וועג פון די פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע איז דער ערשטער עטאַפּ געווען איטאַליע. צו די איטאַליענישע פאָרטן האָבן זיך די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע מגורשים אַ לאָז־געטאָן מאַסנווייז און ערשט פון דאָרטן האָבן זיי זיך געלאָזט קיין טערקיי. פיל יידן זיינען אָבער אויך פאַרבליבן אין איטאַליע און פון די פּאָרטן זיך פאַרשפּרייט איבער די אינערלעכע פּראָווינצן פון לאַנד. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער יידישער צענטער אין איטאַליע זאָל ווערן באַדייטנדיק פאַרגרעסערט. אָבער צוזאַמען דערמיט זיינען יידן געוואָרן פיל מער באַמערקבאַר און אַנגעזעענער אין די אויגן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, און די ,,יידנפראַגע", וואָס האָט פריער, ווען די יידישע באַפעלקערונג אין איטאַליע איז נאָך געווען גאָר קליין, נישט עק־זיסטירט, איז איצט, אין 16־טן יאָרהונדערט אַרויפגעשווימען אויף דער טאָג־אָרדענונג און פאַר די איטאַליענישע יידן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביי־עפּאָכע פון צרות און רדיפות.

אין אייניקע ערטער האָבן די ספרדישע עמיגראַנטן פון די יידן און מאַראַנען, צווישן וועלכע עס זיינען געווען נישט ווייניק באַנקירן, סוחרים און נוצלעכע אונטערנעמער, געפונען אַ גוטן אויפנעם און די מאַכט האָט אפילו געקוקט צווישן די פינגער אויף די אַנטלאָפענע מאַראַנען, וואָס זיינען אין איטאַליע בפרהסיא ווידער געוואָרן יידן. אָבער אין דעם רוב טייל איטאַליענישע שטעט האָבן די יידישע האַנדלס־פעאיקייטן אַרויסגע־רופן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַ פּחד פאַר קאָנקורענץ. צו די עקאָנאָמישע סבות איז נאָך צוגעקומען דער רעליגיעזער האַס און פאַר די עמיגראַנטן, ווי פאַר די איינגעבוירענע איטאַליענישע יידן, האָבן זיך אין אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן די מיטלאַלטערישע פאַר־פאָלגונגען מיט אַלע זייערע אכזריותן.

די ערשטע איז אַרויפגעטרעטן אויף דעם וועג די ווענעציאַנישע רע־פּובליק. דאָ איז דער אַריינפלוס פון די רייכע און געבילדעטע ספרדים און זייער אַנטייל אין דער גרויס־אינדוסטריע געווען פון איין זייט נוצלעך פאַר דער רעפּובליק; פון דער צווייטער זייט האָבן אָבער די ספרדים, ווי פעאיקע קאָנקורענטן, אַרויסגערופן אַ פּחד ביי די קריסטלעכע סוחרים. און די אינטערעסן פון דעם האַנדלס־קלאַס האָבן ענדלעך גובר

געווען די אינטערעסן פון דער מלוכה. אין 1516 זיינען די ווענעציאַנישע יידן געצוואונגען געוואָרן, זיך איבערצוטראָגן פון די צענטראַלע טיילן פון שטאָט אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל אָדער „געטאָ״. שפּעטער איז דער דאָזיקער ספּעציעל־איטאַליענישער טערמין „געטאָ״ איבערגעגאַנגען אויף פאַר די יידן פון אַנדערע לענדער און פאַרבליבן נאָך ביז היינט. דערמיט איז צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט געוואָרן פאַר יידן אַ באַזונדער תחום המושב און זיי זיינען באַגרענעצט געוואָרן אין זייער האַנדלס־ספערע. אַ צווייטע פּאָרט־שטאָט, גענואַ, האָט אָנגענומען קעגן יידן אַנדערע באַגרע־נעצונגס־מיטלען: יידן האָבן געמוזט טראָגן ספּעציעלע צייכנס אויף די מלבושים און וואוינען דאָרט האָבן געמעגט נאָר הורטאָוונע סוחרים און דאָקטוירים, וואָס האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש פון פּויפּסט צו פּראַק־טיצירן.

גאָר אין אַ באַזונדער לאַגע האָבן זיך געפונען די יידן פון דרום־איטאַליע. בשעת יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע, איז קעניג פון נעאַפּאָל געווען דער לעצטער פאָרשטייער פון דער אַראַגאָנער די־נאַסטיע אין איטאַליע, פערדינאַנד דער ערשטער. אַזוי ווי דאָס נעאַפּאָלער קעניגרייך איז נישט געשטאַנען אונטער דער העכערער שליטה פון שפּאַ־ניע, האָט דער באַפעל פון 1492 וועגן אַרויסטרייבן יידן פון אַלע שפּאַ־נישע פּראָווינצן נישט באַצויגן זיך אויף נעאַפּאָל. דאָרט האָט טאַקע זיך באַזעצט איינע פון די ערשטע גרופּעס שפּאַנישע מגורשים מיט ר׳ יצחק אברבנאל אין דער שפּיץ, וועלכע זיינען דורכן קעניג אויפגענומען געוואָרן פריינדלעך. ווען צווישן די פאַרמאַטערטע אימיגראַנטן האָט זיך שפּעטער פאַרשפּרייט די פּעסט, און די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מען זאָל די יידן אַרויסטרייבן פון נעאַפּאָל, כדי די עפּידעמיע זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן ווייטער, האָט פערדינאַנד זיך אַרויסגעוויזן אויף אַזוי פיל ערלעך און הומאַניש, אַז ער האָט דעם פאַר־לאַנג נישט דערפילט און אנשטאט דעם האָט ער געהייסן אויסבויען פאַר די אומגליקלעכע קראַנקע שפּיטאָלן און זיי באַזאָרגן מיט דאָקטוירים און עסן. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן די פינאַנציעלע פעאיקייטן פון געלערנטן און געוועזענעם קאַסטילישן פינאַנציסט, ר׳ יצחק אברבנאל, האָט דער קעניג פערדינאַנד אים אריינגענומען אין הויף און אים געגעבן אַ שטעל אין פינאַנץ־מיניסטעריום. די שטעל האָט אברבנאל פאַרנומען

אויך שפּעטער ביים קעניג אַלפאָנס. שפּעטער האָט ער געמוזט ליידן צו־זאַמען מיטן קעניג און צוזאַמען מיט אים גיין אין גלות. אין 1495 האָט דער פראַנצויזישער קעניג קאַרל דער אַכטער, וועלכער איז שוין פון לאַנג געווען דער פּרעטענדענט אויף דער נעאַפּאָלער קרוין, איינגענומען נעאַפּאָל, און אברבנאל צוזאַמען מיט זיין באַשיצער אַלפאָנס האָבן געמוזט אַנט־לויפן פון שטאָט. אברבנאל האָט דערביי פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן, זיינע ספרים און האַנטשריפטן, וואָס זיינען געווען ביי אים טייערער פון אַלץ. פריער האָט ער באַגלייט דעם אַראָפּגעוואָרפענעם קעניג אַלפאָנס קיין סיציליע, וואוהין יענער איז אַנטלאָפן, דערנאָך איז ער אַריבערגע־פאָרן אויף דער אינדזל קאָרפו און ענדלעך זיך באַזעצט אין שטעטל מאָנאָפּאָל. דאָ האָט אברבנאל זיך געקאָנט ווידער נעמען צו זיין ליטע־ראַרישער טעטיקייט, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאָט: ער האָט דאָ פאַר־ענדיקט זיין פירוש צו תנ״ך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין שפּאַניע, און אָנגעשריבן אַ ריי אַנדערע ספרים. אין 1503 איז ער אַרי־בערגעפאָרן קיין ווענעדיק און דאָרט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן; גע־שטאָרבן איז ער אין ווענעדיק און מקבר געווען האָט מען אים אין פּאַדוא, וואוהין מען האָט אַריבערגעפירט זיין קערפּער.

נאָך אַ צען־יעריקער מלחמה צווישן פראַנקרייך און שפּאַניע מיט דייטשלאַנד איז דאָס נעאַפּאָלער קעניגרייך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון באַרימטן צורר היהודים, דעם שפּאַנישן קעניג פערדינאַנד דער קאַטאָליק, וועלכער האָט באַשטימט ווי אַ הערשער אין נעאַפּאָל וויצע־קעניגן. דער ערשטער וויצע־קעניג גאָנזאַלוואָ דע קאָרדאָוואָ האָט פאַרטיידיקט יידן און נישט געלאָזט זיי אַרויסטרייבן פון לאַנד. ווען פערדינאַנד האָט געפאָדערט, אַז נעאַפּאָל זאָל אָפּגערייניקט ווערן פון די „אומגלויביקע״, האָט גאָנזאַל־וואָ אים אָפּגעענטפערט, אַז יידן אין נעאַפּאָל זיינען דאָ זייער ווינציק און אויב מען וועט זיי פון דאָרטן אַרויסטרייבן, וועלן זיי מיטנעמען מיט זיך זייערע קאַפּיטאַלן און איבערפירן זיי קיין ווענעדיק, וואָס קאָנקורירט אין האַנדל מיט נעאַפּאָל. פערדינאַנד האָט ענדלעך מסכים געווען, פאָרלויפיק צו לאָזן יידן ווייטער וואוינען אין נעאַפּאָל, אָבער דערפאַר האָט מען אָנ־געהויבן רודפן די מאַראַנען, וואָס זיינען אַהין אַנטלאָפן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אינקוויזיציע, וואָס האָט נאָכגע־

שפּיאָנירט די מאַראַנען און פֿאַרפֿאָלגט די, וואָס מען האָט געכאַפּט אין „אומגלויבן".

אין יענער צייט האָט ביים ליבעראַלן גאָנזאַלוואָ געדינט ווי אַ הויז־דאָקטער דער זון פֿון ר' יצחק אברבנאל, יהודה־לעאָן אברבנאל, דער מחבר פֿון די באַוואוסטע „דיאַלאָגן וועגן ליבע", וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויף איטאַליעניש. נאָך דעם ווי גאָנזאַלוואָ איז געפֿאַלן (אין 1507) האָט לעאָן אברבנאל אַ געוויסע צייט געוואוינט ביי זיין פֿאָטער אין ווענעדיק און דערנאָך אין גענואַ (ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1535). ביי דעם שפּעטער־דיקן וויצע־קעניג פֿון נעאַפּאָל, דאָן פּעדראָ, האָט געדינט ווי אַ פֿינאַנץ־אַגענט דער צווייטער זון פֿון ר' יצחק אברבנאל, שמואל, אַ טאַלאַנטפֿולער פּאָליטיקער, אַ מענטש מיט אַ ברייטער נאַטור און זייער איידעלן כאַראַק־טער. זיין פֿרוי, בענוועניִדאַ, האָט געשמט ווי אַ קלוגע און גוטהאַרציקע, און איז געווען אַ נאָענטע חברטאָרין פֿון דעם וויצע־קעניגס טאָכטער לעאָ־נאָראַ, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דעם הערצאָג קאָזמאָ מעדיטשי. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געקאָנט אָפּראַטעווען די יידן פֿון אומגליק, וואָס איז אויף זיי געקומען אומגעריכט: ווען דער דייטשער אימפּעראַטאָר און שפּאַנישער קעניג, קאַרל דער פֿינפֿטער, האָט אין יאָר 1530 געמאַכט זיין טריאומף־רייזע איבער איטאַליע, האָבן די קלעריקאַלן ביי אים געפּועלט אַרויסצוטרייבן די יידן פֿון נעאַפּאָל, ווייל זיי ציען אָפּ די מאַראַנען פֿון קריסטנטום. עס האָבן נישט געהאָלפֿן די אַלע בקשות פֿון אברבנאל און פֿון דער טאָכטער פֿון וויצע־קעניג, לעאָנאָראַ, — זיי האָבן נאָר געקאָנט פּועלן ביים קעניג קאַרל, אַז די גזירה זאָל אָפּגעלייגט ווערן אויף אַ קלענער צייט.

אין 1533 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז אַלע יידן פֿון נעאַפּאָל און דער אומגעגנט זאָלן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד; דער וויצע־קעניג דאָן־פּעדראָ, וואָס איז געווען קעגן דער דאָזיקער אַכזריותדיקער גזירה, און ר' שמואל אברבנאל האָבן ווידער געפּועלט ביים קעניג, אָפּצולייגן דעם גירוש אויף 10 יאָר, אָבער קאַרל האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם טערמין, און אין 1540 האָט ער ווידער באַפֿוילן, אַז יידן זאָלן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. דאָ האָבן שוין נישט געקענט העלפֿן קיין תחנונים, און טויזנטער יידן האָבן געמוזט פֿאַר־לאָזן נעאַפּאָל, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ בית־מקלט פֿאַר די פֿאַר־טריבענע פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אייניקע האָבן זיך געלאָזט קיין טער־

קיי, אַנדערע — אין די צענטראַלע פּראָווינצן פון איטאַליע, וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען. צוזאַמען מיט די פאַרטריבענע איז געגאַנגען אויך ר׳ שמואל אברבנאל, הגם אים, ווי אַן אויסנאַם, האָט מען דערלויבט ווייטער צו בלייבן אין נעאַפּאָל — ער האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם חסד און בלייבן אין אַ לאַנד, וואָס האָט פאַרטריבן זיינע ברידער.

די רוימישע פּויפּסטן האָבן אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט מיט קיין זאַך נישט געשטערט דער יידישער באַפעלקערונג און אפילו זיך ווינציק געזאָרגט וועגן דעם, וואָס די מאַראַנען טרעטן אָפּ פון קריסטנטום. אַזעלכע פּויפּסטן, ווי אַלעקסאַנדער דער זעקסטער, יוליוס דער צווייטער, זיינען געווען פיל מער ענלעך צו וועלטלעכע לעב־יונגען, ווי צו גאָטדינער. זיי האָבן זיך ווינציק אינטערעסירט מיט דער קירכע און מיט די קאַנאָנישע געזעצן און זיך נאָר באַמיט צו לעבן אַ גוטן טאָג. דע־ריבער האָבן זיי רואיק צוגעזען דעם וואוקס פון דער יידישער באַפעלקע־רונג אין רוים און אין אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געהערט צו די פּויפּסטן, און אַליין זיך באַנוצט מיט דער טעטיקייט פון די יידישע דאָקטוירים און פּאָליטישע טוער. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע קאַטוילישע רעאַקציע, וואָס האָט פאַר־שאַפט אומגעווייניגלעכע ליידן די יידן פון די פּויפּסט־לענדער.

די רוימישע קירכע, וואָס איז צו יענער צייט געווען רואינירט און דערשלאָגן דורך די קלעפּ פון דער רעפאָרמאַציע, האָט זיך גענומען פאַר־טיידיקן מיט געוועהר אין די הענט, און אָנגעשטרענגט די לעצטע כוחות צו ראַטעווען כאָטש דאָס, וואָס איז מעגלעך. אַ גרויסן טייל פון איירָאָפּע האָבן די פּויפּסטן שוין געהאַט פאַרשפּילט, זייער גייסטיקע אויטאָריטעט איז שטאַרק געפאַלן דורך דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג; די קירכע האָט דערי־בער געמוזט דורך יעזואיטישע מיטלען, אינקוויזיציעס, טורמעס און ענוים אָפּהיטן און באַפעסטיקן די לעצטע קליינע סטאַדע, איבער וועלכער זי האָט נאָך געהאַט אַ שליטה. קעגן דעם גרעסטן פאַקטאָר פון דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן געדאַנק — ביכער־דרוקעריי — ווערט אויפגעשטעלט די פּויפּסטלעכע צענזור, וואָס דריקט יעדן פרייען געדאַנק און לאָזט נישט צו קיין פרייע שאַפונג. קעגן דעם שטאַרקסטן קולטור־פאַקטאָר — די פריי־הייט פון געוויסן און געדאַנק — ווערט אַרויסגעשטעלט דער אָרדען פון די יעזואיטן, וואָס פאַרכאַפּן אין זייערע הענט די דערציאונג פון די קינדער

און ווערן די אינקוויזיטאָרן פון דער מענטשלעכער נשמה. האָס, רעליגיע־זער פאַנאַטיזם און אינקוויזיציע־מיטלען ווערן די הערשער פון געדאַנק און געוויסן, און די ערשטע קרבנות פון דער פויפּסטלעכער אינקוויזיציע זיי־נען, נאַטירלעך, די יידן.

די רוימישע יעזואיטן און אינקוויזיטאָרן האָבן צום ערשטן זיך גע־נומען צום תלמוד. אַ דאַנק דער דערפינדונג פון דרוק האָט דער תלמוד צו יענער צייט אָנגעהויבן זיך צו פאַרשפּרייטן איבער איטאַליע אין אַן אומ־געהייערער צאָל. פון ענדע 15טן יאָרהונדערט האָבן אין פאַרשידענע דרוק־קערייען אין איטאַליע זיך אָנגעהויבן דרוקן איינצלנע מסכתות פון תלמוד און אין יאָר 1520 האָט דער באַוואוסטער דרוקער דניאל באָמבערג אין ווענעדיק אַרויסגעגעבן גאַנץ תלמוד בבלי מיט פּירושים. די שנעלע פאַר־שפּרייטונג פון תלמוד צווישן יידן האָט, נאַטירלעך, נישט געקאָנט רואיק לאָזן די יעזואיטן, און די רוימישע צענזור האָט זיך גענומען צו רעפּרעס־יעס. מ׳האָט נאָר פריער געדאַרפט געפינען פאָרמעל עפּעס אַ פּתחון־פּה דערצו, און דאָס איז לייכט דערגרייכט געוואָרן דורך עטלעכע יידישע משומדים, וואָס האָבן באַשטעטיקט די אַלטע מסירה, אַז אין תלמוד געפי־נען זיך פיינטלעכע שטעלן קעגן קריסטנטום. דאַן האָט דער פויפּסט יוליוס דער דריטער (אין יאָר 1553) אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן פאַרניכטן דעם „שעדלעכן" תלמוד. די שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציע האָבן באַלד זיך גענומען צו מאַכן רעוויזיעס אין די יידישע הייזער, צוגענומען אַלע עקזעמפּליאָרן פון תלמוד און אין ראש־השנה זיינען אויף איינעם פון די רוימישע פּלעצער עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן טויזנטער קאָנפיסקירטע עקזעמפּליאָרן פון תלמוד. אַזעלכע קאָנפיסקאַציעס און אויטאָ־דאַ־פעס זיי־נען פאָרגעקומען אויך אין ווענעדיק, פעראַראַ, מאַנטואַ און אַנדערע איטאַ־ליענישע שטעט. די אַלע בקשות פון די יידן ביים פויפּסט, אַז מען זאָל אָפּשאַפן דעם דעקרעט, האָבן נישט געהאָלפן, און דער פויפּסט האָט נאָר געטון דעם חסד, וואָס ער האָט דערקלערט, אַז קאָנפיסקירן און פאַרברענען דאַרף מען נאָר דעם תלמוד און נישט אַנדערע יידישע ספרים.

ווען אַלס פויפּסט, אונטערן נאָמען פּאַאול דער פערטער (1555 — 1559), איז אויסגעקליבן געוואָרן דער קאַרדינאַל קאַראַפּאַ, דער קאָפּ פון די שטאַרקסטע רעאַקציאָנערן, האָט מען אָנגעהויבן איבערגיין פון אינק־וויזיציע אויף די יידישע ספרים צו אנקוויזיציע אויף די יידן אַליין. פּאַאול

דער פערטער האָט מיט זיין בלינדן פאַנאַטיזם און אַכזריות געבראַכט די קאַטוילישע רעאַקציע צו אַזאַ שרעקלעכן טעראָר, וואָס האָט אויפגערעגט אפילו די גלויביקע קאַטאָליקן אַליין. ווי נאָר ער האָט איבערגענומען די ממשלה אין זיינע הענט, האָט ער אַרויסגעגעבן קעגן יידן צוויי „בולעס״. אין איינער פון זיי האָט ער באַפוילן אַרויפצולייגן אויף יעדער יידישער שול אַן אָפּצאָל פון 10 דוקאַטן לטובת די „קאַטעכומאַנען״, ד״ה די יידן, וואָס גרייטן זיך איבערצוגיין אין קריסטלעכן גלויבן. מיט דעם באַפעל איז דער פויפּסט נאָר אויסן געווען צו באַליידיקן דאָס רעליגיעזע געפיל פון דער פאַרהאַסטער יידישער נאַציע. אין דער צווייטער בולאַ האָט דער פאַנאַטישער פויפּסט באַשטעטיקט די אַלטע באַגרענעצונגען קעגן יידן פון דעם קירכן־קאָנגרעס. יידן אין יעדער שטאָט מעגן וואוינען נאָר אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל, וואָס דאַרף ביינאַכט אָפּגעשלאָסן ווערן דורך באַזונדערע טויערן; און דאָרט מעגן זיי האָבן נאָר איין שול. זיי דאַרפן אויך טראָגן ספּעציעלע צייכנס. מענער: געלע היטלען, און פרויען — געלע טיכער. קריסטן ווערט פאַרבאָטן צו דינען ביי יידן ווי הויז־דינער, דערציערינס אָדער אַמען; קורירן זיך ביי יידישע דאָקטוירים און באַטייליקן זיך אין יידישע שמחות. די געטאָ־איינוואוינער ווערט דערלויבט צו פירן קליינעם האַנדל, איבערהויפּט מיט אַלטוואַרג, אָדער געבן געלט אויף פּראָצענט (נישט מער ווי 12); אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס טאָרן זיי נישט האָבן, און די הייזער און נחלאות, וואָס זיי האָבן שוין דערוואָרבן ביז דעם באַפעל, מוזן זיי אין משך פון זעקס חדשים פאַרקויפן. די דאָזיקע שרעקלעכע געזעצן האָבן געבראַכט יידן אי אַן אומגעוויינלעכן מאַטעריעלן חורבן, אי אַ שרעקלעכע באַליידיקונג. אין רוים האָבן פיל יידן פאַרקויפט זייערע הייזער און פאַרלאָזט דאָס לאַנד. נאָר די שנאה פון פויפּסט צו יידן האָט דערמיט זיך נאָך נישט איינגעשטילט. איין מאָל אין אַן אויפגערעגטן מאָמענט האָט ער אָפּגעגעבן אַ געהיימען באַפעל אונטערצוצינדן אַלע יידישע הייזער אין רוים. צום גליק, האָט דער קאַרדינאַל פאַרנעזע איינגעהאַלטן דעם דאָזיקן משוגענעם באַפעל און אויפן צווייטן טאָג האָט דער פויפּסט אַליין חרטה געהאַט און צוריקגעצויגן די גזירה.

מיט אַ באַזונדערן צאָרן און האַס האָט דער פאַנאַטישער פויפּסט זיך גענומען צו די מאַראַנען. די שטאָט אַנקאָנאַ איז אין דער ערשטער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט געווען דער הויפּט־צענטער, וואוהין עס האָבן

עמיגרירט די אַנטלאָפענע מאַראַנען. די פריערדיקע פויפסטן האָבן די מאַ־ראַנען געלאָזט צורו, און נאָך פּאַאול דער פערטער האָט זיך אַרומגעזען, אַז צו גוט לעבן זיך ביי אים די ערעטיקער און אומגלויביקע, און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן אַלע מאַראַנען און זיי איבערגעבן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע. פיל מאַראַנען, וואָס האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם געהיימען באַפעל, האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן, די איבעריקע, אַן ערך הונדערט מענטשן, זיינען אַרעסטירט געוואָרן און פאַרוואָרפן געוואָרן אין די טורמעס פון דער אינקוויזיציע. צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפונען עטלעכע מאַראַנען טערקישע אונטערטאַנען, וואָס זיינען געקומען קיין אַנקאָנאַ צוליב געשעפטלעכע ענינים. ווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט מען זיך דערוואוסט וועגן זייער אַרעסט, האָט דער מיניסטער יוסף נשיא געבעטן דעם סולטאַן סוליימאַן, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי. דער סולטאַן האָט באַלד געשיקט אַ פּראָטעסט צום פויפסט קעגן דעם אומגעזעצלעכן אַרעסט פון זיינע אונטערטאַנען און געפאָדערט, אַז מען זאָל די אַרעסטירטע תיכף באַפרייען. ער האָט געדראָט, אַז אויב מען וועט זיי ניט באַפרייען וועט מען אָננעמען רעפּרעסיעס קעגן די קאַטאָליקן, וואָס וואוינען אין טער־קיי. דער פויפסט האָט, נאַטירלעך, געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונג פון מאַ־נאַרך, פאַר וועלכן עס האָט דעמאָלט געציטערט גאַנץ אייראָפּע. נאָר דער־פאַר האָט ער אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף יענע אַרעסטירטע מאַראַנען, פאַר וועלכע עס איז נישט געווען, ווער ס'זאָל זיך אָננעמען: זיי זיינען דורכן אינקוויזיציע־געריכט פאַרמשפט געוואָרן צום פאַרברענען. די פאַר־משפטע האָט מען פאָרגעלייגט אָדער תשובה טון אויף זייערע זינד און צו־זאָגן, אַז זיי וועלן שוין מער פון קריסטנטום ניט אָפּטרעטן, אָדער זיך לאָזן פאַרברענען לעבעדיקערהייט. 60 פון זיי (לויט אַן אַנדער נוסח 38) האָבן באַשלאָסן, ווידער אָנצוטון אויף זיך די מאַסקע פון קריסטנטום. זיי זיינען, ווי פאַרברעכער, פאַרשיקט געוואָרן אויף שיפן צו דער אינדזל מאַלטאַ, וואו מען האָט זיי געדאַרפט האַלטן אונטער אַ שטרענגער השגחה. נאָר אויפן וועג איז זיי געלונגען זיך אַרויסצורייסן און צו אַנטלויפן קיין טער־קיי. די איבעריקע מאַראַנען האָבן באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן פאַר זייער אמונה, און מיט אויסרופן: „שמע ישראל, ד׳ אלהינו, ד׳ אחד!" זיינען זיי פאַרברענט געוואָרן אויף אַ שייטערהויפן (סיון 1556).

די ידיעה וועגן די מאַרטירער אין אַנקאָנאַ האָט דערוועקט צווישן

אַלע יידן אין איטאַליע געפילן פון ווייטיק און פאַרביטערונג. אַ גרופּע מאַ־ראַנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון אַנקאָנאַ און פּעזאַראָ, האָבן אָנגענומען אַ דרייסטן שריט. די צוויי שטעט אַנקאָנאַ און פּעזאַראָ, צוויי נאָענטע פּאָרטן פון אַדריאַטישן ים, האָבן שוין פון לאַנג געפירט צווישן זיך אַ שטאַרקע קאָנקורענץ פאַר דער איבערהאַנט אין דעם האַנדל מיט די טער־קיש־לעוואַנטאַנישע האַפנס. אין דער ערשטער העלפט פון 16טן יאָרהונ־דערט פלעגן די לעוואַנטישע שיפן אַממערסטנטייל אַריינגייען קיין אַנקאָנאַ, ווייל די דאָרטיקע יידן און מאַראַנען האָבן געהאַט גרויסע האַנדלס־באַצי־אונגען מיט זייערע ברידער אין טערקיי. ווען דער הערשער פון פּעזאַראָ, הערצאָג פּעזאַראָ, האָט אַריינגעלאָזט צו זיך די אַנטלאָפענע מאַראַנען פון אַנקאָנאַ, האָט ער דאָס געטון נישט אַזוי צוליב מענטשן־ליבע, ווי צוליב אַ פּראַקטישן חשבון: ער האָט גערעכנט, אַז צוליב דעם וועלן די האַנדלס־שיפן פון טערקיי איצט אָנהייבן זיך אָפּצושטעלן אין פּעזאַראָ, און נישט אין אַנקאָנאַ. די דאָזיקע האָפענונג זיינע איז טאַקע די ערשטע צייט מקוים געוואָרן. די אַנטלאָפענע מאַראַנען האָבן באַשלאָסן צו דערקלערן דעם פּויפּסט אַ האַנדלס־מלחמה און באָיקאָטירן אַנקאָנאַ. זיי האָבן אָוועקגע־שיקט צו זייערע טערקישע ברידער אַ ספּעציעלן שליח מיט אַ בריוו, וואו זיי האָבן באַשריבן דעם מאַרטירער־טויט פון די מאַראַנען אין אַנקאָנאַ און געבעטן אין נאָמען פון נאַציאָנאַלער אַחדות צו באָיקאָטירן דאָס דאָזיקע נעסט פון דער אינקוויזיציע און מער נישט שיקן קיין שיפן מיט סחורות קיין אַנקאָנאַ. די טערקישע יידן האָבן הייס זיך אָפּגערופן אויף דער בקשה און זיי האָבן אין די שולן דערקלערט אַ חרם אויף יעדן יידן, וואָס וועט שיקן סחורות נישט דורכן פּאָרט פּעזאַראָ, נאָר דורך אַנקאָנאַ. די רעזול־טאַטן פון דעם באָיקאָט האָט מען באַלד אָנגעהויבן שפּירן. צווישן סאַלאָ־ניקי און אַנקאָנאַ זיינען איבערגעריסן געוואָרן די האַנדלס־באַציאונגען און דער סענאַט מיט דעם שטאָט־ראָט פון אַנקאָנאַ האָבן געמוזט זיך ווענדן צום פּויפּסט מיט אַ ביטע וועגן באַלדיקער הילף, ווייל אַנדערש וועט אַנ־קאָנאַ צוליב דעם יידישן באָיקאָט אין גאַנצן מוזן חרוב ווערן. דער פּויפּסט האָט דערשפּירט, אַז אויך יידן זיינען פעאיק נקמה צו נעמען פאַר זייערע באַליידיקונגען, און ער וואָלט אפשר געמוזט ווייכער ווערן, ווען יידן זאָלן זיך געוועזן האַלטן אייניק און פעסט. צום אומגליק, האָט אָבער צווישן די יידן אַליין אויסגעבראָכן אַ שפּאַלטונג. די איבערגעבליבענע יידן אין

אַנקאָנאַ האָבן זיך דערשראָקן פאַרן באַיקאָט און מורא געהאַט, אַז דער צערייצטער פויפּסט זאָל איצט אין גאַנצן נישט אַרויסטרייבן דאָס רעשט ביסל יידן פון זיין מדינה. זיי האָבן זיך דעריבער געווענדט מיט אַ בקשה צו די טערקישע יידן, אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף זייערע ברידער און מבטל מאַכן דעם באַיקאָט. פון דער צווייטער זייט האָבן יוסף נשיא און די העכערע יידישע געזעלשאַפט אין טערקיי געשטיצט די דרייסטע יידן פון פּעזאַראָ, צוליב דער דאָזיקער שפּאַלטונג האָט דער באַיקאָט נישט גע־קאָנט לאַנג זיך האַלטן; קיין פּעזאַראָ פלעגן אַלץ אָנקומען וויניִק האַנדלס־שיפן, און דער סוף איז געווען, אַז דער הערצאָג אורבינאָ האָט זיך איי־בערצייגט, אַז עס איז נישט כדאי איינצורייסן מיטן פויפּסט צוליב יידן, ווען זיי האָבן נישט געבראַכט די נוצן, אויף וועלכע ער האָט געהאָפט, און נאָך צוויי יאָר רואיק לעבן אין פּעזאַראָ, האָט דער הערצאָג פאַרטריבן פון זיין גאַנצן הערצאָגטום אַלע יידן, וואָס זיינען אַהין אַנטלאָפן.

דער טויט פון פאַנאַטישן פויפּסט פּאַאול האָט דערפרייט נישט בלויז יידן, נאָר אויך פיל קאַטאָליקן. מען דערציילט, אַז די רוימער האָבן עפּנט־לעך צעבראָכן די סטאַטוע פון פאַרשטאָרבענעם פויפּסט און איינער אַ ייד האָט אָנגעטון אויפן קאָפּ פון דער סטאַטוע אַ געל היטל. זיין שטעל־פאַרטרעטער, פּיוס דער פערטער (1559 — 1565), האָט אָפּגעשאַפט איי־ניקע באַגרענעצונגען קעגן יידן און דערלויבט צו דרוקן דעם תלמוד, אָבער נאָר בתנאי, אַז עס זאָלן דורכגעלאָזט ווערן די שטעלן, וואו עס רעדט זיך שלעכטס וועגן קריסטנטום. דער תלמוד, אָדער ש״ס (ששה סדרים), האָט פון איצט אָן געמעגט געדרוקט ווערן (ווי אויך אַנדערע יידישע ספרים) נישט אַנדערש, ווי אונטער אַ שטרענגער צענזור פון יידישע משומדים.

נאָך פּיוס דעם פערטן איז געוואָרן פויפּסט פּיוס דער פינפטער (1566 — 1572), געוועזענער גרויס־אינקוויזיטאָר, וועלכער האָט ווידער דורכגעפירט, און נאָך מיט מער אַכזריות, דאָס פּראָגראַם פון פּאַאול דעם פערטן. ער האָט צוריק איינגעפירט די אַלע „בולעס״ פון פּאַאול און דערצו נאָך מוסיף געווען, אַז די יידישע באַגרענעצונגען זאָלן איינגעפירט ווערן נישט בלויז אין די פּראָווינצן, וואָס געהערן צום פויפּסט, נאָר אין אַלע קאַטוילישע לענדער. ער האָט געוואָלט אַרויסטרייבן אַלע יידן פון זיין ממשלה, נאָר צוליב השתדלות פון אייניקע קריסטלעכע סוחרים און גייסט־לעכע איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה: דעם ניינטן מערץ 1569 איז

אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון די פויפּסט־לענדער, אויסער די יידן פון רוים און אַנקאָנאַ, זיינען מחויב אין אַ משך פון דריי חדשים צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער דאָזיקער באַפעל האָט זיך באַצויגן אויך אויף אַוויניאָן און ווענעסען — פראַנצויזישע פּראָווינצן, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון פּויפּסט. די פאַרטריבענע האָבן עמיגרירט קיין טערקיי אָדער אין יענע איטאַליענישע פּראָווינצן, וואָס האָבן נישט געהערט צום פּויפּסט. די יידישע קהלות אין רוים און אין אַנקאָנאַ זיינען געבליבן. דאָס איז אָבער געווען אַ חושכדיקע עקזיסטענץ פון מענטשן, וואָס זיינען רעכטלאָז אין אַלע הינזיכטן און מוזן שטענדיק ציטערן פאַר דער שווערד פון דער אינקוויזיציע.

די פּאָליטיק פון רדיפות האָט אויך פאָרגעזעצט דער פּויפּסט גרעגאָר דער דרייצנטער (1572 — 1585). דאָס איז געווען אַ טיראַן, ווי אַלע אַנדערע טיראַנישע פּויפּסטן, מיט דעם אונטערשייד, וואָס ער האָט זיך אַרומגעטראָגן אויך מיט מיסיאָנערישע פאַנטאַזיעס. ער האָט באַפוילן, אַז אין די יידישע שולן זאָלן קאַטוילישע מיסיאָנערן דרשהנען פאַר יידן וועגן דער קריסטלעכער רעליגיע, און אויף יידן איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ חוב, נישט בלויז צו הערן די דרשות, נאָר אויך צו צאָלן געהאַלט די פּרעדיקער. די דאָזיקע חוצפּהדיקע גזירה האָט געבראַכט צו פיל קאָמישע סצענעס. מען דערציילט, אַז דער פּויפּסט, וואָס האָט זיך איבערצייגט, אַז די מיסיאָנערישע דרשות האָבן נישט קיין דערפאָלג און נאָך אַ לאַנגער צייט האָט דאָך קיין איין ייד זיך נישט געשמדט, האָט באַפוילן צו מאַכן אַן אויספאָרשונג וועגן די סיבות דערפון. דאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידן האָבן געפונען אַ געשיקטן מיטל, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון די מיסיאָנערישע דרשות: זיי פלעגן זיך פאַרשטאָפּן די אויערן, אַזוי אַז די פּרעדיקער האָבן גערעדט און קיינער האָט נישט געהערט. דער פּויפּסט האָט דאַן באַפוילן אַכטיק צו געבן, אַז בעת די דרשות זאָלן יידן האָבן אָפענע אויערן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויך דאָס האָט ווינציק געהאָלפן און אויך נאָך דעם האָבן די מיסיאָנערישע אַגיטאַציעס נישט געהאַט קיין דערפאָלג.

פאַרבעסערט האָט זיך עטוואָס די יידישע לאַגע ביים פּויפּסט סיקסטוס דער פינפטער. זיין מעלה איז געווען דאָס, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט געלט און פאַר געלט האָט מען געקענט ביי אים פּועלן אַלץ. אונטער

זיין הערשאַפט איז יידן דערלויבט געוואָרן ווידער זיך צו באַזעצן אין די פויפסט־פּראָווינצן און עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אייניקע באַגרענע־צונגען. עס זיינען אויך בטל געוואָרן די רעפּרעסיעס קעגן תלמוד. דער פאַרטרעטער פון סיקסט דעם פינפטן, דער פויפסט קלימענט דער אַכטער, האָט זיך אָבער אומגעקערט צום אַלטן סיסטעם און בעת זיין הערשאַפט זיינען יידן ווידער פאַרטריבן געוואָרן פון די פויפּסטלעכע פּראָווינצן, אויסער רוים, אַנקאָנאַ און אַוויניאָן, וואו די יידן זיינען פאַרבליבן וואוינען ווייטער אויך.

נישט פיל בעסער איז געווען די לאַגע פון די יידן אויך אין יענע איטאַליענישע פּראָווינצן, וואָס זיינען געווען אומאָפּהענגיק פון פויפסט. די פרומע הערצאָגן און דאָזשען פון די וועלטלעכע איטאַליענישע פּראָווינצן פלעגן פּשוט פון פרומקייט וועגן מקיים זיין אַלע באַפעלן פון פויפסט. אָבער אויך יענע ווינציקע הערצאָגן, וואָס זיינען געווען אין גאַנצן אומ־אָפּהענגיק פון פויפסט, פלעגן עקספּלאָאַטירן יידן אויף אַלערליי אופנים, און אויסער דער שטענדיקער יידישער רעכטלאָזיקייט פלעגן נאָך צוקומען פון צייט צו צייט אומגערעכטע אומגליקן, פאָגראָמען, גירושים. די רעכטלאָזיקייט פון געטאָ איז אומעטום געווען די זעלבע, דער ווילקיר פון דער מאַכט איז אומעטום געווען דער זעלבער און די יידישע לאַגע האָט שטענדיק זיך געהאַלטן אויף נסים: אַמאָל האָט מען זיך גענייטיקט אין יידן, האָט מען זיי געלאָזט צו רו; אַמאָל זיינען זיי געווען איבעריק, האָט מען זיי געטריבן און געיאָגט.

פאַרהעלטנישמעסיק גוט איז געווען די לאַגע פון די יידן אין דער ווענעציאַנישער רעפּובליק. אויך דאָרט האָט מען יידן נישט ליב געהאַט, מ׳האָט זיך אָבער גענייטיקט אין זיי, ווייל ווענעציע האָט זיך געהאַלטן נאָר אויפן האַנדל מיט טערקיי און די הויפּט־פאַרמיטלער אין דעם האַנדל זיינען געווען יידן. פיל האָט דאָ אויך געווירקט די גרויסע ראָל, וואָס די יידישע דיפּלאָמאַטן האָבן געשפּילט אין טערקיי, ווייל ווענעציע האָט דאַן געמוזט זיך שטאַרק רעכנען מיט דעם טערקישן סולטאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע דעה אין גאַנץ אייראָפּע. דערפאַר זיינען יידן גע־שטאַנען אין גרויס געפאַר דאַן, ווען ווענעציע האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער השפּעה פון די יידישע דיפּלאָמאַטן אין טערקיי. דאָס איז געווען בעת דער מלחמה צווישן דער ווענעציאַנישער רעפּובליק און טערקיי צו־

ליב דעם אינדזל ציפערן. ווענעציע האָט דאַן זיך פֿאַראייניקט מיטן פּויפּסט און מיט דעם שפּאַנישן קעניג פֿיליפּ דעם צווייטן, וועלכע האָבן צוזאַמען געשאַפֿן אַ „הייליקע ליגע״ קעגן די טערקן (1570 — 1571). אַזוי ווי אין דער שפּיץ פֿון דער פּאַרטיי, וואָס איז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געווען פֿאַר מלחמה, איז געשטאַנען דער יידישער מיניסטער דון יוסף נשיא, האָט די ווענעציאַנישע רעפּובליק פֿריער פֿון אַלץ אויסגעגאָסן דעם צאָרן אויף אירע יידן: צוערשט האָט מען אַרעסטירט די יידישע סוחרים פֿון טערקיי, וואָס האָבן זיך דאַן געפֿונען אין ווענעציע, און מען האָט קאָנפֿיסקירט זייערע סחורות. דערנאָך האָט דער סענאַט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פֿון דער רעפּובליק. און די יידן האָבן שוין אָנגעהויבן דעם באַפֿעל אויסצופֿירן, נאָר פֿלוצים האָבן זיך אָנגעהויבן פֿירן אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום צווישן טערקיי און ווענעציע און אין דער שפּיץ פֿון די אונטערהאַנדלונגען איז געשטאַנען דער דיפּלאָמאַטישער שליח פֿון טערקיי שלמה אַשכנזי, אַ געוועזענער ווענעציאַנישער אונטערטאַן. שלמה אַשכנזי האָט אַזוי אַרום געווירקט אויף די ווענעציאַנישע קאָנסולן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און ווען איינער פֿון זיי, סאָראַנצאָ, האָט, ביים אומקערן זיך אַהיים, באַגעגנט אויפֿן ברעג אַ גרופּע יידן מיט קליינע קינדער, וואָס זיינען שוין געשטאַנען גרייט צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָט ער הייס פֿאַרטיידיקט די פֿאַרטריבענע און געטענהט צו די מיטגלידער פֿון דער באַראַטונג, וואָס איז וועגן דעם צונויפֿגערופֿן געוואָרן: „וואָס טוט איר? איר ווילט ברענגען צרות אויפֿן לאַנד. ווער האָט מיטגעהאָלפֿן צו פֿאַרפֿעסטיקן טערקיי, ווער האָט איר געגעבן טעכניקער אויף צו פֿאַבריצירן אַלערליי מין כלי־זין, מיט וועלכע זיי קעמפֿן קעגן אַלע מלוכות, אויב נישט די יידן, וואָס זיינען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון שפּאַניע?״ די דאָזיקע טענות האָבן געווירקט, און דער סענאַט האָט צוריקגענומען זיין באַשלוס וועגן אַרויסטרייבן די יידן. ווען שלמה אַשכנזי איז דערנאָך אַליין אָנגעקומען קיין ווענעציע, כדי צו פֿירן די אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום, איז ער אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד און די געפֿאַר איז אין גאַנצן פֿאַרשוואונדן געוואָרן.

נישט שטענדיק אָבער האָט געהאָלפֿן די יידישע השפּעה אין טערקיי. גענואַ האָט פֿאַרטריבן דאָס רעשט ביסל יידן, וואָס זיינען דאָרט געבליבן נאָך די ערשטע גירושים (1567). אין הערצאָגטום פֿעראַראַ, וואו

די יידן און מאַראַנען האָבן פריער געהאַט אַ בית מקלט, איז די לאַגע פאַרערגערט געוואָרן צו ענדע פון 16טן יאָרהונדערט. די ליבעראַלע די־נאַסטיע פון די הערצאָגן ד׳עסטע, וואָס האָט שטענדיק געשיצט די יידן, איז אונטערגעגאַנגען, און אין יאָר 1597 איז פעראַראַ איבערגעגאַנגען אונ־טער דער הערשאַפט פון פויפסט. די יידן און די מאַראַנען האָבן געוואוסט, וואָס פאַר אַ וואָלקן עס רוקט זיך אָן אויף זייערע קעפּ, און האָבן אַליין אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. נאָר דער קאַרדינאַל אַל־דאָבראַנדיני, וואָס איז געווען דער פאַרטרעטער פון פויפסט אין דער דאָ־זיקער ניי־דערוואָרבענער פּראָווינץ, האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַרא שאָדן עס וועט זיין פאַרן לאַנד דאָס אַרויסטרייבן יידן, און ער האָט אָפּגעלייגט דעם גירוש אויף פינף יאָר. דערווייל האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינ־פירן די אַלע גזירות פון פויפּסט אויף יידן אין אַנדערע ערטער, ווי אַרויפ־לייגן אַן אָפּצאָלונג אויף יעדער יידישער שול, צווינגען יידן צו הערן די מיסיאָנערישע דרשות, טראָגן אַ באַזונדערן צייכן אויף די מלבושים און שפּעטער (1624 — 1627) זיינען די גאַסן, וואָס זיינען געווען באַזעצט פון יידן, פאַרשלאָסן געוואָרן דורך באַזונדערע טויערן און פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ געטאָ. אפילו פלאָרענץ, וואו די געבילדעטע הערשער פון הויז מעדיטשי האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט מקיים זיין די באַפעלן פון פויפסט און איינפירן ביי זיך די יידישע באַגרענעצונגען, האָט ענדלעך איינגעפירט פאַר יידן אַ געטאָ אין עק שטאָט און נאָר די רייכע יידן איז דערלויבט געוואָרן צו וואוינען אויסער דעם געטאָ.

פיל יסורים האָבן איבערגעלעבט די יידן פון מילאַנער הערצאָגטום. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט האָט דאָס הערצאָגטום זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טיראַנישן שפּאַנישן קעניג פיליפּ דעם צווייטן, וועלכער האָט נישט איינמאָל געפאָדערט פון זיין מילאַנער וויצע־קעניג, אַז ער זאָל אַרויסטרייבן די יידן פון הערצאָגטום. נאָר דער וויצע־קעניג האָט געטענהט, אַז דאָס וועט ברענגען פיל שאָדן פאַרן לאַנד, און האָט דעריבער אָפּגעלייגט דעם גירוש. ער האָט דערביי פּינקטלעך אויסגעפּילט אַלע באַפעלן פון פויפסט וועגן רודפן דעם תלמוד, וועגן באַ־זונדערע מלבושים פאַר יידן אאז״וו. די קלעריקאַלן אין מילאַן האָבן זיך אָבער דערמיט נישט באַרויקט און געשיקט דעפּוטאַציעס צום שפּאַנישן קעניג מיט בקשות אַרויסצוטרייבן די יידן. די יידישע באַפעלקערונג האָט

אויך געשיקט אַ דעפּוטאַט, שלמה כהן, צום קעניג, אָבער ער האָט נישט געהאַט דערפאָלג. יידן האָט מען געגעבן אַ טערמין פון צוויי חדשים זיך צוצוגרייטן אין וועג אַריין, און אין פרילינג 1597 האָבן אַן ערך טויזנט יידן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און גיין זוכן זיך אַ היים ערגעץ אַנדערש. די אַרויסגעטריבענע האָבן זיך באַזעצט אין די געטאָס פון מאַנטואַ, פּאַדואַ, מאָרענאָ און ווערָאנאַ, וואָס זיינען שוין אַזוי אויך געווען איבערפולט.

אָבער אויך אין די לעצטע אויבנדערמאָנטע שטעט האָט מען יידן נישט געלאָזט צו־רו, און אין איינער פון זיי, מאַנטואַ, וואָס איז געווען איינע פון די בעסטע יידישע קולטורעלע קהלות, האָבן יידן געמוזט איבערלעבן אַלע שרעקן פון דעם אכזריותדיקן מיטלאַלטער.

אין 1602 האָבן יידן איבערגעלעבט אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. אין יענער צייט איז קיין מאַנטואַ געקומען דער פאַנאַטישער פראַנציסקאַנער באַרטאָלאָמעאָ דע סאַלוטיוואָ, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַ „קדוש", און ער האָט מיט זיינע פאַנאַטישע דרשות אויפגערייצט קעגן יידן די קריסטלעכע באַפעלקערונג. איין מאָל האָט אַ קריסט דערזען עטלעכע יידישע קינדער שפּילן זיך אין אַ הויף שבת און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס לאַכן אָפּ די קינדער פון פאַנאַטישן פראַנציסקאַנער און זיינע דרשות. ער האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן די איבעריקע קריסטן און באַלד האָט דער צערייצטער המון געכאַפּט עטלעכע אומשולדיקע יידן, זיי אַריינגעוואָרפן אין תפיסה, וואו מען האָט זיי שרעקלעך געפּייניקט און דערנאָך דערשטיקט. זייערע טויטע קערפּערס האָט מען צוגעבונדן צו די וויידלען פון פערד און געשלעפּט איבער די גאַסן, דערנאָך האָט מען זיי אויפגעהאָנגען אויף סלופּעס פאַר די פיס. דער ווילדער המון איז געווען גרייט אָנצופאַלן אויף די יידישע הייזער און מאַכן אַ חורבן, נאָר די הערצאָגן האָבן דערצו נישט דערלאָזט. שפּעטער מיט אַכט יאָר איז פאַר די יידן אין מאַנטואַ איינגעפירט געוואָרן אַ געטאָ. די יידן זיינען דאָך געבליבן גוטע בירגער און שפּעטער, בעת דאָס עסטרייכישע מיליטער פון קייסער פערדינאַנד דעם צווייטן האָט באַלאַגערט מאַנטואַ (1636), האָבן יידן מוטיק געקעמפט צווישן די רייען פון די קריסטן. זיבן חדשים נאָכאַנאַנד האָבן אַלע יידישע מענער אויסגעהאַלטן די באַלאַגערונג; מיט געווער אין דער האַנט פאַרטיידיקט די שטאָט פון שונא, אָדער געהאָלפן באַפעסטיקן די מויערן

פון שטאָט און דערביי אפילו מחלל שבת געווען. דערפאַר, ווען דער שונא האָט איינגענומען די באַלאַגערטע שטאָט, האָט זיין מיליטער צעראַבירט די קוואַרטאַלן פון געטאָ און אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון שטאָט, דער־לויבט זיי נאָר מיטצונעמען מיט זיך די נייטיקע מלבושים און דריי דו־קאַטן געלט. די יידן האָבן אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאַציע צום קייסער פער־דינאַנד און געבעטן ביי אים מיטלייד. פערדינאַנד האָט דערלויבט די פאַר־טריבענע אומצוקערן זיך און באַפוילן, מען זאָל זיי אָפּגעבן זייער פאַר־מעגן. אָבער דערווייל איז שוין אַ העלפט פון די פאַרטריבענע אָדער אויס־געשטאָרבן פון הונגער און נויט, אָדער צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן אי־בער אַנדערע לענדער און נאָר איין העלפט האָט זיך צוריקגעקערט צו די אַלטע חורבות פון צעשטערטן געטאָ.

---

אין יענער עפּאָכע, ווען די יידישע צרות האָבן דערגרייכט די העכס־טע שטופע, ווען יידן, אויסגעמאַטערט און דערשלאָגן פון פיל ליידן און וואַנדערן, האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות, — אין יע־נער עפּאָכע האָט געמוזט באַשאַפן ווערן אַ רעאַקציע קעגן דער פאַר־צווייפלונג און דערשלאָגנקייט און די רעאַקציע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַן אייגנטימלעכער משיח־באַוועגונג, וואָס האָט אַרויסגערופן פיל דראַמאַטישע מאָמענטן, באַשאַפן פיל טראַגעדיעס און אויפגערודערט דאָס גאַנצע יידנטום. די אַלטע יידישע אמונה, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען יידן וועלן ווידער אויסגעלייזט ווערן און צוריק ווערן אַ פריי פאָלק, האָט זיך אין יענער צייט פון אוממענטשלעכע יסורים און באַליידיקונגען שטאַרק פונאַנדערגעפלאַקערט און די ברענענדיקע בענקשאַפט פון פאָלק צו אויס־לייזונג האָט געמוזט אָננעמען אַ פאָרעם פון אַן איבערנאַטירלעכן גלויבן, פון אַ גלויבן אין דער נאָענטער אויסלייזונג אויף אַן אומגעוויינלעכן אופן. פיל פרומע און געבילדעטע יידן האָבן דאַן באמת געגלויבט, אַז די מאָס איז שוין איבערפולט, אַז וייטער אַזוי דויערן קען שוין נישט: עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די חבלי משיח און די גאולה איז שוין נאָענט. די דאָ־זיקע אַלגעמיינע אויפרעגונג האָבן פאַרשידענע אַוואַנטוריסטן און טרוימער אויסגענוצט צו זייערע פערזענלעכע צוועקן; דערביי מוז מען אָבער מודה זיין, אַז די משיח־באַוועגונג פון יענער צייט האָט אויך געהאַט פיל שיינע,

דערהויבענע מאָמענטן און האָט אַרויסגעפירט אויף דער סצענע עטלעכע אינטערעסאַנטע טראַגישע פּערזענלעכקייטן.

ר׳ יצחק אברבנאל נאָך, וואָס איז געווען אַ ניכטערער קאָפּ און האָט זיך געהאַלטן ווייט פון די קבליסטישע חלומות, האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געפּרוּווט באַפעסטיקן די אידייע וועגן משיח און מאַכן זי פאַרן צענטער פון דער יידישער אמונה. ער איז מיט צאָרן אַרויסגעטראָטן קעגן דער מיינונג פון אייניקע יידישע געלערנטע, (ווי ר׳ יוסף אלבו און אַנדערע), אַז די אמונה אין משיח איז נישט איינער פון די יידישע עיקרים. אברבנאל האָט וועגן דעם ספּעציעל אָנגעשריבן דריי ספרים און אויפן גרונט פון פאַרשידענע גימטריאות און רמזים אין תלמוד און אין מדרש האָט ער אפילו געפּרוּווט באַשטימען די צייט, ווען משיח וועט קומען. לויט זיין חשבון איז אויסגעקומען, אַז משיח דאַרף קומען צווישן יאָר 1532 און 1533. אונטער דער ווירקונג פון אברבנאלס משיח־טעאָריע, האָבן זיך גלייך באַוויזן אַנדערע, מיסטיקער לויט זייער נאַטור, וואָס האָבן פאַר־ברייטערט די דאָזיקע אמונה, און זי פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקער באַ־וועגונג.

אין 1502 האָט זיך אין איסטריען, אויף דער גרענעץ פון איטאַליע און עסטרייך, באַוויזן אַן אומבאַקאַנטער ייד פון דייטשלאַנד, מיטן נאָמען אָשר לעמלין, וועלכער האָט זיך דערקלערט ווי נביא פון דער נאָענטער גאולה. ער האָט געהאַט אַלע פעאיקייטן פון אַ פאַנאַטישן פּרעדיקער און ס׳איז שווער צו באַשטימען, צי דאָס איז געווען אַ פּשוטער אַוואַנטוריסט, אָדער אַ נאַאיווער מיסטיקער. יעדנפאַלס האָט ער מיט זיינע דרשות צוגע־צויגן פיל מענטשן. ער האָט געפּרעדיקט, אַז אויב נאָר יידן וועלן פאַסטן און תשובה טון, וועט אין זעקס חדשים אַרום קומען די גאולה; עס וועלן פאַרקומען נסים, די קריסטלעכע קירכן וועלן איינפאַלן און איינגעזונקען ווערן, די יידישע שונאים וועלן האָבן אַ מפּלה און דאָס פאַרפאָלגטע יידי־שע פאָלק וועט זיך באַפרייען פון זיין יאָך און קומען אין זיין לאַנד אַריין. די דאָזיקע דרשות האָבן צוגעצויגן פיל מאַמינים אין איטאַליע און אין עסטרייך: יידן האָבן אָנגעהויבן פאַסטן און מתפּלל זיין גאַנצע טעג, פיל האָבן צעטיילט זייער געלט פאַר אָרימע לייט; און די אמונה איז געווען אַזוי גרויס, אַז איין רב אין וועסטפאַליע האָט אפילו געהייסן איינוואַרפן דעם אויוון, וואָס איז געווען געבויט ספּעציעל אויף באַקן מצות, ווייל ער

איז געווען זיכער, אַז דעם פּסח וועלן יידן שוין זיין אין ארץ ישראל. אויך פּיל קריסטן, צווישן וועלכע די קבלה איז דעמאָלט געווען זייער פאַרשפּרייט, האָבן געגלויבט, אַז עס שטייען פאַר גרויסע וועלט־געשעענישן, און דאָס האָט נאָך צוגעגעבן מוט די גלויביקע יידן. ווען די אָנגעוויזענע צייט איז אַריבער און משיח איז אַלץ נישט געקומען, האָבן אייניקע דאָך נישט פאַרלוירן די אמונה, אַז די זיגד האָבן פאַרהאַלטן משיחן, וועלכער וועט דאָך אין גיכן קומען; אַנדערע זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרצווייפלונג און זיך גאָר אָפּגעזאָגט פון יידנטום.

אין 22 יאָר אַרום האָט זיך די משיח־באַוועגונג אָנגעהויבן אויפסניי און דאָס מאָל שוין מיט אַ גרעסערער קראַפט און ביי פיל מער טראַגישע אומשטענדן.

אין פעברואַר 1524 האָט זיך אין פּאָרט פון ווענעציע אַרויסגעזעצט אַ געהיימנישפולער וואַנדערער. ער האָט זיך אָנגערופן דוד ראובני, אַן אייניקל פון שבט ראובן, און האָט דערציילט, אַז ער איז אַ געבוירענער פון דער פּראָווינץ חבר אין אַראַביע, וואו עס עקזיסטירט אַ יידישע מלוכה, וואָס איז באַזעצט דורך די אייניקלעך פון די אַלטע יידישע שבטים: ראובן, גד און מנשה; אַז דער קייסער פון די דאָזיקע יידן איז זיין ברודער און ער, דוד, איז געשיקט געוואָרן דורך זיין ברודער קיין אייראָפּע מיט אַ וויכטיקער פּאָליטישער שליחות. אין וואָס ס׳באַשטייט די דאָזיקע שליחות איז שווער געווען צו דערגיין, ווייל דער דאָזיקער אומבאַוואוסטער וואַנדערער האָט זיך געהאַלטן זייער געהיימנישפול, ווינציק גערעדט, ווינציק געענטפערט אויף פרעמדע פראַגעס; נאָר פון די פאַרשידענע רמזים, וואָס ער האָט געגעבן, האָט מען געקאָנט זיך אָנשטויסן, אַז ער איז געשיקט געוואָרן צו די אייראָפּעאישע מלכים און פריער פון אַלץ צום רוימישן פּויפּסט מיט אַ פאָרשלאַג ,צוצושטעלן דער יידישער מלוכה אין אַראַביע געווער און פּראָוויאַנט, כדי צו מאַכן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן די טערקן און אָפּנעמען ביי זיי פּאַלעסטינע. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ רושם דער דאָזיקער געהיימנישפולער מענטש האָט געמאַכט אויף אַלע אַרומיקע יידן. ער איז אָנגעקומען קיין ווענעציע אינקאָגניטאָ; די ערשטע צייט פאַרבליבן אין צימער פון קאַפּיטאַן פון דער שיף, מיט וועלכער ער איז געקומען, און ערשט דערנאָך איז ער אַוועק אין יידישן געטאָ און דערציילט די פאָרשטייער פון דער יידישער קהלה וועגן זיין גרויסער

שליחות. דערביי האָט ער גערעדט אויף אַזאַ אומקלאָרער העברעאישער שפּראַך און זיך באַנוצט מיט אַזעלכע אומקלאָרע אויסדריקן, אַז דער איינדרוק איז נאָך געווען גרעסער און עס איז שוין קיין ספק נישט געבליבן, אַז דאָ האָט מען פאַר זיך אַ וויכטיקע פּערזאָן,וואָס פון אים שטייען פאַר גרויסע ישועות פאַר יידן. מען האָט געפּרואווט זיך דערוויסן פון אים די פּרטים פון זיין מיסיע; אויף דעם האָט אָבער דוד ראובני געענטפערט, אַז ביז זיין אוידיענץ ביים פּויפּסט קאָן ער מער גאָרנישט דערציילן. אויך וועגן דער פּערזענלעכקייט פון ראובני איז שווער צו זאָגן עפּעס באַשטימטעס: צי איז דאָס געווען אַ געניטער שאַרלאַטאַן, אָדער אַ פאַנטאַסטישער מאַניאַק; מיט זיין סודותדיקן האַלטן־זיך האָט ער אָבער באַוויזן אַלעמען צו פאַראינטערעסירן. און ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אין דער פאָלקס־לעגענדע האָט שוין ווירקלעך לאַנג עקזיסטירט ערגעץ אַ יידישע מלוכה פון אַמאָליקע „עשרת השבטים”, קאָן מען לייכט פאַרשטיין, ווי גרויס עס האָט געמוזט זיין די אמונה אין אים. אַ מענטש פון קליינעם וואוקס, אַ שוואַרצער און אַ מאָגערער, ווי אַ סקעלעט, שטענדיק פאַרזונקען אין תפלה און אין תעניתים, דערביי נאָך מיט פירשטלעכע מאַניערן — האָט דוד ראובני געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק נישט בלויז אויף יידן, נאָר אויך אויף קריסטן און אויפגערייצט די פאַנטאַזיע פון די מיסטיש־געשטימטע יידן, וואָס האָבן שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף עפּעס אַ וואונדערבאַרן מלאך־הגואל.

אין גיכן איז ראובני אויפגענומען געוואָרן פריער דורך די קאַרדינאַלן און דערנאָך דורכן פּויפּסט קלעמענט דעם זיבעטן אַליין. דער דאָזיקער פּויפּסט האָט דעמאָלט איבערגעלעבט אַ שווערע צייט; ער איז געשטאַנען צווישן צוויי פייערן: צווישן דער לוטעראַנישער רעפאָרמאַציע פון איין זייט און דער פּאָליטיק פון דייטשן קייסער קאַרל דעם פינפטן פון דער צווייטער זייט. פּאָליטיש איז ער געווען געדריקט פון דייטשן קייסער, גייסטיק איז ער געווען באַליידיקט דורך דער רעפאָרמאַציע, וועלכע האָט ביי אים צוגענומען די גאַנצע אויטאָריטעט, אַזוי אַז ער האָט זיך געכאַפּט פאַר אַלץ, וואָס האָט געקאָנט כאָטש עטוואָס אָפּראַטעווען זיין פּאָזיציע. דוד ראובני מיט זיין פאַנטאַסטישן פּלאַן, אָפּצונעמען פּאַלעסטינע ביי די טערקן, איז דעריבער געווען פאַרן פּויפּסט, ווי געוואונטשן. דער פּויפּסט האָט פריער אָפּגענומען ביי ראובני זיינע דאָקומענטן — ווי עס זעט אויס, באַשטעטיקונגען פון די פּאָרטוגעזישע שיפס־קאַפּיטאַנען און פון די קאָנ־

סולן אין טערקיי, אַז אין מזרח עקזיסטירט ווירקלעך אַ יידישער שבט. דערנאָך האָט דער פּויפּסט אָפּגעשיקט די דאָזיקע דאָקומענטן קיין ליסאַ־באָן אויף צו קאָנטראָלירן זיי. ווען די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט די דאָזיקע דאָקומענטן באַשטעטיקט, איז ראובני פייערלעך אויפגענומען געוואָרן פונעם פּויפּסט. ער איז אַריינגעפאָרן קיין רוים, ווי אַ שליח פון אַן אויסלענדישער מלוכה, אויף אַ ווייסן פערד, אין באַגלייטונג פון אַן איבערזעצער און באַדינטע. אויפגענומען איז ער געוואָרן מיט גרויס כבוד, און ווי ס׳ווייזט אויס, איז דעם פּויפּסט געפעלן געוואָרן ראובנס פּלאַן און זיי האָבן זיך פּריינטלעך געזעגנט איינער פון צווייטן. די אוידיענץ האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף די יידן אין רוים, וועלכע האָבן געפּרואווט זיך מתקרב זיין צו ראובנען. די פּאָרשטייערין פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע בענווענידאַ־אברבנאל האָט אים געשיקט אַ גרויסע סומע געלט און אַ זיידענע פאָן מיט די אויפשריפטן פון די עשרת הדברות. נאָך ראובני האָט אויסגעמיטן אָפּנהאַרציקע געשפּרעכן מיט יידן און דערמיט נאָך מער אויפגעוועקט די נייגיריקייט.

אין האַרבסט 1525 איז ראובני אָנגעקומען קיין פּאָרטוגאַל און זיך פאָרגעשטעלט פאַרן קייסער יאָהאַן דעם דריטן. דער פּלאַן אָפּצורייסן ארץ ישראל פון טערקיי איז, ווי ס׳ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן אויך דעם פּאָרטוגעזישן קעניג און ער האָט צוגעזאָגט שיקן קיין אַראַביע, צו דער געהיימניספּולער יידישער מלוכה, די נייטיקע צאָל שיפן מיט מאַ־טעראַלן און געווער. דערווייל איז ראובני געבליבן וואוינען אין פּאָרטו־גאַל ווי אַ פאָרשטייער פון אַן אויסלענדישער מלוכה און זיין פאַרבלייבן דאָרט האָט אויף אַ קליינער צייט פאַרלייכטערט דעם גורל פון די פּאָר־טוגעזישע מאַראַנען. גראַד צו יענער צייט איז אויף דער טאָג־אָרדענונג געשטאַנען די מאַראַנען־פּראַגע; די פּאָרטוגעזישע קלעריקאַלן האָבן זיך נישט באַנוגנט מיטן גירוש פון די יידן, זיי האָבן נאָך געוואָלט איגנאַנצן פאַרטיליקן די איבערגעבליבענע מאַראַנען, וואָס האָבן געהיים ווייטער געהיט די יידישע רעליגיע. די גייסטלעכע האָבן נישט אויפגעהערט צו העצן דאָס פאָלק קעגן די מאַראַנען; שפּיאָנען האָבן אומעטום געלויערט אויף זיי פאַרפאָלגט; און די מאַראַנען, וואָס מען האָט געכאַפּט ביים דער־פילן די געבאָטן פון דער יידישער רעליגיע, האָט מען געברענט אויף די שייטערהויפנס. די קלעריקאַלן האָבן אָבער געוואָלט, אַז דאָס זאָל נישט

זיין צופעליק, נאָר סיסטעמאַטיש איינגעאָרדנט, און געפאָדערט פון קע־
ניג, ער זאָל איינפירן, ווי אין שפּאַניע, אַן אינקוויזיציע קעגן די מאַראַ־
נען. דער קעניג איז שוין געווען גרייט צו דערפילן די דאָזיקע פאָדע־
רונג, נאָר דאָ איז געקומען ראובני און די אונטערהאַנדלונגען מיט דעם
פאַרשטייער פון אַ יידישער מלוכה האָבן געצוואונגען דעם קעניג אָפּ־
צולייגן אויף אַ קליינע צייט זיין פּלאַן. דוד ראובני האָט דעריבער אַרויס־
גערופן אַ באַזונדער גרויסן רעספּעקט צו זיך צווישן די מאַראַנען. אויס־
געמאַטערט פון די לאַנגע רדיפות, האָבן אָט די מאַראַנען דאָך טיף אין
האַרצן נישט אויפגעהערט צו גלייבן אין דער גאולה, און אין דעם גע־
היימניספולן שליח פון מזרח האָבן זיי דערזען דעריבער זייער אויסליי־
זער. די אוידיענץ פון ראובני ביים פּויפּסט און ביים קעניג האָט זיי
אויפגעמונטערט. פיל מאַראַנען אין ליסאַבאָן און אין אַנדערע שטעט
פלעגן קומען צו ראובני, אים קושן די האַנט און אָפּגעבן קייסערלעכן
כבוד. ער איז אָבער געווען איינגעהאַלטן, פאַרזיכטיק און דאָס האָט,
נאַטירלעך, נאָך פאַרגרעסערט דעם אינטערעס צו אים און צו זיין מיסיע.

דערווייל אין די משיח־באַוועגונג געוואַקסן און דוד ראובנין, וועל־
כער האָט אַליין נאָך זיך קיין זכר נישט איבערגעלאָזט אין דער יידישער
געשיכטע און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אַזוי געהיימניספול, ווי ער איז
געקומען, איז באַשערט געווען אַרויסצושטעלן אויף דער סצענע אַ באַ־
גייסטערט פּאָעטישע פּערזענלעכקייט פון אַ יידישן בחור, וואָס האָט אין
זיך פאַראייניקט די התלהבות פון אַ מיסטיקער מיט דער קראַפט פון
אַ נאַציאָנאַלן קעמפער און האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַן אָנדענק אין
פאָלק ווי אַ מאַרטירער און קדוש. דאָס איז געווען דער געבילדעטער
מאַראַן דיעגאָ פּירעס (געבוירן אין יאָר 1500).

ער האָט פריער פאַרנומען די שטעל פון אַ סעקרעטאָר אין איינער
פון די רעגירונגס־אינסטיטוציעס אין ליסאַבאָן און איז געשטאַנען נאָ־
ענט צום הויף. ראובני האָט אָבער אַרויסגערופן אין זיין נשמה אַן אי־
בערקערעניש. בטבע אַ פייערדיקער מיסטיקער און טרוימער, און וואָס
איז געווען נאָך דערצו געצויגט צו מסירת נפש און מאַרטירערטום, —
האָט פּירעס פלוצים דערשפּירט אין זיך עפּעס אַ געטלעך פייער פון אַ
נביא, אָנגעהויבן זען חלומות אויף דער וואָר און דערשפּירט אין זיך,
אַז ער דאַרף שטיין אין דער שפּיץ פון די גרויסע געשעענישן, וואָס דאַרפן

באַלד קומען. ער איז אַוועק צו ראובני, אים דערציילט וועגן זיינע חלו־מות און „זעאונגען". און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט גע־פּרואווט אָפּקילן די צעפלאַקערטע פאַנטאַזיע פונעם יונגן מיסטיקער, איז דער לעצטער אַלץ מער עקזאַלטירט געוואָרן. פון גרויס התלהבות האָט ער אַליין זיך מל געווען, אַוועקגעוואָרפן זיין קריסטלעכן נאָמען און זיך אָנגעהויבן רופן שלמה מולכו. נאָך אויסגעמאַטערט פון דער שווערער אָפּעראַציע, אין פיבערהאַפטער אויפרעגונג, איז ער ווידער אַוועק צו ראובני און אים דערציילט וועגן זיין טאָט. ראובני האָט זיך דערשראָקן, אַז די דאָזיקע מעשה זאָל נישט וואַרפן אַ חשד אויף אים אַליין, אַז ער ציט אָפּ מאַראַנען פון קריסטנטום, און געראָטן דעם צעהיצטן מיסטיקער, אַז ער זאָל באַלד אַוועק קיין טערקיי. שלמה מולכו האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ באַפעל „פון אויבן" און האָט געפאָלגט די עצה.

פון 1527 ביז 1528 האָט ער אַרומגערייזט איבער דער אייראָפּע־אישער טערקיי. אין סאַלאָניקי איז ער זיך צונויפגעגאַנגען מיט דעם מקובל ר' יוסף טייטיצאַק און איז אַריינגעפירט געוואָרן אין די סודות פון דער קבלה. אין אַדריאַנאָפּאָל, ווי אייניקע היסטאָריקער מיינען, איז ער זיך צונויפגעגאַנגען מיטן קינפטיקן מחבר פון „שולחן ערוך" ר' יוסף קאָרו. אין גיכן איז ער געקומען אויך קיין צפת, דעם צענטער פון די מקובלים, און דאָ האָט ער מחבר געווען אַ ריי דרשות וועגן ביאת המ־שיח, וואָס זיינען דערנאָך אָפּגעדרוקט געוואָרן דורך זיינע פריינט אין אַ באַזונדער ספר מיטן נאָמען „ספר המפואר". פיל זיינען געווען אַנט־ציקט פון זיינע באַגייסטערטע רעדעס וועגן דער נאָענטער גאולה. מען האָט זיך פאַרטיפט אין זיך און מען האָט געפונען, אַז די דעמאָלטיקע גע־שעענישן טראָגן די אַלע סמנים פון משיחס קומען, אויף וועלכע דער „זהר" איז מרמז. אין דעם פאַקט, וואָס רוים, די הויפּטשטאָט פון „אדום", איז דעמאָלט איינגענומען געוואָרן דורך די סאָלדאַטן פון דייטש־שפּאַנישן מי־ליטער פונקט אין שבועות (1527), האָט מען געזען אַ קלאָרן באַווייז, אַז דער „קץ" האָט זיך שוין אָנגעהויבן, אַז די וועלט שטייט ערב גרויסע גע־שעענישן.

סוף 1529 איז מולכו אַוועק קיין אַנקאָנאַ, וואו די קאַטוילישע גייסט־לעכע האָבן באַזונדערס נאָכגעשפּירט די אַנטלאָפענע מאַראַנען. ער איז שיער נישט אַרעסטירט געוואָרן; האָט ער זיך אָבער אויסגעדרייט און איז

אָפּגעפּאָרן קיין רוים. דאָרט האָט זיין מיסטישער ברען דערגרייכט די העכסטע מדרגה. ער האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט דערזען די „פּאַר־שאָלטענע שטאָט״״, האָבן זיך ביי אים געעפנט די „שערי דמעות״, ער האָט אויסגעגאָסן זיין האַרץ אין אַ הייסער תפילה איבער דער באַפריי־אונג פון דעם פיל־געפּלאָגטן יידישן פאָלק און איבער דער גאולה פון ירו־שלים. בשעת דער תפילה האָט ער דערהערט אַ בת־קול, וואָס האָט אָנגע־זאָגט וועגן דער גיכער גאולה. דער פאַנטאַסטישער מיסטיקער האָט אין רוים פאַרבראַכט טאָג און נאַכט אין תפילה און אין תעניתים און דערגרייכט די גרעסטע שטופע פון קראַנקהאַפטע האַלוציגאַציעס. אים האָט זיך אויס־געוויזן, אַז צו אים קומט עפּעס אַ געהיימניספולער זקן, פירט אים איבער די חורבות פון ירושלים, שטעלט אים אַוועק צווישן די בערג און דאָרט דערציילט ער אים וועגן דער צוקונפט פון דער וועלט און פון פאָלק ישראל: רוים וועט צעשטערט ווערן דורך אַ פאַרפלייצונג, פּאָרטוגאַל — דורך אַן ערדציטערניש און דעמאָלט וועט דערשיינען דער הייליקער גייסט און עס וועט קומען משיח. די דאָזיקע אַלע פאַנטאַסטישע וויזיעס און חלומות האָט שלמה מולכו דערציילט פאַר די אַרומיקע אין זיינע דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטן עטלעכע שבתים אין דער יידישער שיל אין רוים. נאָך פלוצלונג האָט ער באַמערקט, אַז אים שפּירט מען נאָך און מען וויל אים אויסגעבן דער אינקוויזיציע. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן רוים און איז אויף אַ צייט אָפּגעפאָרן קיין ווענעציע.

דאָרט האָט מולכו ווידער זיך באַגעגנט מיט ראובני. צו יענער צייט האָט ראובני שוין געהאַט פאַרלוירן דעם צוטרוי ביים פּאָרטוגעזישן קעניג, ווייל מען האָט אים חושד געווען, אַז ער האָט געהיימע באַציאונגען מיט די מאַראַנען און אַז דאָס האָט ער אָפּגערעדט שלמה מולכון פון קריסטנ־טום. ראובני איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּאָרטוגאַל און אויפן וועג איז ער שיער נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, נאָר ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט און איז אַנטלאָפן קיין ווענעציע, וואו ער האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן סענאַט פון דער רעפּובליק, וועל־כע האָט דעמאָלט געפירט אַ מלחמה מיט טערקיי, וועגן זיין פּלאַן. דאָ אָבער גייט פלוצים איבער די גאַנצע ראַליע פון די פּאָליטישע אונטער־האַנדלונגען צו שלמה מולכו.

ענדע 1530 איז אין רוים ווירקלעך פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע פאַר־

פלייצונג. אַהין איז געהיים געקומען צו פֿאָרן שלמה מולכו און איז אויפ־
גענומען געוואָרן דורכן פּויפּסט. וואָס צווישן זיי איז פֿאָרגעקומען, ווייסט
מען נישט. צי האָט דער יונגער פּאָטעטיש־געשטימטער און הייסער מיסטי־
קער פֿאַרכישופֿט מיט זיינע „זעאונגען” דעם פּויפּסט, וועלכער האָט אַליין
דאַן איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע צייט, אָדער דער פּויפּסט האָט אים גע־
וואָלט אויסנוצן ווי אַ ווערקצייג פֿאַר געהיימע צוועקן, — יעדנפֿאַלס איז
באַוואוסט, אַז דער פּויפּסט האָט זיך באַציִיגן צו מולכו זייער גוט און
כאָטש די גייסטלעכע האָבן נישט אויפגעהערט צו פֿאָדערן, אַז מען זאָל
מולכון איבערגעבן אין די הענט פֿון דער אינקוויזיציע, האָט דער פּויפּסט
דאָך אים אויף אַזוי פֿיל מקרב געווען, אַז ער האָט אים אַרויסגעגעבן אַ
פּאַפּיר ווי אַ שוץ פֿון דער אינקוויזיציע.

דערווייל האָבן די אַגענטן פֿון דער אינקוויזיציע נישט אָויפגעהערט
פֿונדעסטוועגן נאָכצושפּיאָנירן מולכון און דערצו האָט נאָך מיטגעהאָלפֿן
איינער אַ געבילדעטער ייד, דער דאָקטאָר יעקב מאַנטין. צי ער איז געווען
אַ פּערזענלעכער שונא פֿון מולכו, אָדער ער האָט מורא געהאַט, אַז זיין
אַגיטאַציע זאָל נישט האָבן קיין שלעכטע רעזולטאַטן פֿאַרן יידנטום, נאָר
אַ פֿאַקט איז, אַז מאַנטין האָט זיך באַשלאָסן אויף אַ מיאוסער מסירה. ער
איז געקומען צו דעם פּאָרטוגעזישן פֿאַרשטייער אין רוים און געזאָגט:
„וואָס זשע שווייגט איר, ווען מען באַליידיקט דעם כבוד פֿון אייער קעניג?
דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז איצט אַן אַריינגייער אין הויף פֿון פּויפּסט,
איז דאָך אַ געוועזענער דינער פֿון אייער קעניג, וואָס האָט אָנגענומען די
יידישע אמונה!”. דער פּאָרטוגעזישער פֿאַרשטייער האָט דערויף געענט־
פֿערט, אַז שפּיאָנאַזש גייט נישט אַריין אין זיינע פֿליכטן. דאַן איז מאַנטין
אַוועק צו די ריכטער פֿון דער אינקוויזיציע און דורך עדות אויפגעוויזן, אַז
מולכו איז אָפּגעפֿאַלן פֿון דער קאַטוילישער רעליגיע. די ריכטער האָבן
אָבער קיין זאַך נישט געקאָנט טאָן מולכון, ווייל ער האָט באַוויזן דאָס
שוץ־פּאַפּיר פֿון פּויפּסט. די ריכטער האָבן זיך געווענדעט צום פּויפּסט מיט
אַן אָנקלאַגע, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי גנעדיק צום „אומגלויביקן” מאַראַן,
נאָר דער פּויפּסט האָט זיי איינגעבעטן, זיי זאָלן ביז אַ געוויסער צייט
אָפּוואַרטן און לאָזן מולכון צורו. דער מסור מאַנטין האָט אָבער נישט גע־
רוט און ער האָט פֿאַרגעשטעלט די ריכטער פֿון דער אינקוויזיציע אַ פּאַ־
פּיר פֿון שלמה מולכו, וואו יענער רעדט פֿיינטלעך וועגן דער קאַטוילישער

רעליגיע און זאָגט נביאות אויף דעם גיכן אונטערגאַנג פון „אדום״. דאָ האָט שוין קיין חסד נישט געקאָנט העלפן: מולכו איז פאַרמשפּט געוואָרן צום פאַרברענען און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מולכו דערקלערט געוואָרן אַלס פאַרברענטער פון דער אינקוויזיציע. ווי גרויס איז אָבער געווען די פאַרוואונדערונג פון דער לעצטער, ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט, אַז מולכו לעבט און געפינט זיך אַפילו אין הויף פון פּויפּסט. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אַזוי ווי ער האָט געוואָלט אָפּראַטעווען שלמהן, האָט דער פּויפּסט געשיקט אויפן פייער אַן אַנדערע פּערזאָן. ווייטער בלייבן אין רוים האָט מולכו שוין מער דאָך נישט געקענט און ער איז אָפּגעפאָרן קיין דייטש־לאַנד.

אין גיכן האָבן ראובני און מולכו זיך באַשלאָסן אויף אַ נייעם דרייסטן שריט. זיי זיינען ביידע אַוועק קיין רעגענסבורג, וואו עס האָט דעמאָלט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען דער דייטשער סיים אין אַנוועזנהייט פון קייסער. ווי עס דערציילט דער באַוואוסטער דעמאָלטדיקער יידישער „שתדלן״ יאָסעלמאַן ראָזהיים, האָט מולכו געוואָלט איבערצייגן דעם קייסער און דעם סיים, אַז ער וויל רופן אַלע יידן אויף אַ מלחמה קעגן טערקיי. דער פאָרזיכטיקער יאָסעלמאַן האָט געפּרוווט אָפּריידן מולכו פון זיין משוגענעם פּלאַן, נאָר מולכו האָט נישט געוואָלט אַפילו אים אויס־הערן און דער סוף פון דער דראַמע איז געווען זייער טרויעריק. קאַרל דער פינפטער האָט געהייסן אַרעסטירן ביידע יידישע טרוימער און זיי אָפּפירן קיין איטאַליע, וואוהין ער איז דאַן אַליין געפאָרן. ראובנין האָט מען אַוועקגעפירט קיין שפּאַניע, איינגעזעצט אין טורמע, וואו ער איז אין עטלעכע יאָר אַרום געשטאָרבן. מולכון האָט מען אין מאַנטואַ פאַרמשפּט צום טויט, ווי אַן אָפּגעפאַלענעם פון דער קריסטלעכער רעליגיע. ווען מען האָט אים געפירט צום פייער, האָט מען אים אין נאָמען פון קייסער פאָר־געלעגט צו באַגנאַדיקן, אויב נאָר ער וועט תשובה טאָן. נאָר מולכו האָט מיט שטאָלץ אָפּגעענטפערט: „איך באַדויער, וואָס איך בין אין די יונגע יאָרן געווען אַ קריסט. איצט טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט״. דאַן האָט מען אים פאַרברענט אין דער אַנוועזנהייט פון אַ גרויסן עולם (אין יאָר 1523).

אַזוי טראַגיש האָט זיך געענדיקט די משיח־באַוועגונג פון 16־טן יאָרהונדערט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ גרויסע אויפרעגונג און באַ־

שאַפן אַזוי פיל האָפענונגען. נאָך די נישט־דערפילטע האָפענונגען איז גע־
קומען דער לאַנגער יאוש; דאָס צעבראָכענע געמיט און די ליידן פון גלות
האָט מען נאָך דעם געשפירט נאָך טיפער און ברענענדיקער. שלמה מולכו
האָט אָבער נאָך לאנג געלעבט אין זכרון פון פאָלק ווי אַ העלד און מאַר־
טירער און אויך נאָך זיין טויט האָבן אַ סך געגלויבט, אַז ער איז אַרויס
גאַנץ פון פייער און לעבט ערגעץ בסוד.

# קאַפּיטל דריי

## די ליטעראַטור

נישט געקוקט אויף די צרות און רדיפות פון אויסן, האָט דאָך דאָס יידנטום צו יענער עפּאָכע אַרויסגעוויזן אַן אינערלעכע גרויסע ענערגיע און אין דער שפּיץ פון דער קולטורעלער אַרבעט צווישן יידן אין יענער צייט איז געשטאַנען איטאַליע. אין ערגעץ האָט אַזוי האַסטיק נישט גע־קלאַפּט דער פּולס, אין קיין שום יידישן צענטער איז דאָס גייסטיקע יידישע לעבן פון יענער עפּאָכע נישט געווען אַזוי פאַרשידנפאַרביק און רייך, ווי צווישן די איטאַליענישע יידן. די עפּאָכע פון רענעסאַנס און הומאַניזם, פון איין זייט און די גרויסע דערפינדונג פון ביכער־דרוק, פון דער צווייטער זייט, האָבן געמוזט אויך צווישן יידן אַרויסגערופן אַן אויפלעבונג און צאַ־ וועגונג. מיסטישע אידעען און חלומות, טרויער־שטימונגען און אַ שטרע־ בונג צו רעפאָרמען און באַנייאונג אין יידנטום, רבנישער פּלפּול אין הלכה — דאָס אַלץ צוזאַמען, די אַלע פאַרשידענע קעגנזעצטע שטרעמונגען האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין כאַאָס, אָבער דאָך רייכער געמאַכט דאָס אי־ נערלעכע גייסטיקע לעבן און באַשאַפן אַ גרויסע ליטעראַטור.

אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט האָט דער „רבניזם", די טרוקענע הלכה נאָך געהאַט די אויבערהאַנט. אין פיל איטאַליענישע צענטערן האָבן דאַן עקזיסטירט גרויסע ישיבות, דער רבניזם האָט געהאַט אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אויף זיין זייט און די תלמודיסטישע ליטע־ ראַטור האָט געהאַלטן אין איין בליען. אין דער שפּיץ פון די יידישע קהלות זיינען געשטאַנען די רבנים ר׳ אברהם בן יהודה מינץ און זיין איידעם ר׳ מאיר קאַצענעלבויגען, וועלכער איז געווען באַוואוסט ווי אַ גרויסע יידי־ שע אויטאָריטעט אויך אויסער איטאַליע. אין יאָר 1520 האָט אין איטאַ־ ליע דאָס ערשטע מאָל זיך באַוויזן אין דרוק גאַנץ ש״ס און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ געוואַלדיקער צאָל עקזעמפּליאַרן. באַלד האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן די רדיפות אויפן תלמוד און דער זקן ר׳ מאיר קאַצענעלבויגען האָט דערלעבט צו אַזאַ צייט, ווען ער האָט נישט געהאַט צו דער האַנט

קיין איין איינציקן עקזעמפּליאַר פון ש״ס, וואוהין אַריינצוקוקן. די ישיבות זיינען דעמאָלט אינגאַנצן געפאַלן און די יידישע בחורים, וואָס האָבן געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט תורה, האָבן געמוזט לערנען תלמוד געהיים, אָדער ספּעציעל צוליב דעם פאָרן קיין פּוילן. שפּעטער האָט מען אין דייטשלאַנד ווידער דערלויבט צו דרוקן דעם תלמוד מיט אַ צענזור, און די ישיבות האָבן ווידער אויפגעלעבט. עס איז שוין אָבער מער נישט געווען דער פריערדיקער ברען און די פריערדיקע ענערגישע טעטיקייט.

די טרוקענע הלכה, דער תלמודישער פּלפּול פאַלט, און זיין אָרט פאַרנעמט די אגדה און דער מדרש אין דער פאָרעם פון מאָראַלישע מגי־דות. צוזאַמען מיט דעם רב דעם הלכה־מענטש טרעט אַרויס אויף דער סצענע דער רב ווי אַ גייסטיקער פּאַסטעך פון זיין סטאַדע, ווי אַ מאָראַלי־שער דערציער פון זיין עדה, וועלכער ער לערנט שוין נישט קיין דינים און הלכות, נאָר מוסר און גאָטס וואָרט. דער באַרימטסטער און באַגאַבט־סטער דרשן פון יענער צייט איז געווען ר׳ יהודה מושקאַטו, דער רב פון מאַנטואַ (געשטאָרבן אין 1580), דער מחבר פון „קול יהודה״, אַ פּירוש צו דעם רעליגיעזן סיסטעם פון ר׳ יהודה הלוי. דער יונגערער דרשן פון זיין צייט, ר׳ עזריה פיגאָ (1647) אין ווענעדיק, האָט איבערגעלאָזט נאָך זיין טויט אַ גרויסע זאַמלונג פון שיל־דרשות מיטן נאָמען „בינה לעתים״, וואָס האָט לויט זיין סטיל און רייכקייט פון געדאַנקען געדינט ווי אַ וועג־ווייזער פאַר די שפּעטערדיקע מגידים.

די קבלה מיט אַלע אירע מיסטישע סודות און די משיח־פּראָפּאַגאַנדע פון שלמה מולכו האָבן אין איטאַליע געפונען אַ פּאַרטיקן באָדן. פון אויסן האָט די קבלה אין איטאַליע נישט געפונען פאַר זיך קיין שום שטערונגען, ווייל אין יענער צייט זיינען אויך פיל אָנגעזעענע קריסטן געווען פאַר־גלייבט אין די סודות פון דער קבלה און די זעלבע צענזור, וואָס האָט אַזוי גערודפט דעם תלמוד, האָט געלאָזט פריי אָפּדרוקן און פאַרשפּרייטן דעם „זהר״. אינערלעך איז די קבליסטישע לערע געווען זייער צוגעפּאַסט צו דער דעמאָלטיקער געדריקטער שטימונג פון די איטאַליענישע יידן. אין 1558 - 1559 איז אין מאַנטואַ, מיט דער הסכמה פון דריי רבנים, אָפּגע־דרוקט געוואָרן דער „זהר״, וועלכער איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן אין פיל עקזעמפּליאַרן. אין אַ קליינער צייט אַרום איז דערשינען אַן אַנדער אויסגאַבע פון „זהר״ מיט אַ הקדמה פון געשמדטן יידן וויקטאָריאָ עליאַ־

נאָ. דאָס האָט זייער אויפגעבראַכט אייניקע אַנגעזעענע רבנים, וואָס האָבן אין דער קבלה געזען אַ סכנה פאַרן יידנטום. זיי זיינען אָבער גאָרנישט אימשטאַנד געווען צו טאָן קעגן דעם. ענדע פון 16־טן יאָרהונדערט איז קיין איטאַליע אָנגעקומען פון ארץ ישראל ר׳ ישראל סרוק, א תלמיד פון אר״י און אַ חבר פון ר׳ חיים וויטאַל. דעמאָלט האָט די פּראַקטישע קבלה אין איטאַליע אָנגעהויבן אויפבליען און אַנטוויקלען זיך מיט אַ גרויסער שנעלקייט. ר׳ ישראל סרוק האָט זיך אָנדערציילט וואונדער פון אר״י און פון ר׳ חיים וויטאַל, אַליין זיך אָנגעגעבן פאַר אַ קדוש און אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן די לערע פון דער פּראַקטישער קבלה. און באַלד זיינען צווישן די איטאַליענישע יידן איינגעפירט געוואָרן די אַלע אַסקעטישע מנהגים פון די קבליסטן אין צפת, ווי זיך פייניקן, פאַרברענגען גאַנצע שעהן אין תפלה, וואַך זיין די נאַכט אאַז״וו.

אין דער זעלביקער צייט האָט אָבער אויך אויפגעבליט די ליטעראַטור. די דערמאָנונג וועגן די טויזנטיעריקע ליידן פון יידישן פאָלק, צוזאַמען מיט די נייע צרות, האָבן אַרויסגערופן אין יענער צייט די היסטאָרישע כראָניק, מיט וועלכער עס האָבן זיך פאַרנומען פיל געלערנטע יידן. צווישן די דאָזיקע היסטאָרישע ווערק דאַרף ווערן אָפּגעגעבן אַ באַזונדער אָרט דעם בוך פון ר׳ שמואל אושקי, אַ געוועזענער מאַראַן אין פּאָרטוגאַל, „די טרייסט פון ישראל און זיינע ליידן". דאָס דאָזיקע ווערק איז געשריבן געוואָרן אויף אַלט־פּאָרטוגעזיש און איז מער אַ פּאָעמע, ווי אַ געשיכטע, נאָר אין דער פאָרעם פון אַ דיאַלאָג צווישן די יידישע פּאַסטוכער ווערט אַגב אויך דערציילט די געשיכטע פון יידישן פאָלק. דער פּאַסטוך יעקב קלאָגט זיך פאַר די צוויי איבעריקע פּאַסטוכער אויף דער לאַגע פון יידישן פאָלק, וועלכעס איז געגליכן צו אַ סטאַדע שעפּסעלעך, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צווישן וועלף. נאָך פון די צייטן פון די אַלטע בבלים און רוימער ביז די שפּאַניער און דייטשן פון מיטלאַלטער האָבן אַלע פעלקער נאָר געדריקט און גערודפט דאָס שוואַכע יידישע פאָלק. „אָ, אייראָפּע, אייראָפּע. איין גיהנום אויף דער וועלט! — קלאָגט זיך דער פּאַסטעך יעקב. — וואָס זאָל איך זאָגן וועגן דיר, וואָס האָט באַפּוצט דיינע נצחונות מיט די טויטע קערפּערס פון מיין פאָלק? ווי זאָל איך דיך לויבן, דו קריגערישע אומערלעכע איטאַליע? דו האָסט דאָך, ווי אַ הונגעריקער לייב געפרעסן דאָס פלייש פון מיינע שעפּעלעך? פאַרדאָרבענע פּאַשע־

פעלדער פון פראַנקרייך, מיינע שעפעלעך האָבן זיך געשפּייזט מיט אייער גיפט! שטאָלץ ווילד דייטשלאַנד, דו האָסט אַראָפּגעשליידערט מיינע קינדער פון די גרויזאַם־הויכע אַלפּן־בערג! צבועדיק, אַכזריותדיק און בלוט־דורשטיק שפּאַניע, די אָרעמע וועלף דיינע האָבן געפרעסן און פרעסן נאָך איצט מיינע פּרעכטיקע סטאַדעס!" אויף די דאָזיקע קלאָג־ווערטער ענט־פערן אָפּ מיט טרייסט די איבעריקע פּאַסטוכער, וועלכע דערמאָנען, אַז פיל צרות זיינען יידן שוין איבערגעשטאַנען און דאָך געבליבן א פאָלק, ווייל פּאַרטיקולערן יידן איינגאַנצן פון דער וועלט איז אוממעגלעך און די טרייסט פון יידן באַשטייט דערין, וואָס די צרות לייטערן זייער גייסט און פון דעם גיהנם, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען, זיינען זיי אַרויס ריי־נער, שענער און מאָראַלישער, איידער אַנדערע פעלקער.

דער צווייטער היסטאָריקער פון יענער צייט, ר' יוסף הכהן (1496־1575), האָט שוין אָפּגעגעבן פיל מער אָרט פאַקטן אַנשטאָט ליריק און פאַרדינט מער דעם טיטל „היסטאָריקער". אַ מיטגליד פון אַ פאַמיליע, וואָס איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניע, האָט ר' יוסף הכהן די ערשטע יאָרן זיינע פאַרבראַכט אין אַוויניאָן, אין דער פּויפּסטלעכער פּראָווינץ פון דרום־פראַנקרייך; פון דאָרטן איז ער אַריבערגעפאָרן קיין איטאַליע און זיך באַזעצט אין גענוא. די צוויי יידישע גירושים פון גענוא (אין 1516 און אין 1550) האָבן געצוואונגען די פאַמיליע זיך אַריבערצוציען אין דעם נאָענטן שטעטל וואָלמאַדזשיאָ. דאָרט האָט ר' יוסף כהן זיך פאַרנומען מיט דאָקטאָריי און איז געווען זייער באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג, אויך ביי קריסטן. אין 1567 האָט מען אויך פון דאָרטן אַרויסגעטריבן די יידן; פאַר ר' יוסף הכהן האָט מען געוואָלט מאַכן אַן אויסנאַם און אים דערלויבט ווייטער צו וואוינען אין דער שטאָט, אָבער ער האָט נישט גע־וואָלט זיך באַנוצן מיט דעם חסד און אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט זיינע ברידער. ער האָט פאַראייביקט זיין נאָמען דורך צוויי וויכטיקע היסטאָרי־שע ווערק. אין זיין „דברי הימים" האָט ער באַשריבן די געשיכטע פון פראַנקרייך און טערקיי, דעם לאַנגיעריקן קאַמף צווישן קריסטנטום און איסלאַם, צווישן אייראָפּע און אַזיע, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער יידישער געשיכטע. אין צווייטן ווערק „עמק הבכא" האָט ער באַשריבן די געשיכטע פון די יידישע רדיפות אין אייראָפּע, אָנהייבנדיק פון די קרייץ־צוגן ביז 1575. אין ביידע ווערק, געשריבן אין אַ שיינעם העברעאישן סטיל, האָט

דער אויטאָר זיך געהאַלטן ערלעך אין די היסטאָרישע פאַקטן, נישט מגזם געווען, נישט איבערגעדרייט די געשעענישן, ערנסט אַריינגעטראַכט זיך אין דער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די פעלקער, אָבער צוזאַ־מען דערמיט הערט זיך אין די ווערק דער אויפגערעגטער טאָן פון אַ באַ־ליידיקטן און דאָס געפיל פון פאַראַכטונג און צאָרן קעגן די באַדריקער. „דער גירוש פון יידן פון פראַנקרייך און שפּאַניע — זאָגט דער מחבר פון „עמק הבכא" — האָבן מיך באַוועגט אָנצושרייבן דאָס ווערק. זאָלן יידן וויסן, וואָס האָבן אונדז געטאָן אונדזערע שונאים אין זייערע מדינות און פּאַלאַצן. ווייל אָט וועט קומען אַ צייט"... אין דער דאָזיקער אָפּגע־האַקטער פּראָזע שפּירט זיך, ווי דער מחבר האָט געגלויבט אין דער נקמה פון דער געשיכטע, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען די יידישע באַ־דריקערס וועלן חרטה האָבן אויף די צרות, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט דעם יידישן פאָלק.

גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער טראָגט די געשיכטע פון אַ יונגערן היס־טאָריקער, ר' גדליה אבן יחייא, אונטערן נאָמען „שלשלת הקבלה". דער אויטאָר פון דעם ווערק איז געווען אַ קבליסט און אָנשטאָט קלאָרע פאַקטן און אַ ריינעם סטיל, ווי ביי ר' יוסף הכהן, געפינען מיר דאָ שוין אַ מיש־מאַש פון אַלעמען באַקאַנטע היסטאָרישע פאַקטן צוזאַמען מיט נישט גע־שטויגענע, נישט געפלויגענע בבא מעשיות, לעגענדעס, אָנהייבנדיק פון די אַלטע צייטן ביז דער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט. אַ באַזונדער אָרט ווערט אין דעם ווערק אָפּגעגעבן פאַר די שרעקלעכע געשיכטעס וועגן שדים, מכשפים און רוחות. פון יעדער שורה הערט זיך דאָ די אמונה אין סודות, די מיסטישע קראַפט פון דער קבלה.

די אַנטדעקונגען פון קאָלומבוס האָבן אין יענער צייט אַרויסגערופן אויך ביי יידן אַן אינטערעס צו געאָגראַפיע. דער קאָמענטאַטאָר פון תנ"ך ר' אברהם פאַריצאָל, וואָס האָט געלעבט אין פעראַראַ, האָט אין 1524 אָנגעשריבן אַ ווערק „ארחות עולם", וואו עס געפינט זיך אַ קורצן באַ־שרייבונג פון דער ערד. דער מחבר פון דעם ווערק איז געווען אַ מענטש מיט וויסנשאַפטלעכע קענטעניש, נאָר דאָך געפינען זיך אין דעם בוך נישט ווינציק אָבערגלויבנס, ווי למשל וועגן טייך סמבטיון, וועגן די עשרת השבטים און כדומה.

די יידישע פּאָעזיע, וואָס איז פון דער צייט פון עמנואל הרומי אָפּ־

געשטאָרבן, האָט אין אָנהייב פון 17־טן יאָרהונדערט ווידער אויפגעלעבט אין איטאַליע. די פאָרשטייער פון דער יידישער פּאָעזיע זיינען דאַן געווען צוויי פרויען: דבורה אַסקאַרעל, און שרה סולאַם. די ערשטע, אַ פרוי פון אַ רייכן יידן אין רוים, האָט איבערגעזעצט די יידישע רעליגיעזע פּאָעזיע אין אַ שיינער איטאַליענישער שפראַך און אויך געשריבן אָריגינעלע לי־דער. די צווייטע, אַ טאָכטער פון אַ ווענעדיקער סוחר, איז געווען איינע פון די געבילדעטסטע איטאַליענישע פרויען פון יענער עפּאָכע. דער קאַ־טוילישער גלח אנראלדא טשעבאַ האָט אַ לאַנגע צייט שטאַרק אַגיטירט די יידישע באַגאַבטע פּאָעטעסע, זי זאָל אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. נאָר ער האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן. דאַן האָט ער ביי איר געבעטן אַ דערלויבעניש לפחות מתפלל צו זיין פאַר איר נשמה און בעטן גאָט, אַז ער זאָל זי אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג. שרה האָט מסכים געווען, אָבער מיט דעם תנאי, אַז אויך זי זאָל בעטן גאָט, אַז דער גלח זאָל אַרויף אויפן ריכטיקן וועג און אָננעמען די יידישע אמונה. שרה איז געשטאָרבן אין 1641.

אַ גרויסע השפעה אויף דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט האָט געהאַט דער איטאַליענישער הומאַניזם, דער אַלגעמיינער אינטערעס צו דער אַלטער קלאַסישער וועלט און צו פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע. דער זון פון באַרימטן ר׳ יצחק אברבנאל, יהודה־לעאָ אברבנאל, האָט צו יענער צייט אָנגעשריבן אויף אַ שיינער איטאַליענישער שפראַך זיינע „דיאַלאָגן וועגן ליבע״, וואָס זיינען עטלעכע מאָל איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַנדערע שפּראַכן און געמאַכט אַן איינדרוק. די דאָזיקע „דיאַלאָגן״ זיינען דורכגע־דרונגען מיט דעם גייסט פון דער לאַטיינישער פילאָזאָפיע וועגן ליבע און שיינהייט און דאָס יידנטום איז דאָרט אָוועקגעשטעלט אויפן צווייטן פּלאַן, אַזוי אַז עס האָבן זיך געפונען אייניקע, וואָס האָבן דערויף שוין געבויט אַ השערה, אַז אַברבנאל האָט זיך געשמדט; דאָס איז אָבער נישט מער ווי א השערה.

פיל שטאַרקער איז דעמאָלט געווען דער אינטערעס צו דער העברע־אישער שפראַך און העברעאישער גראַמאַטיק. אויף דעם געביט זיינען זיך צונויפגעגאַנגען די יידישע געלערנטע מיט די קריסטלעכע. די ליבע פון די הומאַניסטן צו דער קלאַסישער רוימיש־גריכישער וועלט האָבן אַרויס־גערופן אויך אַן אינטערעס צו דער אַלטער יידישער וועלט, און אַזוי ווי

אָן העברעאיש איז אוממעגלעך צו באַקענען זיך מיט דעם גייסט פון דער אַלטער יידישער קולטור, האָבן פיל הומאַניסטן און געבילדעטע קריסטן זיך געמוזט נעמען לערנען העברעאיש. לערער זיינען, נאַטירלעך, געווען די יידן, און אַזוי אַרום איז באַשאַפן געוואָרן אַ רייכע ליטעראַטור וועגן דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער גראַמאַטיק, ווי „ספר הבחור" פון ר' אליהו לעוויטאַ, אָדער אליהו בחור, „מתורגמן" פון דעם זעלבן און נאָך אַנדערע.

דער פאָטער פון דער יידישער היסטאָרישער קריטיק איז געווען ר' עזריה מן האדומים, אָדער דע־ראָסי (געבוירן אין מאַנטואַ אַן ערך אין יאָר 1514 און געשטאָרבן אין פעררארא אין 1578). ער איז געווען אַ פילזייטיק געבילדעטער מאַן, וואָס האָט גרינטלעך געקענט נישט בלויז די העברעאישע ליטעראַטור, נאָר אויך אַלע קלאַסישע ווערק, די רעליגיעזע ליטעראַטור און די נייע ווערק פון די איטאַליענישע הומאַניסטן. צו דער דאָזיקער ברייטער בילדונג האָט ער באַזעסן אויך אַ שטאַרקן טאַלאַנט, און דאָס האָט ער אויסגענוצט אויף קריטיש־היסטאָרישע פאָרשונגען. נאָך דער גרויסער ערד־ציטערניש אין פעררארא אין 1570 האָט ער אָנגעשריבן זיין גרויס ווערק אין דריי חלקים „מאור עינים". דער ערשטער טייל פון דעם ווערק איז געווידמעט דער באַשרייבונג פון דער ערד־ציטערניש, דער צווייטער טייל דערציילט, ווי אַזוי די ביבל איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף גריכיש. דער באַדייטנדיקסטער טייל איז אָבער דער דריטער, אין וועלכן עס געפינט זיך אַ ריי גלענצנדע פאָרשונגען וועגן פילון האלכסנ־דרוני, וועגן די יידישע פאַרטייען אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש, וועגן יוסף פלאַוויוס און וועגן דער כראָנאָלאָגיע פון דער אַלטער יידישער געשיכטע. דאָס דאָזיקע ווערק האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנ־קייט צווישן די רבנים, הגם ר' עזריה מן האדומים איז געווען זייער פאָר־זיכטיק אין זיין ווערק און אין ערגעץ זיך נישט דערלויבט קיין שום פרייע געדאַנקען. נאָר שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט דער ערשטער זיך קריטיש באַצויגן צום תנ"ך, אויסגעפאָרשט די הייליקע טראַדיציעס און פאַרגליכן די תלמודישע דערציילונגען מיט די גריכישע און לאַטיינישע קוועלן — שוין דאָס אַליין האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג צווישן די אָר־טאָדאָקסישע רבנים. ר' עזריה האָט דאַן אָנגעשריבן אַ צווייט ווערק „מצרף לכסף", וואו ער פאַרענטפערט זיך, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן.

די רבנים האָבן פאַרבאָטן אַלע יידן יונגער פון 25 יאָר, צו לייענען דעם „מאור עינים״ און מען דערציילט, אַז דער מחבר פון „שולחן ערוך״ ר׳ יוסף קאַראָ האָט אַפילו געזאָלט אַריינלייגן דעם מחבר פון „מאור עינים״ אין חרם, נאָר דער טויט זיינער האָט אים געשטערט דאָס צו טאָן.

דער גייסט פון קריטיציזם האָט אָבער פון דעמאָלט אָן שוין זיך נישט אָפּגעשטעלט, און איינצלנע יידישע געלערנטע, וואָס האָבן זיך קרי־טיש באַצויגן צו דער יידישער מסורה און צו די אַלטע יידישע לעגענדעס, האָבן ווייטער פאַרגעזעצט זייער אַרבעט. כדי נישט איינצורייסן מיט דער אַרומיקער סביבה און אַרויפציען אויף זיך דעם חשד פון אַפּיקורסות, האָבן די דאָזיקע געלערנטע געמוזט טאָן זייער אַרבעט געהיים. דאָס האָט אָבער נאָך מער פאַרשאַרפט די באַציאונג צו זיי פון דער אַרומיקער יידי־שער וועלט, און די סתירה צווישן דעם וויסנשאַפטלעכן קריטישן גייסט און דער טראַדיציאָנעלער בלינדער אמונה איז דורך דעם נאָך בולטער געוואָרן. די דאָזיקע אינערלעכע צעבראָכנקייט האָט זיך ס׳רוב אָפּגע־שפּיגלט אויף דער טעטיקייט פון באַגאַבטן שריפטשטעלער און אָנגעזעע־נעם יידישן קענער ר׳ יהודה־לעאָן דע־מאָדענאַ (1571 - 1648). אַ מענטש מיט פילזייטיקער בילדונג, תלמודיסט און צוזאַמען דערמיט הומאַניסט, אַ רב און אַ פריידענקער, אַ מגיד אין שיל און אַ וועלטלעכער שריפט־שטעלער, איז דע־מאָדענאַ אין זיין לעבן געווען פול מיט סתירות. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער אָנגעשריבן אַ ווערק קעגן שפּילן אין קאָרטן און אַליין האָט ער געשפּילט אין קאָרטן מיט אַזאַ אַזאַרט, אַז ער האָט פאַר־געסן, ווער ער איז און וואָס פאַר אַ לאַגע ער פאַרנעמט. אין שיל האָט ער געהאַלטן דרשות און גערופן צו שטרענגן מוסר אין רעליגיעזע דינים, און ביי זיך אין צימער האָט ער געשריבן געהיים אַזעלכע פרייע געדאַנקען, פאַר וועלכע ער וואָלט געקענט פיל ליידן, ווען זיי וואָלטן פאַרעפנט־לעכט ווערן. די ליטעראַרישע טעטיקייט פון דע־מאָדענאַ איז געווען זייער רייך און פאַרשידנאַרטיק. ער האָט געשריבן אַמאָל פאַר די יידן, אַמאָל פאַר קריסטן, תלמודישע חקירות, דרשות אויף פאַרשידענע טעמעס, אַ שטודיום וועגן די יידישע רעליגיעזע מנהגים, אַ זאַמלונג פון רעצעפּטן און עצות, אַ מיטל צו באַפעסטיקן דעם זכרון, שירים, ביבלישע פירושים אאז״וו. נאָר זיינע טיפסטע איבערצייגונגען האָט ער אָפן אַרויסגעזאָגט אין צוויי אויסגעצייכנטע ווערק, וועלכע ער האָט מורא געהאַט צו פאַר־

עפּנטלעכן בעת זיין לעבן און וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן ערשט אין 200 יאָר אַרום נאָך זיין טויט. אין איינעם פון די ווערק „ארי נוהם״, צעשטערט ער דעם גאַנצן בנין פון דער קבלה און באַווייזט, אַז די כלומרש־טע הייליקע ספרים פון דער קבלה, ווי דער „זהר״, זיינען פאַלש, נאָכגע־מאַכט און אַז די לערע פון דער קבלה איז סותר די ריינע לערע פון יידנ־טום. אין זיין צווייטן ווערק „קול סכל ושאגת ארי״ מאַכט דע־מאָדענאַ נאָך אַ טריט ווייטער און טרעט שוין אַרויס ניט בלויז קעגן דער הייליקייט פון דער קבלה, נאָר אויך קעגן דער אויטאָריטעט פון תלמוד. נאָך דעם ווי די יידישע מלוכה איז געפאַלן — זאָגט ער אין דעם ווערק, — האָבן די פירער פון פאָלק געדאַרפט איינפירן אַ נייע אָרדענונג אויפן גרונט פון תורת משה, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די לעבנס־באַדינגונגען פון יידן אין גלות. אָבער וואָס זשע האָבן זיי געטון? אנשטאָט צו באַזייטיקן די קליינינקייטן פון געזעץ און באַפעסטיקן נאָר זייערע יסודות, האָבן די דאָזיקע לערער פון געזעץ נאָך איבערגענומען ביי די צדוקים חומרות און דינים אָן אַ שיעור, וואָס מאַכן שווער דאָס לעבן פון יידן אין גלות, און דאָס האָבן זיי אָנגערופן „תורה שבעל פה״! דאָ איז דע מאָדענאַ דערגאַנגען צו דעם פּונקט, צו וועלכן עס זיינען צוגעקומען אַלע פריידענקנדיקע יידן פון 19טן יאָרהונדערט און עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ רדיפות און צרות דע־מאָדענאַ וואָלט זיך אָנגעליטן, ווען ער וואָלט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע געדאַנקען אָפן. ער האָט דאָס אָבער גוט פאַרשטאַנען, און איז דעריבער געבליבן איינזאַם און אַליין מיט זיין אפיקורסות, וועלכן ער האָט געמוזט באַהאַלטן בחדרי חדרים.

אַ צווייטער אָנגעזעענער וועלטלעכער קענער און „פריידענקער״ איז געווען יוסף שלמה רופא (יש״ר מקנדיא) דעלמעדיגאָ (1591 — 1655); ביי אים האָבן אָבער די אפיקורסישע געדאַנקען און דער וויסנשאַפטלע־כער עלעמענט זיך אַזוי פאַרפלאָנטערט און צונויפגעמישט מיט דער קבלה און דעם מיסטיציזם, אַז ער האָט אויף יעדן שריט נאָר סותר געווען זיך אַליין, און איז סוף כל סוף אַריין אין אַ גרויסן פלאָנטער, פון וועלכן ער האָט אַליין ניט געקאָנט אַרויסקריכן און געענדיקט האָט ער דערמיט, וואָס ער איז געוואָרן אַ פאַרברענטער אָנהענגער פון די קבליסטן. אַן אייניקל פון פילאָזאָף ר׳ אליהו דעלמעדיגאָ, האָט יוסף שלמה באַקומען זיין בילדונג אין איטאַליע. אין דער יוגנט האָט ער באַזוכט דעם אוניווערזיטעט אין

פּאַדואַ, וואו ער האָט געהערט לעקציעס וועגן מאַטעמאַטיק און אַסטראָ־נאָמיע פון דעם גרויסן גאַליליי אַליין. נאָך דעם האָט דעלמעדיגאָ זיך פּאַרטיפט אין אַנדערע וויסנשאַפטן, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ גרויסע נייגונג. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אויך געהאַט אַ גרויסע ליידנ־שאַפט צו רייזן און אין 1616 האָט ער געמאַכט אַ רייזע קיין עגיפּטן, וואו ער האָט געהאַט אַ גלענצנדיקן מאַטעמאַטישן דיספּוט מיט אַ מוסולמענישן געלערנטן. פון דאָרטן איז ער אָפּגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו ער איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט די קאַראַאימען, און פון דאָרטן קיין פוילן און ליטע. דאָרט האָט ער זיך באַזעצט נעבן ווילנע און איז געוואָרן הויז־דאָק־טער ביים פירשט ראַדזיוויל. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך לאַנג ניט גע־האַלטן. אין גיכן באַגעגענען מיר אים שוין אין דייטשלאַנד, פריער אין האַמבורג, דערנאָך אין אַמסטערדאַם און אין פראַנקפורט, וואו ער האָט אָנגענומען די שטעלע פון אַ דאָקטער אין דער יידישער קהלה. זיין וואַנ־דער־לעבן האָט ער פאַרענדיקט אין פּראָג אין 1655. ניט געקוקט אויף זיין גרויסער ענציקלאָפּעדישער בילדונג, האָט זיך אים דאָך ניט איינגעגעבן אויסצואַרבעטן אַ וועלכע עס איז קלאָרע וועלט־אָנשויאונג, און מיר זעען, ווי דעלמעדיגאָ דרייט זיך צווישן פינצטערניש און ליכטיקייט, צווישן וויסנשאַפטלעכן גייסט און בלינדער אמונה, צווישן פרייע געדאַנקען און מיסטישע חלומות. דעלמעדיגאָ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער עפּאָכע: פונקט ווי ער, אַזוי האָט די גאַנצע עפּאָכע זיינע זיך געוואָרפן צווישן פינצטערניש און ליכטיקייט און איז געווען פול מיט סתירות. די גרויסע השפּעה פון דער הומאַניסטישער וועלט־אָנשויאונג, די סימנים פון דער נאָענטער גרויסער רעפאָרמאַציע זעען מיר שוין אויך אין יידנטום, וואו עס שאַפט זיך עפּעס, וואו עס וועקט זיך אַ נייער געדאַנק און עס הויבט זיך אָן אַ קריטישע באַציאונג צום יידישן עבר. אָבער דאָס אַלץ ווערט דערשטיקט אינעווייניק, געפינט ניט קיין פרייען פּלאַץ פאַר זיך און עס מוזן פריער פאַלן די מויערן פון ענגן געטאָ, עס מוז פריער אַראָפּ דער אויסערלעכער דרוק, כדי די ברויזנדיקע אינערלעכע כוחות אין יידנטום זאָלן געפינען אַ פרייען אַרויסגאַנג און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ברייטער פרייער באַוועגונג.

# קאַפּיטל פיר

## יידן אין דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע

מיט דער שטורעמדיקער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג, וואָס האָט אויפ־געררודערט גאַנץ אייראָפּע און געמאַכט אַן איבערקערעניש אין גאַנצן פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן פון די איירעפּעאישע פעלקער, ענדיקט זיך דאָס פינצטערע מיטלאַלטער און עס הייבט זיך אָן די „נייע צייט" אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. די דאָזיקע גרויסע באַוועגונג שטאַמט פון דייטשלאַנד. דוקא אינעם מיושבדיקן דייטשן פאָלק, דוקא אין לאַנד פון די ריטערס וואָס האָבן פאַרבראַכט די יאָרן אין שטענדיקן קאַמף צווישן זיך איבער נאַרישקייטן, — דוקא פון דאָרטן האָט געקאָנט אַרויסוואַקסן די גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס האָט גערופן צוריק צו דעם תנ"ך און צו דעם ריינעם רעליגיעזן תוך פון קריסטנטום. די ראָמאַנישע פעלקער זיינען שוין געווען דעמאָלט אַזוי ווייט פאַרדאָרבן, אַזוי ווייט פון יעדער רעליגיעזער באַציאונג צום לעבן, אַז ביי זיי איז שוין אפילו ניט מעגלעך געווען קיין „אפיקורסות", קיין פּראָטעסט קעגן דעם פאַלשן קאַטאָליציזם. אין די פויפּסטלעכע ספערן, צווישן די געבילדעטע מענטשן, אין די פּאַלאַצן פון די הויכע גייסטלעכע אין איטאַליע, פראַנקרייך און שפּאַניע האָט מען אין יענער צייט געלעבט אַ גוטן טאָג, זיך אַריינגעלאָזט אין תענוגים און בסוד אָפּגעלאַכט פון דער גאַנצער קריסטלעכער רעליגיע, וועלכע איז זיי ווינציק וואָס אָנגעגאַנגען, און נאָר אין דייטשלאַנד, וואו דאָס פאָלק איז נאָך געווען פּרימיטיוו און נאַאיוו, וואו מען האָט נאָך באמת געגאַרט צו אַ ריינער אמתער רעליגיע, איז געווען דער ריכטיקער באָדן פאַר דער רעפאָרמאַציע מיט איר גאַנצן צאָרן קעגן דער פאַלשקייט פון די פויפּסטן און מיט איר שטורעמדיקן דראַנג צום פיינעם רעליגיעזן געפיל. טיף אין דייטשן פאָלק זיינען שוין פון לאַנג געלעגן באַהאַלטן גרויסע קרעפטן און עס האָבן נאָר געדאַרפט קומען די נייטיקע סיבות, כדי אויפצואוועקן די דאָזיקע קרעפטן. מיט אַ געוויסן שטאָלץ קאָנען מיר זאָגן, אַז איינע פון די נאָענטסטע סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן און פאָרבאַרייטעט די גרויסע

רעפאָרמאַציע, איז געווען דער דיספוט צווישן די הומאַניסטן און די „פינצ־טערע לייט" וועגן תלמוד.

ערב דער לוטעראַנישער רעפאָרמאַציע האָבן די פאַרביסענע קלערי־קאַלן, די פינצטערע כוחות אָנגעהויבן פירן אַ בייזן קאַמף קעגן יידנטום. זיי איז ווינציק געווען די געדריקטע יידישע לאַגע, — זיי האָבן נאָך גע־וואָלט עוקר מן השרש זיין די גאַנצע יידישע רעליגיע. פאַר זייערע אויגן האָט זיך געטראָגן דאָס אידעאַל פון דער פינצטערער שפּאַנישער אינקווי־זיציע מיט אירע שייטער־הויפנס, ענוים און שפּיאָנאַזש. די יידן־שנאה איז געווען דער צענטער פון דער פּאָליטיק פון די דייטשע קלעריקאַלן און ניט ווילנדיק איז דער קאַמף קעגן יידנטום געוואָרן אויך דער קאַמף קעגן דער גייסטיקער באַנייאונג בכלל, קעגן אַלע נייע אידייען פון די הומאַניסטן, קעגן דער אפּיקורסות פון די פרייגעזינטע. אין דער לופטן האָט זיך שוין געטראָגן דער גייסט פון דער נאָענטער רעפאָרמאַציע און עס איז באַ־שערט געווען, אַז דאָס יידנטום זאָל ווערן אַוועקגעשטעלט און צונויפגע־בונדן מיט דער גרויסער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג אין דעם פאַרביטערטן קאַמף קעגן איר.

דער סיגנאַל צו אַ קאַמף קעגן יידנטום איז געוואָרן געגעבן אין קעלן, אין דעם דאָזיקן הויפּט־שטאָב פון די קלעריקאַלן, וואו עס האָבן גע־הערשט די דאָמיניקאַנער, דער אינקוויזיטאָר האָכשטראַטען, דער פינצטער־רער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אַרנאָלד פון טאָנגערן און אַנדערע באַרימ־טע „שוואַרצע" לייט. דער סיגנאַל איז געווען פון איין זייט צו אַטאַקירן די יידישע ליטעראַטור, מיט וועלכער די הומאַניסטן האָבן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן, און פון דער צווייטער זייט — צוצוגרייטן אַ באָדן פאַרן געצוואונגענעם שמד צווישן יידן, ווי אין שפּאַניע. ווי אַ ווערקצייג פאַר דעם טייוולאָנישן פּלאַן איז אויסגעקליבן געוואָרן דער משומד פּפעפער־קאָרן.

יוסף פּפעפערקאָרן פון מעהרען איז געווען אַ פּשוטער קצב, כמעט אַן עם־הארץ און דערצו אַ מענטש מיט אַן אומגעהויערער חוצפּה. איין מאָל האָט מען אים געכאַפּט ביי אַ גנבה ביים אויפברעכן אַ שלאָס און ער איז געוואָרן אַרעסטירט. ווי עס ווייזט אויס, איז אים נאָך דער מעשה ניט געווען איבעריק אנגענעם צו פאַרבלייבן צווישן יידן און ער האָט באַשלאָסן אָפּצושמדן זיך און זיין גאַנצע פאַמיליע. אָט דעם דאָזיקן מענטשן מיט אַ

פינצטערער פאַרגאַנגענהייט האָבן די דאָמיניקאַנער אויסגעקליבן פאַר זייער רעכטער האַנט אין קאַמף מיט די יידן און יידנטום. די פאַרברעכערישע טעטיקייט קעגן זיין פאָלק האָט פעפערקאָרן אָנגעהויבן מיט דער בראָשור „שפיגל דער דערמאָנונג”, וואָס איז דערשינען אין 1507 אויף דער רוימישער שפראַך. אין דער דאָזיקער בראָשור פרואווט נאָך דער יידישער משומד זיך אונטערחנפהנען צו יידן, איינרעדן זיי מיט גוטע רייד זיך צו שמדן, ווייל נאָר אין קריסטנטום איז דער ריינער אמת און די ישועה פאַר אַלע פעלקער. דאָרט פרואווט אויך פעפערקאָרן אָפּווענדן אַלע בלבולים אויף יידן, אַז זיי באַנוצן קריסטלעך בלוט, און ווענדט זיך צו די קריסטן מיט אַן אויפרוף, אַז זיי זאָלן ניט צו פיל דריקן די יידן, וועלכע „זיינען אויך מענטשן” גלייך ווי אַלע. אין אַ יאָר אַרום האָבן די דאָמיניקאַנער אַרויסגעגעבן אַ צווייטע בראָשור אונטער פעפערקאָרנס נאָמען „יודענבייכטע” און דאָ איז שוין דער טאָן גאָר אַן אַנדערער. דאָ ווערט אָפּגעלאַכט פון די יידישע מנהגים, די יידן ווערן שוין אָנגערופן „הינט, וואָס לעקן דאָס קריסטלעכע בלוט” און פון די קיסרים ווערט געפאָדערט, צו פאַרבאָטן יידן האַנדלען מיט פּראָצענט און זיי צווינגען צו הערן די מיסיאָנערישע דרשות אין די שולן. און וואָס ווייטער איז געוואָרן אַלץ ערגער: אין 1509 איז דערשינען פעפערקאָרנס אַ דריטע בראָשור, וואָס איז בכיון אַרויסגעגעבן געוואָרן ערב פסח, כדי אויפצורייצן דעם המון קעגן יידן. דאָרט ווערט דאָס דייטשע פאָלק שוין גערופן אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון לאַנד, צונעמען ביי זיי זייערע קינדער און זיי דערציִען אין קריסטלעכן גלויבן און בכלל צו רודפן זיי ביז לעצט, ווייל יידן באַראַבעווען די קריסטן און זויגן פון זיי אויס דאָס בלוט. ביים פאָלק האָט די דאָזיקע העצע נישט געהאַט קיין דערפאָלג אָבער דערפאַר האָבן די דאָמיניקאַנער געפרואווט פאַראינטערעסירן אין דער אַגיטאַציע קעגן יידן הויכגעשטעלטע פערזאָנען, און דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן.

די דאָמיניקאַנער האָט זיך איינגעגעבן אַריבערצוציִען אויף זייער זייט די פרומע קוניגונדאַ, די שוועסטער פון קייסער מאַקסימיליאַן, וועלכע האָט געגעבן פעפערקאָרנען אַ בריוו צום קייסער מיט אַ ביטע צו קאָנפיסקירן אַלע יידישע ספרים, אויסער דער ביבל, וועלכע זיינען פול מיט האַס צום קריסטנטום און וואַרפן אַ שאַנדע אויף דער הייליקער רעליגיע. מיט דער דאָזיקער רעקאָמענדאַציע איז פעפערקאָרן אָוועקגעפאָרן

**קיין איטאַליע צום קייסער מאַקסימיליאַן, וועלכער האָט דאַן געפירט מל־חמה מיט דער ווענעציאַנישער רעפּובליק, און פּפעפערקאָרן איז צוריקגע־קומען מיט אַ נצחון: דער קייסער, וועלכער איז געווען פאַרנומען מיט דער מלחמה און ניט געהאַט קיין צייט אַריינצוטראַכטן אין אַזעלכע ענינים, האָט ניט לאַנג געקלערט און דערלויבט פּפעפערקאָרענען צו רעווידירן אַלע יידישע ספרים און פאַרברענען די, אין וועלכע עס געפינען זיך שלעכטע רייד וועגן קריסטנטום.**

מיט טריאומף האָט פּפעפערקאָרן זיך גענומען צו דער אַרבעט, וועל־כע ער האָט אָנגעהויבן אין פראַנקפורט־אַם־מיין, וואו עס האָבן זיך געפֿו־נען פיל יידן פון תורה און געלט און גאַנצע בערג יידישע ספרים. לויטן פאַרלאַנג פון פּפעפערקאָרן האָט דער מאַגיסטראַט צונויפגערופן אַלע יידן אין שול אַריין, וואו מען האָט זיי נאָר איבערגעלייענט דעם באַפעל פון קייסער, אַרויסצוגעבן אַלע ספרים פּפעפערקאָרנען. מען האָט צוערשט צו־נויפגעזאַמלט אַלע סדורים און זיי קאָנפיסקירט. דאָס איז געווען די ערש־טע נאַכט פון סוכות, ער האָט נאָך געוואָלט פאַרבאָטן די יידן צו דאַוונען אין די שולן, ווייל פונקט אום יום־טוב האָט ער געוואָלט מאַכן די רע־וויזיע אין די יידישע הייזער, אָבער די גייסטלעכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר מער מענטשלעך, ווי פּפעפערקאָרן, און ניט געוואָלט איינשטימען צו פאַרשטערן יידן זייער יום־טוב. די רעוויזיע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף מוצאי סוכות. אָבער דאָ האָבן יידן פלוצים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און דערקלערט, אַז זיי וועלן ניט אַרויסגעבן די ספרים, כל זמן זיי וועלן זיך ניט פאַרשטעלן פאַרן קייסער, כדי ער זאָל אויסהערן אויך דעם צווייטן צד. אין דער זעלבער צייט האָבן די יידן געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום הור־מאַנישן בישאָף אוריאל וועלכער האָט זיך געווענדט צום קייסער מיט אַן אָנווייזונג, אַז אַזאַ וויכטיקע פראַגע קען ניט געלייזט ווערן אין איילעניש מיט איין מאָל און מוז ערנסט ווערן באַטראַכט. אויך דער מאַגיסטראַט האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון יידן און פון דעם זעלבן אַרציבישאָף איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו די גייסטלעכע, אַז זיי זאָלן ניט שטיצן פּפע־פערקאָרנען. אַזוי ווי דער קייסער האָט דערלויבט פּפעפערקאָרנען רעווי־דירן די יידישע ספרים ניט אַנדערש, ווי אין דער אָנוועזנהייט פֿון צוויי גייסטלעכע און אַ פאָרשטייער פון מאַגיסטראַט, האָט ער שוין ממילא

זיין פּלאַן ניט געקאָנט אויספירן און די יידן האָבן אויף אַ ווײַלע פריי אָפּ־געאָטעמט.

נאָך דעם האָבן די יידן אַרויסגעשיקט זייערע שתדלנים צום קייסער און אים באַוויזן זייערע אַלטע קייסערלעכע פּריווילעגיעס. מאַקסימיליאַן איז איינגעגאַנגען דערויף, אַז מען זאָל גרינדן אַ קאָמיסיע פון געלערנטע, וועלכע זאָלן באַטראַכטן די פראַגע. די דאָמיניקאַנער זיינען ניט געוועזן אײַ־נבעריק צופרידן דערמיט און פּפעפערקאָרן איז ווידער אַמאָל געפאָרן קיין איטאַליע, באַזאָרגט מיט פיל רעקאָמענדאַציעס צום קייסער און צו די הויכגעשטעלטע לייט. דאָס מאָל האָט פּפעפערקאָרן נאָר געפּועלט, אַז אין דער קאָמיסיע זאָל צווישן אַנדערע אויך באַשטימט ווערן דער באַרימטער געלערנטער יאָהאַן רייכלין, די גרעסטע דייטשע אויטאָריטעט. די כוונה דערפון איז געווען קלאָר: אָדער רייכלין וועט האַלטן מיט די דאָמיניקאַנער און דאַן איז אַ סוף צום יידנטום, ווייל ווער וועט האָבן די העזה אַרויסצו־טרעטן קעגן דעם מענטשן, מיט וועלכן עס שטאָלצירט גאַנץ דייטשלאַנד; אָדער רייכלין וועט פאַרטיידיקן די יידישע ספרים, און דאַן וועלן די דאָ־מיניקאַנער שוין אָנהייבן אַן ענערגישן קאַמף קעגן רייכלינען אַליין און קעגן דער גאַנצער חברה הומאַניסטן, וועלכע זיי וועלן באַשולדיקן אין אַפּי־קורסות און פאָדערן זיי צום געריכט פאַר אַפּיקורסות. די האָפענונג פון די דאָמיניקאַנער איז אָבער צעשטערט געוואָרן און מיט דער באַשטימונג פון רייכלין ווי מיטגליד פון דער קאָמיסיע האָט זיך אָנגעהויבן זייער גרויסע מפּלה.

יאָהאַן רייכלין איז געווען ניט בלויז אַ באַרימטער געלערנטער און דער גרעסטער קענער פון די אַלטע שפּראַכן אין זיין צייט, נאָר אויך אַ גוטהאַרציקער מענטש, וואָס האָט שטענדיק ליב געהאַט דעם אמת. ווי פיל פון די גרויסע הומאַניסטן, האָט אויך רייכלין געהאַט אַ פאַרלאַנג צו דער־לערנען גרינטלעך די העברעאישע שפּראַך. דער ערשטער לערער זיינער, וועזעל אין באַזעל, האָט אַליין געקאָנט ווינציק העברעאיש און איז נאָר אימשטאַנד געווען אויסצולערנען רייכלינען די ערשטע כללים פון דער העברעאישער שפּראַך. ווען ער איז געווען אין רוים, האָט רייכלין זיך דער־וואוסט וועגן די וואונדערבאַרע סודות פון דער קבלה. מיט וועלכער עס האָבן זיך דאַן אינטערעסירט פיל קריסטן, און די ליבע צו העברעאיש איז נאָך ביי אים דאַן שטאַרקער געוואָרן. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין

דייטשלאַנד, האָט רייכלין זיך געווענדט מיט אַ בריוו צום רב פון רעגענס־בורג ר׳ יעקב מרגליות, וועלכן ער האָט געבעטן צושטעלן אים געוויסע קבלה־ספרים. דער רב האָט אים געענטפערט, אַז אין די קבלה־ספרים איז בכלל ניט כדאי אַריינצולאָזן זיך און אַז די ספרים, וועלכע ער בעט, קאָן ער, דער רב, ניט באַקומען. ערשט אין אַ צייט אַרום האָט רייכלין זיך באַ־קאַנט מיט דעם דאָקטאָר פון קייסער פרידריך דעם דריטן, ר׳ יעקב לואַנץ און דער דאָזיקער געלערנטער ייד איז פון דאַן אָן געוואָרן רייכלינס לע־רער אין העברעאיש. מיט גרויס התמדה האָט זיך רייכלין גענומען צו דעם שטודיום און אין אַ צייט אַרום איז ער שוין אימשטאַנד געווען צו לייענען העברעאישע ספרים אָן דער הילף פון אַ לערער. פון דעמאָלט אָן האָט רייכלין ניט אויפגעהערט ווייטער צו דערלערנען די העברעאישע שפראַך און ליטעראַטור, הגם ער איז נאָך אַלעמען דאָך ווייט געווען פון גרינטלעכער קענטעניש.

רייכלין איז דאַן געווען דער איינציקער קריסט אין אייראָפּע וואָס האָט גוט געקאָנט די העברעאישע שפראַך, און אַזוי ווי דער פאַרלאַנג צו באַקענען זיך מיט דער העברעאישער שפראַך איז דאַן איבעראַל געווען גרויס, האָבן פיל פון רייכלינס פריינט זיך געווענדט צו אים מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל צוזאַמענשטעלן אַ העברעאישע גראַמאַטיק און אַ לער־בוך. רייכלין האָט דערפילט די בקשה און פאַרפאַסט אַ העברעאישע גראַמאַטיק, וואָס איז נאָך געווען פול מיט פעלערן, אָבער האָט דאָך געגעבן פאַר פיל קריסטן אַ שליסל צו דערלערנען די העברעאישע שפראַך און רייכלין האָט דערצויגן פיל תלמידים, וואָס האָבן מיט יראת הכבוד זיך באַצויגן צו העב־רעאיש און איר געווידמעט צייט.

אָבער צוזאַמען מיט דער גרויסער אַכטונג צו העברעאיש, איז רייכ־לין דאָך אין יענער צייט געווען ווייט פון יידנפריינטלעכקייט. ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון די אַלטע אבערגלויבנס וועגן יידן און יידנטום און האָט געהאַלטן די יידן פאַר אַ נידעריקן סאָרט מענטשן, וואָס גאָט האָט זיי שטרענג באַשטראָפט דערפאַר, וואָס זיי גייען ניט אין ריכטיקן וועג. ווי אַנדערע קלעריקאַלן, האָט רייכלין אין יענער צייט געהאַלטן, אַז יידן לעס־טערן די קריסטלעכע הייליקטימער און אַלע קריסטן בכלל, און געבראַכט אַ ראיה פון דער ברכה „ולמלשינים" אין שמונה עשרה. שפּעטער האָט רייכלין זייער באַדויערט, וואָס ער האָט געשריבן שלעכטס אויף יידן, וועל־

כע ער האָט אין האַרצן קיין מאָל ניט געהאַסט. אָבער אין יענער צייט איז רייכלין נאָך ניט געווען פריי פון די אַלטע אבערגלויבנס און אויסערלעך האָט ער אין זיין באַציאונג צו יידן זיך ניט אונטערשיידט פון די איבעריקע קריסטן. אין דער צייט, ווען רייכלין איז באַשטימט געוואָרן, צוזאַמען מיט האָכשטראַטן און אַנדערע יידן־פיינט, ווי אַן עקספּערט אין דער קאָמיסיע וועגן די יידישע ספרים, איז ער שוין געווען זייער פּאָפּולער אין גאַנץ דייטשלאַנד, געשעצט און געערט אומעטום ווי אַ גרויסער געלערנטער און אַנגעזעענער פּערזענלעכקייט. די דאָמיניקאַנער האָבן אין אים ניט גע־קאָנט געפינען קיין חטא, אָבער געשפּירט האָבן זיי, אַז רייכלין וועט מיט זיי ניט גיין, אַז זיין האַרץ איז ניט גענייגט צו קיין פאַלשקייטן און מעג־טשן־האַס. ווען פּפעפערקאָרן איז געפאָרן קיין איטאַליע צום קייסער, איז ער אויפן וועג אָפּגעטראָטן ביי רייכלינען און געפּרואווט אים איבער־ריידן, אַז ער זאָל גיין האַנט ביי האַנט מיט די דאָמיניקאַנער קעגן יידן. רייכלין האָט מסכים געווען צו די אַלע באַשולדיקונגען קעגן יידן, אָבער פאַראייניקן זיך מיט די דאָמיניקאַנער האָט ער ניט געוואָלט, ווייל זיין האַרץ איז בכלל ניט געווען גענייגט צו קיין שלעכטס. ער האָט זיך רואיק און ערנסט גענומען צו זיין אַרבעט, אויסצופאָרשן די יידישע ספרים, און די אַרבעט האָט ביי אים געדויערט אַן ערך דריי חדשים.

דערווייל האָט פּפעפערקאָרן ניט אויפגעהערט פלייסיק פאָרצוזעצן זיין טעטיקייט און קאָנפיסקירט אומעטום די יידישע ספרים. צו דער שמ־חה פון די קלעריקאַלן איז אין יענער צייט אונטערגעקומען אַ ריטואַלער פּראָצעס קעגן יידן. אין בראַנדענבורגער מדינה האָט איינער אַ קריסט אָװעקגעגנבעט פון קירכע דאָס הייליקע ברויט — די האָסטיע און אייניקע כלים. ווען מען האָט אים געכאַפּט, האָט ער דערציילט, אַז ער האָט פאַר־קויפט די געגנבעטע זאַכן יידן. דער בראַנדענבורגער בישאָף צוזאַמען מיט דעם דעספּאָטישן קורפירשט יאָאַכים דער ערשטער האָבן פאַראָרדנט, באַלד אָפּצוזוכן די „שולדיקע". די „שולדיקע" האָט מען געפונען, זיי אַריינגעזעצט אין טורמע, שרעקלעך געפּייניקט און דערנאָך געטויט דורך פאַרברענען. זעקס און דרייסיק פון די פאַרמשפּטע זיינען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן און ביז דער לעצטער מינוט ניט אויפגעהערט זאָגן שטיקלעך פון תהלים און תפילות, נאָר צוויי פון זיי האָבן ניט אויסגע־האַלטן די יסורים און פאַרן טויט זיך געשמדט. דערפאַר האָט מען זיי גע־

טון אַ חסד און אַנשטאָט לעבעדיקערהייט פאַרברענען האָט מען זיי אָראָפּ־
גענומען די קעפּ. שפּעטער מיט 25 יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס
געריכט, וואָס האָט פאַרמשפּט די יידן, האָט „אַ טעות" געהאַט. דער
קריסט, וואָס האָט געגנבעט די האָסטיע, האָט זיך מודה געווען בעת אַ ודוי
פאַר אַ גלח, אַז ער האָט אומזיסט אומגעבראַכט אַכט און דרייסיק יידן,
אויף וועלכע ער האָט אַ בלבול געמאַכט. דער גלח האָט געבעטן ביים בי־
שאָף אַ דערלויבעניש דאָס מאָל עובר צו זיין אויף דעם סוד פון ודוי און
פאַרעפנטלעכן די מעשה, נאָר דער בישאָף איז דערויף ניט איינגעגאַנגען,
כדי ניט צו „קאָמפּראָמעטירן" דאָס געריכט. ערשט אין אַ צייט אַרום, ווען
דער גלח, ווען דאָס געוויסן האָט ניט געלאָזט רוען, איז איבערגעגאַנ־
גען אין לוטעראַנישן גלויבן, האָט ער אָפן אַנטדעקט דעם אמת. דערווייל
האָט פּפעפערקאָרן און זיין חברה זיך באַנוצט מיט דער מעשה, און אַרויס־
געלאָזט אַ בראָשור „איינע וואַהרע בעגעבנהייט" (אַן אמתע מעשה), וואו
עס איז באַשריבן געוואָרן די מעשה מיט דער אָוועקגעגנבעטער האָסטיע.
די בראָשור האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אין גאַנץ דייטשלאַנד און די
געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז אַזוי־ערנאָך פאַרבאַרייטעט געוואָרן קעגן
יידן. יידן האָבן געלעבט אין פּחד און אין שרעק, נאָר די האָפענונגען פון
די קלעריקאַלן זיינען דאָך ניט דערפילט געוואָרן און פון דער גאַנצער הע־
צע קעגן יידן איז נאָר אַרויסגעקומען אַן אומגליק פאַר די פינצטערע קלע־
ריקאַלן. מיט רעכט האָט איינער פון די הומאַניסטן דאַן געזאָגט, אַז „דער
דאָזיקער פאַרשווין" (פּפעפערקאָרן) האָט געטון דעם קלעריקאַליזם פיל
מער רעה, איידער עס האָבן אים געקאָנט טון אַלע אפּיקורסים צוזאַמען.

אויף דער פראַגע פון קייסער: „צי וועט זיין ערלעך פאַר גאָט און צי
וועט די קריסטלעכע לערע נוצן האָבן דערפון, וואָס מיר וועלן פאַרברענען
די יידישע ספרים?" האָט רייכלין געענטפערט זייער אויספירלעך, אין אַ
שווערן סטיל, מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, און דער אַלגעמיינער
ענטפער איז געווען לטובת יידן. רייכלין טיילט ערשטנס איין די יידישע
ספרים אין זעקס באַזונדערע קאַטעגאָריעס און ווייזט אָן, אַז עס איז ניט
ריכטיק, ווען מען איז כולל די גאַנצע יידישע ליטעראַטור אונטער איין
נאָמען. איין קאַטעגאָריע זיינען די קאָמענטאַרן צו דעם תנ"ך, ווי די
ספרים פון רש"י, אבן עזרא, רד"ק און אַנדערע. אין די ספרים איז קיין
שאָדן פאַרן קריסטנטום ניטאָ, פאַרקערט, זיי זיינען אויך זייער נוצלעך

פאַר די קריסטן, וואָס ווילן דערלערנען די ביבל. צו דער צווייטער קאַטע־גאָריע געהערן די פּאָעטישע און סאַטירישע ספרים און צווישן זיי געפינען זיך נאָר צוויי סאַטירן אויף דער קריסטלעכער רעליגיע „ספר הנצחון" פון ר' ליפּמאַן און „מעשה הלדה", אָבער ווי די יידן זאָגן, איז זיי פאַרבאָטן צו לייענען די ספרים, וועלכע זיינען מער ניטאָ במציאות. די דריטע קאַטע־גאָריע זיינען די יידישע פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע ביכער, וועלכע אונטערשיידן זיך מיט קיין זאַך ניט פון די קריסטלעכע ספרים פון דעם סאָרט. די פערטע קאַטעגאָריע ספרים זיינען די יידישע שול־תפילות און פיוטים, אָבער זיי געהערן צום יידישן רעליגיעזן לעבן און לויט די פּריווי־לעגיעס, וואָס יידן האָבן באַקומען פון די קיסרים, טאָר מען זיך אין זייער רעליגיעזן לעבן ניט אַריינמישן. די פינפטע קאַטעגאָריע זיינען די קבלה־ספרים, אין וועלכע עס ליגן טיפע סודות און וועלכע האָבן פאַראינטערע־סירט אויך פיל קריסטן. וואָס אָנבאַלאַנגט די ספרים פון דער זעקסטער קאַ־טעגאָריע, דער תלמוד, אין וועלכן די יידישע שונאים געפינען אַלדאָס בייז, איז רייכלין זיך אָפנהאַרציק מודה, אַז ער האָט אַ קנאַפּע ידיעה אין זיי, אָבער נאָך ווינציקער קענען דעם תלמוד אַנדערע קריסטן, וואָס קענען קיין העברעאיש ניט און אויב זיי מאַכן בלבולים אויף דעם תלמוד, איז דאָס בלויז שקר און נאַרעריי, ווייל באמת ווייסן זיי ניט, וועגן וואָס דאָרט רעדט זיך אפילו. אין אַלגעמיין זאָגט זיך רייכלין אַרויס קעגן פאַרברענען די יידי־שע ספרים און קעגן רדיפות אויף יידן בכלל. אויב, דערקלערט ער, עס איז אפילו אמת, אַז די יידישע ספרים לייקענען אין קריסטוס און אין זיין לערע, מיט וואָס זיינען דאָן די ספרים ערגער פון די יידן אַליין, וועלכע גלייבן נישט אין דער קריסטלעכער לערע? די יידן אַליין דאַרף מען ווידער לאָזן צו רו, ווייל, ערשטנס, שטייען זיי מחוץ דער קריסטלעכער קירכע און עס איז נאַריש, ווען מען האַלט זיי פאַר „אומגלויביקע", פאַר קריסטן, וואָס לייקענען אין זייער לערע. זיי האָבן גאָרניט צו טון מיט דער קירכע, מיטן קריסטנטום און דאָס קריסטנטום האָט דעריבער איבער זיי קיין שליטה נישט. צווייטנס, זיינען אויך יידן בירגער צוגלייך מיט אַלע אַנדערע און זיי האָבן דאָס רעכט צו פאָדערן פון דער מלוכה, אַז זי זאָל באַשיצן זייער לעבן און אייגנטום; דאָ איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק וועגן רעכט, וועגן דעם, אַז יידן זיינען בירגער און ניט קנעכט פון קייסער, און רייכלין איז דעריבער געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט נאָך

צוריק מיט פיר הונדערט יאָר אַרויסגעזאָגט די אידייע וועגן בירגערלע־
כער גלייכהייט.

רייכלין האָט אָפּגעשיקט זיין ענטפער דעם קייסער פאַרחתמעט מיט
אַ שטעמפּל דורך אַ ספּעציעלן שליח. ער האָט מיט רעכט געמיינט, אַז אַזאַ
אָפיציעלן דאָקומענט וועט נאָר דער קייסער אַליין קענען אויפעפענען.
אָבער פּפעפערקאָרן האָט געעפנט דעם פּאַפּיר נאָך איידער עס איז אָנגעַ־
קומען צום קייסער. ווי אַזוי דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן, ווייסט מען
ניט. רייכלין האָט באַשולדיקט די קעלנער מאָנאַכן, אַז דאָס איז געווען
זייער אַרבעט. דער קייסער, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט זיינע אינטע־
רעסן, האָט רייכלינס ענטפער צוזאַמען מיט די איבעריקע תשובות פון האָכ־
שטראַטן און אַנדערע, איבערגעגעבן אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון דריי גע־
לערנטע. דער באַשלוס פון דער קאָמיסיע איז געווען גינסטיק פאַר יידן און
דער קייסער האָט דאַן באַפוילן צו רו לאָזן די יידן און אויך אומקערן זיי
די ספרים, וואָס מען האָט ביי זיי פאַרנומען.

דער באַשלוס פון קייסער האָט נאַטירלעך ניט געקאָנט געפעלן די
דאָמיניקאַנער, וועלכע האָבן נאָך דעם אַרויסגעלאָזט אַ נייע בראָשור „דער
האַנטשפּיגל״, שוין ניט אויף לאַטיין, פאַר געציילטע מענטשן, נאָר אויף
דייטש, פאַרן גאַנצן פאָלק, און פּפעפערקאָרן מיט זיין פרוי האָבן אַליין
פאַרשפּרייט די בראָשור צווישן המון. דאָרט ווערט דערציילט די גאַנצע
געשיכטע מיטן דיספּוט וועגן יידן און רייכלין ווערט אַרויסגעשטעלט ווי אַ
געדונגענער פון יידן, וועלכע האָבן אים באַצאָלט פיל געלט פאַר זיין פאַר־
טיידיקונג. די דאָזיקע בראָשור, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן מאַסנווייז
צווישן המון, האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. דער פאַקט, אַז די דאָמיני־
קאַנער זאָלן אַרויסטרעטן עפנטלעך קעגן אַזאַ אָנגעזעענעם מענטש, ווי
רייכלין, און אַרויפלייגן אויף אים אַזאַ שווערע באַשולדיקונג, האָט שרעק־
לעך אויפגערעגט רייכלינס פיל פריינט און אויך אין הויף פון קייסער האָט
די דאָזיקע מיאוסע העצע פון יידישן משומד שוין באַגעגנט אַ גרויסן פּראָ־
טעסט. רייכלין האָט זיך דאַן פאַרגעשטעלט פאַרן קייסער און זיך באַ־
קלאָגט פאַר אים אויף די מיאוסע מעשים פון פּפעפערקאָרן. דער קייסער
האָט צוגעזאָגט אויסצופאָרשן די זאַך. ער האָט דאָס אָבער ניט געטון, און
דאַן איז רייכלין אַרויס מיט אַ ווערק, וואָס האָט געמאַכט אין יענער צייט
אַ געוואַלדיקן רושם און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער שפּעטערדיקער רע־

פאָרמאַציע. דאָס איז געווען רייכלינס „אויגנשפּיגל". דאָרט האָט רייכלין אויפגעדעקט די אַלע מיאוסע מעשים פון דעם מנובל פפעפערקאָרן, וואָס האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שפּילן אַזאַ ראָל, און אַגב שוין אויך אַנטדעקט די מעשים פון פפעפערקאָרנס גאַנצער קאָמפּאַניע, די דאָמיניקאַנער. די בראָשור איז געווען אין יענער צייט אַ וויכטיקע געשעעניש. צום ערשטן מאָל איז אין דייטשלאַנד אַרויסגערופן געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע מיי־נונג, ווייל ניט ווילנדיק איז פון דער היימישער מחלוקת וועגן ייִדן, וואָס האָט זיך פריער געפירט אין דער שטיל, צווישן געציילטע געלערנטע, איצט געוואָרן אַן עפנטלעכער דיספּוט. ביידע צדדים האָבן זיך געווענדט צום פאָלק און צו אים גערעדט אויף זיין שפּראַך, אַזוי אַז די פּאָלעמיק וועגן ייִדן האָט במילא אַרויסגערופן אַ פּאָלעמיק וועגן דער קירכע און די קיר־כן־לייט בכלל. רייכלינס פריינט, די הומאַניסטישע געלערנטע און רואיקע מענטשן, וואָס די ייִדישע צרות זיינען זיי ווינציק אָנגעגאַנגען, זיינען ניט געווען צופרידן דערמיט, וואָס רייכלין האָט געמאַכט אַזאַ רעש צוליב דעם תלמוד און די ייִדישע ספרים, אָבער ווילנדיק צי נישט ווילנדיק האָט דער קאַמף אַלץ מער זיך פונאַנדערגעפלאַקערט און אין דעם קאַמף זיינען אַריינ־געצויגן געוואָרן רייכלין אַליין און זיינע פריינט, די הומאַניסטן.

דער קאַמף צווישן די דאָמיניקאַנער און רייכלינען איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. די דאָמיניקאַנער, וועלכע זיינען אין יענער צייט געווען שטאַר־קער אפילו פון קייסער און דעם פּויפּסט, האָבן אַלץ געסטראַשעט רייכלי־נען, אַז אויב ער וועט עפנטלעך ניט תשובה טון און צוריקנעמען זיינע „אפּיקורסישע" ווערטער, וועט ער שטרענג באַשטראָפט ווערן דורכן קירכ־לעכן געריכט. רייכלין האָט זיך ווירקלעך די ערשטע צייט דערשראָקן און געפּרוּווט זיך פאַרענטפערן, נאָר צוריקנעמען זיינע גרונט־מיינונגען וועגן די ייִדן און די ייִדישע ספרים האָט ער, ווי אַן ערלעכער און אמתער מאַן, ניט געקענט, און ווען ער האָט איינגעזען, אַז קיין פשרה צווישן אים און די דאָמיניקאַנער איז ניט מעגלעך, איז ער געוואָרן פעסט, ווי שטאָל און אייזן, און אָנשטאָט שרעק און ווייכקייט, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט אַלץ מער מוט און ענערגיע. דער קאַמף איז געוואָרן אַן אָפענער און ביידע צדדים זיינען געווען זייער קריגעריש געשטימט. פפעפערקאָרן האָט דאַן אַרויסגעלאָזט אַ נייע בראָשור „דער בראַנדשפּיגל", וואו ער שיט ווײַ־טער פעך און שוועבל אויף רייכלינען און באַזונדערס אויף ייִדן. רייכלין

האָט ניט אָפּגעשוויגן און איז אַרויסגעטראָטן מיט נאָך אַ ווערק, וואו ער חזרט איבער זיינע פריערדיקע מיינונגען איבערן יידנטום און יידן, נאָר דאָס מאָל מיט מער מוט און אָפּנהאַרציקייט. ער דערמאָנט די אַלע גייסט־לעכע פון פּפעפערקאָרנס קאָמפּאַניע, אַז אונטער דער מאַסקע פון יראת שמים ליגט אין זיי באַהאַלטן אַ דעספּאָטיש האַרץ, ער רופט זיי אָן ביי די נעמען, און זאָגט: „דו מיין האַר, דער קייסער, דערלויב זיי צו נעמען געלט ביי יידן, וויפיל זיי וועט זיך וועלן, און דאַן וועלן זיי מיך תיכף לאָזן צו רו". וועגן יידן חזרט רייכלין נאָך אַמאָל איבער, אַז זיי זיינען בירגער אין לאַנד און אַז מיט שטאָלץ נעמט ער אָן די באַשולדיקונג פון זיינע שונאים, דאָס ער איז געוואָרן דער יידישער פאַרטיידיקער. איך ווייס, אַז מיינע שונאים וועלן אויף מיר אָנפאַלן דערפאַר, וואָס איך זאָג, אַז אויך יידן זיי־נען בירגער אין אונדזער לאַנד. איך וועל לאָזן די דאָזיקע שונאים מיינע קריצן מיט די ציין, אַריינפאַלן אין גרימצאָרן, נאָר איך וועל ווייטער זאָגן: „די יידן זיינען ניט בלויז בירגער פון לאַנד, זיי זיינען אויך אונדזערע ברי־דער".

דאָס דאָזיקע מוטיקע ווערק רייכלינס האָט געמאַכט אַ גרויסן רעש און פיל גייסטלעכע, וואָס זיינען געווען אין דער שטיל אויפגערעגט קעגן די דעספּאָטישע פינצטערע דאָמיניקאַנער, האָבן זיך זייער דערפרייט, וואָס עס האָט זיך ענדלעך געפונען אַזאַ מוטיקער מענטש, וועלכער זאָגט אַרויס אָפן דעם אמת וועגן דער באַנדע. פיל פון די אָנגעזעענסטע און רייכסטע הומאַניסטן האָבן צוגעגעבן רייכלינען מוט אין זיין קאַמף און אים פאַר־זיכערט, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבן און קאָן שטענדיק האָפן אויף זייער שטיצע. דער קייסער, צו וועלכןביידע צדדים האָבן זיך געווענדט, איז געווען אין פאַרלעגנהייט און ניט געוואוסט, וועמען רעכט צו געבן. ענדלעך האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל מאַכן אַ סוף צו דער פּאָלעמיק און ביידע צדדים זאָלן ווערן אַנטשוויגן. עס איז שוין אָבער פאַר־גאַנגען צו ווייט און דער קאַמף האָט זיך ווייטער געפירט מיט נאָך מער ברען.

דעם 15טן סעפּטעמבער 1513 האָט רייכלין באַקומען פון אינקווי־זיטאָר האָכשטראַטן אַ מעלדונג, ער זאָל קומען צום קירכלעכן געריכט. רייכלין אַליין איז ניט געקומען און געשיקט אַ באַפולמעכטיקטן, אָבער דאָס געריכט, וועלכעס האָט איינגעפּונען, אַז רייכלינס ווערק דאַרפן ווערן

פאַרניכטעט, האָט ניט געקאָנט געפינען קיין אפּיקורסות קעגן דער קירכע אין רייכלינס ספרים וועגן יידן און ער אַליין איז אַרויס פריי. רייכלינס באַ־פולמעכטיקטער האָט אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע אויף דעם פּסק דין. לויט וועלכן רייכלינס ווערק האָבן געדאַרפט פאַרברענט ווערן, און דער פּויפּסט האָט פאַראָרדנט, אַז אַ געריכט פון בישאָפן זאָל ווידער באַטראַכטן דעם גאַנצן ענין.ביידע צדדים האָבן דערוויייל אָנגעהויבן אַן ענערגישע אַגי־טאַציע, נאָר דער סוף איז געווען, אַז דער פּסק דין פון די בישאָפן איז גע־ווען לטובת רייכלינען. דאָ האָט ווידער האָכשטראַטן אַפּעלירט צום פּויפּסט און די זאַך איז איבערגעטראָגן געוואָרן קיין רוים.

ביידע פּאַרטייען, די רייכליניסטן, און די דאָמיניקאַנער, האָבן אור־מעטום: אין דייטשלאַנד, רוים און אפילו פראַנקרייך, אַגיטירט איינע קעגן די צווייטע. האָכשטראַטן און זיינע פריינט האָט זיך איינגעגעבן אַרויס־צובאַקומען פון פּאַריזער טעאָלאָגישן פאַקולטעט אַ רעזאָלוציע קעגן רייכ־לינס „אויגנשפּיגל”. זיי האָבן זיך אויך דערשלאָגן דערצו, אַז דער פראַנ־צויזישער קעניג זאָל אָנשרייבן אַ בריוו צום פּויפּסט קעגן רייכלינען. פון דער צווייטער זייט האָבן אויך די רייכליניסטן ניט געשוויגן און שטאַרק אַגיטירט לטובת אים פאַרן פּויפּסט. אַ גרויסע ראָל האָבן אויך דאָ גע־שפּילט פיל אָנגעזעענע יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין פּויפּסטלעכן הויף און וואָס זיינען נאַטירלעך, געשטאַנען אויף רייכלינס צד. דער פּויפּסט לעאָן דער צענטער, אַ ליבעראַלער מענטש, נאָר אַ קנאַ־פּער למדן, איז געווען אין פאַרלעגנהייט און אַליין ניט געוואוסט, וואָס צו טון, ווען צו געבן רעכט. די הכנות צום געריכט האָבן זיך דערוויייל פאַרצויגן און דאָ זיינען אונטערגעקומען די „בריוו פון פינצטערע מענ־טשן”. אין דעם דאָזיקן ווערק, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך איינעם אַן אומבאַוואוסטן הומאַניסט, איז מיט אַ זעלטן־בייסנדיקער איראָניע אויסגעלאַכט געוואָרן דער פלוידערזאַק פּפעפערקאָרן, זיינע פריינט, די פּאַ־ריזער טעאָלאָגן און דער קאַטאָליציזם אין אַלגעמיין. די „בריוו פון פינצ־טערע מענטשן” האָבן אַרויסגערופן אַן אומגעוויינלעכן געלעכטער אין גאַנץ מערב־אייראָפּע. די פריינט פון רייכלינען זיינען ווידער געוואָרן ביי־זיך געהויבן. דער פּויפּסט, וואָס איז געשטאַנען צווישן צוויי פייערן און גע־וואָלט זיך אַרויסדרייען פון דער פאַרלעגנהייט, האָט איבערגעגעבן די פראַ־גע דעם קירכן־קאָנגרעס, וואָס האָט זיך גראָד דעמאָלט פאַרזאַמלט אין

רוים. דאָס רוב מיטגלידער פון קאָנגרעס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט לטובת רייכלינען און די דאָמיניקאַנער זיינען אָפּגעפּאָרן פון רוים אין זייער אַ גע־דריקטער שטימונג.

דערמיט האָט זיך נאָך דער קאַמף נישט געענדיקט. רייכלינס פריינט האָבן געמאַכט אַן אָנפאַל אויף האָכשטראַטן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון רוים און אים געוואָלט הרגענען. נאָר רייכלין האָט זיי אָפּגעהאַלטן דערפון. פון דער צווייטער זייט האָבן די דאָמיניקאַנער נישט אויפגעהערט צו פריידיקן אין די קירכן קעגן די רייכליניסטן; באַזונדערס האָבן זיי זייער געוואָלט אָפּרוימען פון וועג די „בריוו פון פינצטערע מענטשן", און זיי האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש ביים פויפּסט צו קאָנפיסקירן דאָס ווערק, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל אין משך פון דער קליינער צייט האָט דאָס ווערק דערווייל זיך שטאַרק פאַר־שפּרייט און איז געוואָרן אַ הויז־בוך כמעט ביי אַלע גייסטלעכע, וועלכע האָבן עס בשתיקה געלייענט מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן און ניט ווינציק געלאַכט.

דעם ספּעציעלן וכוח צווישן רייכלינען און די דאָמיניקאַנער וועגן יידן איז אָבער באַשערט געווען צו בלייבן אומפאַרענדיקט, ווייל אין אַ יאָר שפּעטער האָבן זיך אָנגערוקט וויכטיקערע געשעענישן — עס איז גע־קומען דער שטורעם פון דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג און אויף דער סצענע איז אַרויסגעטראָטן דער גרויסער לוטער.

האָט די רעפאָרמאַציע פאַרבעסערט די יידישע לאַגע? האָט לו־טער, וועלכער האָט גערופן צוריק צו דער ביבל און צו ריינער אמונה, מיטגעפילט די צרות פון יידישן פאָלק? אין ערשטן מאָמענט פון איר באַוועגונג, ווען די קעמפער פון דער רעפאָרמאַציע זיינען נאָך געווען גערודפט, און האָבן געטראָגן די קרוין פון מאַרטירער אויף די קעפּ, האָבן זיי אַרויסגעוויזן צום גערודפטן יידישן פאָלק געגנוג מיטגעפיל. אין איינעם פון זיינע ערשטע פּאָלעמישע ווערק האָט לוטער געשריבן וועגן יידן: „אונדזערע טפּשים, די פאַפּיסטן, בישאָפן, סאָפיסטן און מאָנאַכן פלעגן זיך ביז איצט מיט יידן באַגיין אַזוי, אַז יעדער אמת־ערלעכער קריסט האָט געדאַרפט ווערן אַ ייד. ווען איך וואָלט זיין אַ ייד און זען, ווי אַזעלכע טעמפּע קעפּ הערשן איבער דער קירך און פרעדיקן די אמונה, וואָלט איך גיכער איינגעשטימט צו זיין אַ חזיר, איידער אַ קאַטאָליק.

ווייל די לעצטע פלעגן באַהאַנדלען יידן אַזוי, גלייך זיי וואָלטן זיין הינט, ניט קיין מענטשן, און זיי האָבן נאָר געקאָנט פאַרשילטן זיי, בשעת יידן זיינען אונדזער בלוט און פלייש און ברידער פון אונדזער גאָט. לויטן בלוט און פלייש זיינען זיי נענטער צו קריסטוסן, איידער מיר. און איך וואָלט געבעטן אונדזערע ליבע פּאַפּיסטן, אַז ווען זיי וועלן מיך ווערן מיך צו זידלען מיטן נאָמען „אַפּיקורס", זאָלן זיי מיך אָנהייבן זידלען מיטן נאָמען „ייד"... ווען איך וואָלט זיין אַ ייד, וואָלט דער פּויפּסט מיך קיינמאָל ניט איבערגערעדט אָנצונעמען זיין געצנדי־נעריי", לוטער חזרט דאָ איבער דעם אַנעקדאָט פון באָקאַטשיאָ וועגן אַ געוויסן ייד, וואָס האָט אַמאָל געזען דעם פּויפּסט אין רוים, און ווען ער איז צוריק געקומען אהיים האָט ער געבעטן דעם גלח, ער זאָל אים אָפּשמדן. ווען מען האָט געפרעגט דעם ייד, פאַרוואָס ער וויל זיך פלוצים שמדן, האָט ער געענטפערט: „דער קריסטלעכער גאָט מוז זיין זייער אַ גוטער, ווען ער קוקט זיך צו צו די אַלע מיאוסע מעשים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין רוים און שווייגט". „מיין עצה איז — זאָגט לוטער ווײ־טער — צו באַגיין זיך מיט יידן קליגער. ווי קענען מיר דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן קומען צו אונדז, ווען מיר אליין פאַרטרייבן זיי פון זיך, ווען מיר מאַכן אויף זיי בלבולים, באַשולדיקן זיי אין געברויכן קריסטלעך בלוט און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטן? ווי קענען זיי זיך צונויפ־גיין מיט אונדז, ווען מיר פאַרבאָטן זיי צו אַרבעטן צווישן אונדז, צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, ווען מיר שליסן זיך אויס פון דער אַרומיקער וועלט און טרייבן זיי צו פאַרנעמען זיך מיט פּראָצענט? אויב מען וויל העלפן יידן, דאַרף מען צו זיי אָנווענדן ניט דעם פּויפּסטלעכן, נאָר דעם קריסטלעכן געזעץ פון ליבע, אויפנעמען זיי פריינדלעך, געבן זיי אַ מעגלעכקייט צו ארבעטן און האַנדלען צוזאַמען מיט אונדז, כדי זיי זאָלן קענען זען, ווי עס לעבן און גלייבן די קריסטן".

די דאָזיקע מיינונגען וועגן יידן האָט לוטער אין גיכן ראַדיקאַל געביטן. לויט זיינע פּערזענלעכע געפילן און נייגונגען איז לוטער קיינ־מאָל נישט געווען קיין פריינד פון יידן. אין אים איז געלעגן טיף באַ־האַלטן דער געוועזענער פאַנאַטישער מאָנאַך מיט זיין געבוירענעם יידנ־האַס, און אויב ער איז אין אָנהויב פון דער רעפאָרמאַציע אַרויסגעטראָטן ווי אַ פאַרטיידיקער פון יידן, האָט ער דאָס געטון נישט צוליב דער

יידישער טובה, נישט צוליב יושר און גערעכטיקייט, נאָר צוליב דעם וואָס ער האָט געהאָפּט אַריבערצוציען די יידן אין לאַגער פון די רעפאָרמאַטאָרן. צי איז ער די ערשטע צייט געווען באמת פאַרגלויבט אין זיינע גוטע רייד וועגן יידן, אָדער ער האָט באַוואוסטזיניק אָרויפגענומען אויף זיך די מאַסקע — דאָס איז שווער צו באַשטימען. יעדנפאַלס איז קלאָר, אַז אויך דאַן, ווען לוטער האָט פאַרטיידיקט יידן, איז דאָס נישט געווען קיין טיפע איבערצייגונג און ווען עס איז געקומען דער פאַסיקער מאָמענט דערצו, האָט דאָס געבוירענע אַנטיסעמיטישע געפיל גובר געווען דעם שכל און דעם פראַקטישן חשבון. אין אָנהייב פון זיין קאַריערע האָט לוטער געהאָפּט, אַז אים וועט זיך איינגעבן צו געפינען צווישן יידן פיל הייסע אָנהענגער פאַר זיין לערע, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ סינטעז פון אַלטן און נייעם טעסטאַמענט, נאָר ווען די דאָזיקע נאַיווע האָפנונגען זיינען ניט דערפילט געוואָרן, ווען דאָס אַלטע פאָלק, וואָס האָט געשאַפן די ביבל און אַרויסגעגעבן פון זיך קריסטוסן, איז ווייטער געבליבן אַ באַזונדער פאָלק און נישט געוואָלט אָננעמען קיין נייע תורה — דעמאָלט האָט לוטער זיך באַליידיקט און באַשלאָסן, אַז יידן זיינען ווערט דעם שטעקן, אַז צוליב זייער אייביקער עקשנות האָבן זיי פאַרדינט די רדיפות און צרות, וואָס זיינען אויף זיי געקומען.

איז גיכן איז דער גרויסער רעפאָרמאַטאָר געוואָרן אַ פולקאָמער פיינד פון יידן, און די פּראָטעסטאַנטן האָבן אין זייער שנאה צו יידן אפילו איבערגעשטיגן די פאַנאַטישע קאַטאָליקן. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער ענדערונג האָבן פאַר יידן זיך באַלד געלאָזן פילן; גראָד צו יענער צייט האָט זיך געשמועסט, אַז דער זאַקסישער קורפירשט יאָהאַן־פרידריך, וואָס איז אינגאַנצן געשטאַנען אונטער דער השפעה פון לוטערן, האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרייבן יידן פון זיין מלוכה. דער דעמאָלטיקער אָפיציעלער יידישער שתדלן יאָסעלמאַן פון ראָזהיים האָט אָנגעהויבן אָפּשלאָגן די טירן פון אַלע „גרויסע" און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז ער אַוועק צו לוטערן, וועלכן מען האָט נאָך דעמאָלט געהאלטן פאַר אַ פריינד פון יידן. נאָר לוטער האָט זיך אפילו אָפּגעזאָגט אויפצונעמען דעם יידישן שתדלן און אים אָפּגעענטפערט מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אויסגעגאָסן זיין גאַנצן גרימצאָרן אויף יידן. יידן, האָט לוטער אין זיין בריוו געשריבן, זיינען אַ פאַרשאָלטן פאָלק. ער איז פריער אַרויסגעטראָטן

מיט אַ פאַרטיידיקונג פאַר יידן, ווייל ער האָט געהאָפט אַרויפצופירן זיי אויפן וועג פון אמת; יידן זיינען אָבער פאַרעקשנט, ווילן נישט אָנער־קענען דעם אמת פון דער ענוואַנגעליע, און דעריבער גרייט ער, לוטער, איצט צו אַ טראַקטאַט קעגן יידן און נישט בלויז, וואָס ער וועט זיי מער נישט פאַרטיידיקן, נאָר ער וועט זיך נאָך באַמיען זיי צו טאָן שלעכטס.

לוטער האָט געהאלטן זיין וואָרט. אַרום 1544 האָט ער פאַרעפנט־לעכט צוויי עכט־אַנטיסעמיטישע ווערק: „וועגן יידן און זייער פאַלש־קייט" און „שם המפורש". דאָרט לויבט לוטער די שפּאַנישע קעניגן, וואָס האָבן פאַרטריבן יידן פון זייער לאַנד און עצהט „צום רום פון אונ־דזער גאָט און קריסטנטום", צו פאַרוואַנדלען אין אַש און שטויב די יידישע שולן, חרוב צו מאַכן די יידישע הייזער, צוצונעמען ביי יידן די סידורים און די גמרות, צו פאַרבאָטן די רבנים לערנען תורה מיטן פאָלק און נאָך מער באַגרענעצן יידן אין האַנדל. „ווען איך וואָלט האָבן אַ שליטה איבער יידן, האָט לוטער געשריבן, וואָלט איך צונויפגעזאמלט אַלע זייערע גרעסטע מענטשן און וואָלט פון זיי געפאָדערט צו באַווייזן די מיינונג זייערע, אַז מיר, קריסטן, דינען נישט איין און איינציקן גאָט, דען אַנדערש דאַרף מען זיי אויסשניידן די צינגער". נאָך נישט לאַנג פאַר זיין טויט האָט לוטער אויפגעהעצט זיינע אָנהענגער קעגן יידן און זיי געבעטן צו רודפן זיי עד לחרמה און צו צווינגען זיי מיט געוואַלט, זיי זאָלן זיך שמדן. אויף אַזאַ אופן איז אויך די רעפאָר־מאַציע נישט געווען קיין ישועה פאַר יידן, וועלכע זיינען געשטאַנען צווישן צוויי פייערן, און גערעכט איז געווען דער אַלטער הומאַניסט עראַזמוס, ווען ער האָט געזאָגט: אויב זיין אַ גוטער קריסט הייסט פיינד האָבן יידן, דאַן זיינען מיר אַלע גוטע קריסטן.

עס וואָלט פון דעסטוועגן זיין זייער נישט ריכטיק, ווען מען זאָל זאָגן, אַז די רעפאָרמאַציע איז אַריבער פאַר יידן אָן אַ שום שנוי צום גוטן. אַ דאַנק דער רעפאָרמאַציע האָט אייראָפּע אָנגעהויבן זיך באַקאַנען מיט דער יידישער תורה און זי צו שעצן. די מלכים און די פּראָפעסאָרן פון די אוניווערזיטעטן האָבן אָנגעהויבן לערנען די העברעאישע שפּראַך. די גרעסטע אייראָפּעאישע מענער האָבן גענומען לעקציעס ביי יידישע געלערטע, די התקרבות צווישן די קריסטן און יידן איז דורך דעם פאַר־גרעסערט געוואָרן און אַ דאַנק דעם זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן פיל

פאַראורטיילן און שלעכטע מיינונגען וועגן יידן. און דאָך איז די יידישע לאַגע פאַקטיש געבליבן שלעכט, ווי פריער. וואָס איז די סיבה דערפון?

דאָס אומגליק פון די דייטשע יידן איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי זיינען געווען אָפּהענגיק נישט פון רצון פון איין מענטשן, נישט פון איין הערשער, נאָר פון פיל. דייטשלאַנד איז נאָך דעמאָלט געווען אַ צעריסן לאַנד און די מאַכט איז געווען צעטיילט צווישן קייסער, קורפירשטן, פעאָדאַלע פירשטן און אויטאָנאָמישע שטעט. עס פלעגט זיך אָפט מאַכן, אַז די מאַכט פון אַ געוויסער שטאָט האָט פלוצים, צוליב דער אָדער יענער סיבה, באַשלאָסן אַרויסצוטרייבן יידן פון שטאָט. די יידן האָבן דאַן נאָר געקענט אַפּעלירן צו זייער העכסטן מושל, דעם קייסער, ביי וועלכן די יידן זיינען פאַררעכנט געווען פאַר „קאַמער־קנעכט", פאַר זיין פערזענלעך אייגנטום; דער קייסער פלעגט אָפט נישט וועלן איינרייסן זיך צוליב יידן מיט די אויטאָנאָמישע שטעט, און אַמאָל, ביים בעסטן ווילן, איז ער נישט אימשטאַנד געווען עפּעס אויפצוטאָן. דעריבער זעען מיר, אַז פון סוף 15־טן יאָרהונדערט ווערן יידן אַרויסגעטריבן פון אַ ריי שטעט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, און דער קייסער קען נישט אָדער וויל נישט שטערן אין דעם. פון דער צווייטער זייט לוינט דעם קייסער זייער נישט צו פאַרלירן אַזאַ „שמאַלץ־גרוב", ווי יידן, און ער גיט דערייבער די אַרויסגעטריבענע יידן אַ בית־מקלט אין איינער פון די אַנדערע פּראָווינצן זיינע, אַזוי אַז יידן וואַנדערן פון איין שטאָט אין דער צווייטער.

דער קייסער מאַקסימיליאַן דער ערשטער (1493 - 1519) האָט באַקומען, ווי עס דערציילט די לעגענדע, אַ צוואה פון זיין פאָטער פרידריך דעם דריטן, אַז ער זאָל באַשיצן יידן פון זייערע פיינד, און עס קען זיין, אַז מאַקסימיליאַן איז געווען גרייט צו דערפילן די דאָזיקע צוואה. ער איז אָבער געווען צו שוואַך, כדי צו פירן אַ סיסטעמאַטישן קאַמף מיט די יידישע שונאים און דעריבער זעען מיר, ווי דער קייסער וואַקלט זיך כסדר אין זיין באַציאונג צו יידן; אַמאָל פאַרטיידיקט ער זיי ווירקלעך, אָדער פאַרזיכערט זיי, אַז ער וועט זיי פאַרטיידיקן, און אַמאָל לאָזט ער די יידישע פיינד אַרויסטרייבן זיי פון שטאָט און זיי אוממענטשלעך באַליידיקן. אין זיין צייט זיינען יידישע גירושים, ענויים, באַליידיקונגען און מאַרטירער־טויטן — געווען אַ געוויינלעכע דערשיינונג, אזוי אַז

יידן האָבן אין יענער צייט אפילו געמאַכט אַ ספּעציעלן נוסח פֿון ווידוי פֿאַר די קדושים, וואָס וועלן שטאַרבן אויף קדוש־השם. נאָך אין אָנהויב פֿון זיין קעניגן האָט זיך אין פֿאַרשידענע שטעט פֿון דייטשלאַנד אָנ־געהויבן אַ שרעקלעכע העצע קעגן יידן, ווי עס ווייזט אויס. אין צוזאַמענ־האַנג מיט די קלאַנגען, אַז מען האָט יידן אַרויסגעטריבן פֿון שפּאַניע. אין 1494 האָט דער שטאָט־ראַט פֿון נירענבערג אָנגעהויבן זיך משתדל זיין פֿאַרן קייסער וועגן אַרויסטרייבן יידן. אין 1498 האָט מאַקסימיליאַן געגעבן זיין הסכּמה אויף דער בקשה און די יידן האָבן באַקומען אַ באַ־שטימטן טערמין צו פֿאַרלאָזן די שטאָט: פֿיר מאָנאַטן, נאָר זיי האָבן אויסגעבעטן אַ פֿאַרלענגערונג אויף נאָך דריי מאָנאַטן. צום באַשטימטן טערמין האָבן אַלע יידן פֿון דער אַלטער יידישער קהלה אין נירענבערג פֿאַרלאָזט די שטאָט און זייער גאַנץ פֿאַרמעגן — די הייזער, שולן און בית־עלמין זיינען איבערגעגאַנגען אין רשות פֿון דער שטאָט, וועלכע האָט דערפֿאַר באַצאָלט דעם קייסער 8.350 גולדן. דערביי האָט די שטאָט נאָך באַקומען פֿון קייסער אַ „פּריווילעגיע״ אויף אויף ווייטער נישט אָנצונעמען ביי זיך  קיין יידן, און ווירקלעך זיינען פֿון דעמאָלט אָן קיין יידן אין נירענבערג נישט אריינגעלאָזט געוואָרן און די דאָרטיקע יידישע קהלה איז ווידער אויפגעבויט געוואָרן ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19־טן יאָרהונדערט.

בעתן הערשן פֿון קייסער מאַקסימיליאַן זיינען יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן אויך פֿון אַ ריי אַנדערע שטעט: נערדלינגען, מאַגדעבורג און קאָלמאַר, נאָר באַזונדערס האָט זיך אָנגעליטן די עלטסטע יידישע קהלה אין רעגענסבורג. דאָ האָבן זיך פֿאַראייניקט דער רעליגיעזער פֿאַנאַטיזם מיט דער האַנדלס־קאָנקורענץ און די קריסטלעכע סוחרים און האַנד־ווערקער האָבן שוין לאַנג זיך באַמיט, אַז מען זאָל אַרויסטרייבן יידן פֿון שטאָט, נאָר מאַקסימיליאַן, פּונקט ווי זיין פֿאָטער, האָט זיך נישט געאיילט געבן זיין הסכּמה דערויף. דאַן האָבן די גייסטלעכע און דער מאַגיסטראַט געפּרואווט אויסרופֿן אַ באָיקאָט קעגן יידן, מ׳זאָל ביי זיי קיין זאַך נישט קויפֿן און אויך זיי נישט פֿאַרקויפֿן קיין מעל און אַנדער עסנוואַרג. דאָס האָט אָבער אויך נישט אָנגעהאַלטן. די יידן זיינען פֿאַר־בליבן אין רעגענסבורג, הגם זייער לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע און ערשט נאָכן טויט פֿון מאַקסימיליאַן האָט דער יידנפֿיינדלעכער

פאַרטיי זיך איינגעגעבן דורכצופירן איר פּלאַן. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פון די יידן אין עסטרייך. די איינוואוינער פון שטיריע און קאַרינטיע האָבן געבעטן דעם קייסער מאַקסימיליאַן, ער זאָל דערלויבן אַרויסצוטרייבן די יידן און אים מבטיח געווען אומצוקערן די היזקות, וואָס ער וועט ליידן פון דעם גירוש. מאַקסימיליאַן, וועלכער האָט אין אייניקע פאַלן מיט עקשנות פאַרטיידיקט די יידן, האָט דאָ נאָכגעגעבן דעם וואונש פון די יידנפיינד און אין 1496 זיינען יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די אויבנדערמאָנטע פּראָווינצן, נאָר באַקומען דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין אייניקע אונגאַרישע שטעט. דער דאָזיקער אינצידענט האָט צוגעגעבן מוט די קריסטן פון ווין און אַנדערע עסטרייכישע שטעט, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זיך ווענדן צום קייסער מיט בקשות וועגן אַרויסטרייבן יידן. די אַלע בקשות האָט מאַקסימיליאַן דערפילט, נאָר דאָך האָט ער זיך אָפּגעהאלטן אַרויסצוגעבן אַ דעקרעט וועגן אַרויסטרייבן די יידן, ווייל אים זיינען אַ שאָד געווען די גרויסע שטייערן, וואָס ער האָט באַקומען פון יידן. דאַן האָבן די קריסטלעכע פאַרשטייער אָנגעהויבן זיך באַקלאָגן פאַרן קייסער, פאַרוואָס ער פאַרטיידיקט די יידן, „וואָס ווערן פון אומעטום אַרויסגעטריבן" און פאַרוואָס ער דערלויבט די אַרויסגעטריבענע יידן פון איין שטאָט זיך באַזעצן אין אַ צווייטער. אויף די אָנקלאגן און בקשות האָט מאַקסימיליאַן ענדלעך געמוזט געבן אַן ענטפער. אין 1518 האָט ער דערקלערט, אַז אַרויסטרייבן יידן מיט אמאָל און לאָזן זיי עמיגרירן אין אַ צווייט לאַנד, קען ער נישט, און דעריבער דערלויבט ער זיי צו וואוינען אין אייניקע עסטרייכישע שטעט ביי דער גרענעץ, נאָר פון ווין און ווינער ראַיאָן דאַרפן אַרויסגעטריבן ווערן אַלע יידן, אויסער איינעם, הירשעל, אַ גרויסן יידישן באַנקיר. דער גירוש פון יידן איז טאַקע פאָרגעקומען נאָך אין דעם זעלבן יאָר.

ביי אַזאַ אומזיכערער לאַגע, ווען די יידן זיינען שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון די פּאָליטישע אָדער פינאַנציעלע חשבונות פון קייסער, און יעדער קלענסטער ווינט האָט זיי געקענט אומברענגען, איז אַנטשטאַנען אַ ספּעציעלער טיפּ פון יידיש'ע פאַרטרעטער: שתדלנים, וועלכע זיינען געווען ווי באַפּולמעכטיקטע פון כלל ישראל און פלעגן זיך מיט אַלע מיטלען סטאַרען, אָפּצושאַפן די גזירות קעגן יידן. די שתדלנים אין יענער צייט זיינען געווען זייער נוצלעך און האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע

אין לעבן פון די דייטשע יידן. דער אָנגעזעענסטער פון זיי איז געווען יאָזעלמאַן פון ראָזהיים (1478־1554). אַ געבוירענער אין עלזאַס, האָט יאָזעלמאַן נאָך אין די קינדער־יאָרן זיך אָנגעהערט וועגן פאַרשידענע רדיפות און מאַרטירער־טויטן פון יידן אין יענער פּראָווינץ, וואו דער יידנהאַס איז פון שטענדיק געווען זייער שטאַרק. ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות און מאַקסימיליאַן האָט אים באַשטימט ווי הויפּט־רב און מנהיג פון אַלע יידישע געמיינדעס. אין די אָפיציעלע דאָקומענטן האָט יאָזעלמאַן געהייסן „רעגירער דער יודען", און אויף אים איז אויך געלעגן דער חוב אויפצומאָנען פון די יידן אַלע שטייערן פאַרן קייסער. דערפאַר האָבן יידן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ רעגירונגס־באַאַמטן און אים נישט געוואָלט אָנערקענען ווי זייער הויפּט־רב. נאָר אין גיכן האָבן יידן זיך איבערצייגט, אַז יאָזעלמאַן איז מיט לייב און לעבן טריי די יידישע אינטערעסן און דער צוטרוי צו אים איז געוואָרן זייער גרויס. מען האָט זיך איבערצייגט, אַז ער אַרבעט פאַר יידן מיט מסירת נפש און האָט נישט קיין פערזענלעכע פּניות און ער איז געוואָרן באַליבט און געאַכט פון אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. ער האָט זיין גאַנץ לעבן און פאַרמעגן אָפּגעגעבן לטובת יידן, און וואו ערגעץ אַ צרה, דאָרט איז באַלד געווען יאָזעלמאַן, וועלכער האָט מיט אַלע כוחות, אַמאָל דורך תחנונים און אַמאָל דורך געלט, זיך באַמיט צו העלפן די געפּלאָגטע. נאָך פאַר מאַקסימיליאַנען האָט זיך אים איינגעגעבן אָפּצושאַפן אייניקע גזירות קעגן יידן, נאָר באַזונדערס גרויס און נוצלעך איז געווען זיין טעטיקייט ביים קעניגן פון קאַרל דעם פינפטן, אין דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע.

מאַקסימיליאַן איז געשטאָרבן, און נאָך אַ פויזע פון זעקס חדשים, ווען פאַרשידענע פּרעטענדענטן האָבן געקעמפט פאַרן טראָן, איז קייסער פון דייטשלאַנד געוואָרן קאַרל דער פינפטער, דער קעניג פון שפּאַניע. מען האָט געקענט דערוואַרטן ,אַז דער דאָזיקער קעניג פון לאַנד פון דער אינקוויזיציע וועט אויך דאָ איינפירן די אַלע אכזריותן, וואָס אין שפּאַניע, נאָר צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שרעק איז געווען אָן אומזיסטע. אין יאָר, ווען קאַרל איז אַרויפגעטרעטן אויפן טראָן, איז צו אים געקומען — נישט מיט ליידיקע הענט — דער יידישער שתדלן יאָזעלמאַן און אויסגעפּועלט, אַז די אַלטע „רעכטן און פּריווילעגיעס" פון די דייטשע יידן זאָלן ווערן באַשטעטיקט. איז אָבער דעם יידישן

שתדלן אויסגעקומען צו פירן אַ שטענדיקן קאַמף קעגן דעם פאַרלאַנג פון די יידישע שונאים אָפּצונעמען ביי זיי אויך דאָס ביסל רעכט, וואָס זיי באַזיצן. נישט איין מאָל האָט זיך אים טאַקע אזנגעגעבן אָפּצוראַטעווען די יידן פון אַ גרויסער געפאַר. בעת דער פויערים־רעוואָלוציע אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע, האָבן די יידן פון עלזאַס, דרום־דייטשלאַנד און טירינגען זיך געפונען אין אַן ערנסטער געפאַר. די פאַרקנעכטעטע פויערים זיינען געווען גרייט אָנצופאַלן אויף יידן, אויף וועלכע זיי האָבן געקוקט, ווי אויף שולדיקע אין זייער שקלאַפעריי און דערנידערונג. יאָזעלמאַן אין דאַן אַוועק צו די אָנפירער פון די אויפגעשטאַנענע פויערים און דורך גוטע רייד, דורך תחנונים און געלט האָט ער ביי זיי געפועלט, אַז מען זאָל די יידן נישט אָנרירן. אים האָט זיך אויך איינגעגעבן אָפּ־צוראַטעווען זיין אייגענע שטאָט ראָזהיים. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ באַנדע פויערים האָבן אַרומגערינגלט ראָזהיים, איז יאָזעלמאַן אַהין אַוועק ביינאַכט, אויפגעוועקטביידע דאַרטיקע בירגערמייסטערס און מיט איינעם פון זיי אַוועק אין לאַגער פון די בונטאַווטשיקעס, ביי וועלכן ער האָט פאַר אַ געוויסער סומע געלט געפועלט, זיי זאָלן אָפּטרעטן פון שטאָט. אויף אַזאַ אופן האָט ער אָפּגעראַטעוועט פון טויט ניט בלויז יידן, נאָר אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג.

אין 1530 האָבן די דייטשע פירשטן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם באַרימטן צוזאַמענפאָר אין אויגסבורג, צוגעגרייט אַ רייע גזירות און באַגרענעצונגען פאַר יידן, ווייל די יידנפיינדלעכע פאַרטיי האָט פאַ־נאַנדערגעלאָזט קלאַנגען, אַז יידן שטיצן מיט געלט און העלפן אין שפּיאָ־נאַזש די טערקישע אַרמיי, וואָס איז דעמאָלט אריינגעדרונגען אין אונ־גאַרן און געדראָט דער דייטשער מלוכה. מען האָט געוואָלט אַרויסטרייבן יידן פון אייניקע פראָווינצן און צונעמען ביי זיי דאָס רעכט צו פאַרנעמען זיך מיט פראָצענט און מיט קרעדיט־אָפּעראַציעס. דעמאָלט איז יאָזעלמאַן אַוועק קיין אויגסבורג, צוגעשטעלט דעם קייסער אַ דערקלערונג און דער־שלאָגן זיך, אַז עס זאָל באַשטעטיקט ווערן דאָס אַלטע רעכט, לויט וועל־כער יידן איז געווען דערלויבט פריי צו וואוינען אומעטום, פאַרנעמען זיך מיט לייען געלט אויף פראָצענט אויף געוויסע באַדינגונגען און זיין פאַר־זיכערט מיטן לעבן און פאַרמעגן. כדי אויף ווייטער איינצופירן גוטע באַ־ציאונגען צווישן יידן און קריסטן און אַראָפּצואוואַרפן פון יידן די באַ־

שולדיקונג, אַז זיי עקספּלואַטירן צופיל די קריסטן דורך פּראָצענט, האָט יאָזעלמאַן דעמאָלט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די רבנים און פּרנסים און אויסגעאַרבעט צען תקנות וועגן האַנדל און פּראָצענט. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו נעמען מאַסקירטע פּראָצענטן, ד"ה, נעמען העכערע פּרייזן פאַר די סחורות, וואָס ווערן געגעבן אויף קרעדיט; נעמען גרויסע פּראָצענטן אויף קורצטערמיניקע הלוואות; נעמען אויף משכנות געראַבעוועטע אָדער געגנבעטע זאַכן; קויפן אָן דער ידיעה פון די עלטערן זאַכן ביי קינדער; אָנגעבן אין געריכט אַ תביעה צו די יורשים פון געשטאָרבענעם לווה קען מען נישט אַנדערש, סיידן די יידישע געמיינדע האָט פריער באַטראַכט די ריכטיקייט פון דער תביעה; יידן, וואָס באָרגן געלט אָדער סחורה ביי קריסטן און ציען זיך בכיוון איבער אין אַ צווייטער שטאָט, כדי צו באַפרייען זיך פון צאָלן דעם חוב, ווערן אריינגעלייגט אין „גרויסן חרם". אויב קריסטן מאָנען עפּעס ביי יידן, זיינען די רבנים און די פאַרשטייער פון די יידישע געמיינדעס מחויב צו באַטראַכטן די תביעות און אַרויסצוגעבן אַ שטרענגען און גערעכטן פּסק־דין; אַלע יידן זיינען מחויב צו געבן וויסן די פאָרשטייער פון די געמיינדעס, אויב זיי ווייסן עפּעס וועגן איינעם, וואָס איז זיך באַגאַנגען נישט ערלעך מיט אַ קריסט. אָט די צען תקנות האָט יאָזעלמאַן אריינגעטראָגן אין די אָפיציעלע אַקטן אין אויגסבורג בעת דעם צוזאַמענפאָר און דערביי צוגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז יידן זיינען זיך מתחייב הייליק צו היטן די דאָזיקע תקנות, אויב נאָר די דייטשע פירשטן וועלן אויך פון זייער זייט היטן די יידישע רעכטן, זיי לאָזן צו־רו אין די ערטער, וואו זיי וואוינען, און נישט אויסטראַכטן אויף זיי קיין אומזיסטע בלבולים.

דערמיט זיינען אָבער נאָך כלל נישט איינגעשטעלט געוואָרן קיין גוטע באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן. יידן האָבן נאָך קיין רו נישט באַקומען און מיר זעען נאָך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווי דער יידישער שתדלן יאָזעלמאַן לויפט און וואַנדערט פון איין אָרט אין צווייטן מיט פאַרשידענע השתדלותן: דאָ וועגן אָפּשאַפן נייע באַגרענעצונגען קעגן יידן, דאָרט וועגן באַפרייען יידישע אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען באַשולדיקט אין קריסטלעך בלוט, און אין אַן אַנדער אָרט וועגן באַשטעטיקן די אַלטע יידישע פּריווילעגיעס. אין 1541 איז אין בייערן נישט לאַנג פאַר פּסח פאַרשוואונדן געוואָרן אַ קריסטלעך אינגל, וועלכן מען האָט דערנאָך געפו־

נען טויט אין וואַלד. די קריסטן האָבן באַשולדיקט יידן אין דער דערמאָר־דונג פון אינגל און דער אויפשטעטער בישאָף האָט געשטיצט די דאָזיקע באַשולדיקונג, געהייסן אַרעסטירן עטלעכע יידן און געפאָדערט פון דאָר־טיקן הערצאָג, אַז ער זאָל אָננעמען רעפּרעסיעס קעגן יידן בכלל. יאָזעל־מאַנען האָט זיך צום גליק איינגעגעבן צו דערווייזן, אַז די באַשולדיקונג איז אַ פאַלשע, און די אַרעסטירטע זיינען באַפרייט געוואָרן. אין יענער צייט האָט זיך געפונען אַ געלערטער אַ פּראָטעסטאַנט, וואָס האָט געהאט די דרייסטקייט צו פאַרעפנטלעכן אַנאָנים אַ ביכל („יודענביכליין") קעגן עלילת דם. אין דעם ביכל באַווייזט דער אויטאָר, אַז פאַרגיסן בלוט איז קעגן דער יידישער רעליגיע און אַז די אַלע בלבולים זיינען נישט מער, ווי אַ געמיינער ליגן, וואָס איז אויסגעטראַכט געוואָרן דורך די מאָנאַכן. דאָס דאָזיקע ביכל האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן אַ טומל, און דער באַ־וואוסטער ד"ר עקק, דער קעגנער פון לוטער און פירער פון די קלעריקאַלן, איז אַרויסגעטרעטן מיט אַן ענטפער, אין וועלכן ער חזרט איבער אַלע אַלטע באַשולדיקונגען פון די יידנפיינד און באַקלאָגט זיך, וואָס יידן לעבט זיך אַזוי „פריי" אין דייטשלאַנד.

ביסלעכווייז זיינען יידן פאַרטריבן געוואָרן פון פאַרשידענע שטעט און אין גאַנץ דייטשלאַנד זיינען נאָר פאַרבליבן צוויי גרויסע יידישע גע־מיינדעס: פראַנקפורט אם מיין און וואָרמס, אָבער אויך דאָרט איז די יידישע לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער. אין פראַנקפורט האָבן יידן געלעבט אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל (געטאָ) און געמוזט ליידן פאַרשידענע באַגרענע־צונגען וואָס זיינען אויסן געווען צו באַליידיקן. יידן האָבן נאָך אַלץ גע־מוזט טראָגן אַ באַזונדער צייכן אויף די מלבושים: יידן איז פאַרבאָטן גע־וואָרן צו האַלטן ביי זיך קריסטלעכע באַדינטע; די יידישע הייזער האָבן לויט דער פאַראָרדענונג פון מאַגיסטראַט געמוזט באַצייכנט ווערן דורך ספּעציעלע שילדן פון ווייסער, גרינער אָדער רויטער פאַרב (רויט־שילד), (דערפון שטאַמט די פאַמיליע פון די באַוואוסטע גרינדער פון גרויסן באַנק־הויז ראָטשילד), מיט ספּעציעלע, אַמאָל זייער באַליידיקנדיקע אויפשריפטן, ווי „צום אייזל" אדג"ל. נאָר אויך דאָס ביסל רעכט, וואָס יידן האָבן געהאָט, איז שטענדיק געשטאַנען אין סכנה, ווייל די קריסטלעכע צעכן און ני־דעריקע קלאַסן האָבן נישט אויפגעהערט צו אַגיטירן קעגן יידן, פאָדערן מען זאָל זיי אַרויסטרייבן פון שטאָט און באַשולדיקן די שטאָט־פאַרוואַל־

טונג, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַריסטאָקראַטן, אַז פֿאַר געלט פֿאַרטיידיקן זיי די ייִדישע אינטערעסן.

קוים איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער שטאָטראַט האָט דאָס רעכט אַרויסצוטרייבן יעדן ייִדן באַזונדער, איז דאָס דאָזיקע רעכט ביסלעכווייז פֿאַרשפּרייט געוואָרן אויף אַלע ייִדן צוזאַמען. אַזוי האָבן טאַקע אין גיכן געטאָן די צעכן, וועלכע האָבן צו יענער צייט בכלל געפֿירט אַ האַרטן קאַמף מיט דער אַריסטאָקראַטיע. די אָנפֿירער פֿון שטאָטישן המון האָבן אויסגעקליבן אַ גינסטיקע פּאָזיציע און דעם גאַנצן קאַמף קעגן דעם מאַגיסטראַט קאָנצענטרירט אַרום דער ייִדן־פֿראַגע. די דעמאָקראַטישע אָנפֿירער האָבן מיט אַלע כּוחות זיך באַמיט, אַז מען זאָל מיט איין מאָל אַרויסטרייבן אַלע ייִדן פֿון שטאָט. די פֿירער פֿון מאַגיסטראַט זייַנען צייטנווייז זיך באַגאַנגען מיט ייִדן „רחמנותדיק" און נישט שטענדיק אָנגעווענדעט קעגן זיי דעם האַרבן דין אין זייַן בוכשטעבלעכן זין. זיי האָבן אַלזאָ פֿאַרטיידיקט די ייִדן פֿון די אָנפֿאַלן פֿון המון און כּל־זמן זיי זייַנען געשטאַנען אויף דער זייט פֿון ייִדן, איז די שרעק פֿאַרן המון געווען נישט געפֿערלעך. אָבער אין גיכן האָט אין שפּיץ פֿון המון זיך געשטעלט אַן ענערגישער ייִדנפֿרעסער, וועלכער האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אַפֿילו אויף דעם מאַגיסטראַט, און דאַן איז די דעמאָקראַטישע באַוועגונג געוואָרן אויסערסט געפֿערלעך. דער דאָזיקער ענערגישער מאַן איז געווען ווינצענץ פֿעטמילך, אַן אייַנפּאַכער בעקער, וועלכער האָט זיך אַליין אַ נאָמען געגעבן „דער נייַער המן", און האָט דעם נאָמען כּשר פֿאַרדינט. אַ דאַנק זייַן ענערגיע און געבוירענער פֿעאיקייט צו זייַן אַן אָנפֿירער פֿון המון, האָט דאָס פּראָסטע פֿאָלק אים כּמעט פֿאַרגעטערט און אין אים שטאַרק געגלויבט. ער איז געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון דער דעמאָקראַטיע און אויפֿן ערשטן פּלאַן געשטעלט דעם קאַמף קעגן ייִדן. ער האָט אָפּגעדרוקט אַ בראָשור, אין וועלכער עס זייַנען אויסגערעכנט געוואָרן אַלע געזעצן און דינים וועגן די ייִדן און זיך באַמיט צו באַווייַזן, אַז די אַלע געזעצן וועגן ייִדן ווערט נישט אָפּגעהיט. די בראָשור איז אין פֿיל עקזעמפּלאַרן פֿאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די קריסטלעכע קרעמער און האַנטווערקער און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. מען האָט עפֿנטלעך אָנגעהויבן רעדן, אַז מען דאַרף מאַכן אַ פּאָגראָם אויף ייִדן און זיי אַרויסטרייַבן פֿון שטאָט, און מען האָט שוין אַפֿילו עטלעכע מאָל באַשטימט דעם טאָג פֿון דעם פּאָג־

ראַם. וואָס ווייטער איז די לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער. פעטמילך און זיין חבריא האָבן אַלץ העכער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן ביסלעכ־ווייז פאַרכאַפּן אין זייערע הענט די ממשלה איבער די שטאָט־אָנגעלעגנ־הייטן. קיין פראַנקפורט זיינען געקומען די קאָמיסאַרן פון קייסער און דעלעגאַטן פון דעם פירשט לודוויק פון העססען־דאַרמשטאַט, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו מאַכן שלום צווישן די שטאָט־ראַטן און די בירגער און דערמיט פאַרהיט פון אָנפאַלן אויף יידן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דעם ערשטן טאָג שבועות האָבן פעטמילכס חברים זיך אריינגעריסן אין דעם יידישן געטאָ. די יידן האָבן שוין פריער געוואוסט, אז זיי שטייט פאַר אַ סכנה, און דערווייל אַרויסגעשיקט זייערע פרויען און קינדער. די לאַגע איז נאָך ערגער געוואָרן דערמיט, וואָס די קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן געוואָלט איינשטילן די אומרוען, האָבן געסטראַשעט דעם המון, אז מען וועט אים שטרענג באַשטראָפן. פעטמילך און זיין חבריא זיינען געוואָרן נאָך מער אויפגערעגט און באַשטימט אַ טאָג, ווען עס וועט זיך אָנהויבן דער אמתער פּאָגראָם. יידן איז מער ניט געבליבן, ווי פאַסטן, תפילה טון און וואַרטן שטיל אויף דעם נאָענטן שטורעם, וואָס דאַרף קומען. דער טאָג פון פאָלקס־צאָרן און נקמה איז ענדלעך געקומען.

כ״ז אלול שע״ד ((11־טן סעפּטעמבער 1614), ווען די יידן האָבן זיך געפונען אין שול, האָט דער ווילדער המון אָנגעהויבן באַלאַגערן די טויערן פון געטאָ. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה. אַ טייל יידן האָבן זיך באַוואָפנט און אַרויסגעטראָטן קעגן המון מיט געווער אין די הענט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט און פון ביידע צדדים זיינען געפאַלן עטלעכע פאַרוואונדעטע און הרוגים, אָבער סוף כל סוף האָט פעט־מילכס קאָמפּאַניע גובר געווען און דאַן האָט דער המון אָנגעהויבן אויסגיסן זיין שרעקלעכן צאָרן: מען האָט געראַבעוועט און געהרגעט, געשענדעט די ספרי־תורות, געבראָכן די יידישע הייזער אאז״וו. דער פּאָגראָם האָט גע־דויערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט. אַ טייל יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די הייזער פון זייערע באַקאַנטע קריסטן, אָבער דאָס רוב איז אַנטלאָפן אויפן יידישן בית־הקברות און דאָרט זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד, צוגעדריקט איינער צום צווייטן און געוואַרט אויף זייער סוף. אַ טייל יידן האָבן זיך אָנגעטון תכריכים און געוואַרט אויפן טויט. ווי אַ גוטע בשורה האָבן יידן אויפגענומען די ידיעה, אַז מען וועט זיי ניט אויסהרגע־

נען און אַז זיי האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאָזן די שטאָט. אַן ערך 14 הונ־דערט יידן, נאַקעט און הויל, האָבן פאַרלאָזט די שטאָט און געגאַנגען זוכן אַ היים.

דער מאַגיסטראַט איז געווען בייז אויף דעם פּאָגראָם און אויך דער קייסער האָט געשיקט איין באַפעל נאָכן צווייטן צו באַשטראָפן שטרענג די פּאָגראָמטשיקעס, אָבער דאָס אַלץ איז ניט געווען אַרויסגעזאָגט אין אַ פעסטן טאָן. די דייטשע פירשטן, צו וועלכע דער קייסער האָט געשיקט זיינע פאַראָרדענונגען, זיינען געווען ווינציק ענערגיש אין זייערע מעשים און דעריבער האָט פעטמילך זיך ניט געשראָקן און ווייטער אָפּן געטון דאָס זייניקע. די פראַנקפורטער יידן זיינען צוריקגעקערט ערשט דאַן, ווען דערזעלבער פּאָגראָם האָט זיך איבערגעחזרט אויך אין וואָרמס און די מעשים פון די יידנפיינד האָבן שוין איבערגעשטיגן יעדע מאָס און גרעניץ.

אין וואָרמס איז די לאַגע געווען אַביסל אַנדערש, ווי אין פראַנקפורט. דאָרט זיינען קעגן יידן געווען שוין ניט די האַנדווערקער־צעכן, נאָר אויך די מיטגלידער פון מאַגיסטראַט. און די אָנפירער פון די יידנ־פיינד איז געווען נישט אַזאַ מגושמדיקער מענטש, ווי פעטמילך, נאָר דער געבילדעטער דאָקטאָר כעמניץ. די סבה פון דער העצע קעגן יידן איז גע־ווען דיזעלבע, וואָס אין פראַנקפורט: די האַנדווערקער זיינען צו יענער צייט פאַראָרעמט געוואָרן און געמיינט האָבן זיי, אַז שולדיק זיינען בלויז די יידן און אויב מען וועט זיי אַרויסטרייבן פון שטאָט, וועלן זיי, די קריסטלעכע האַנדווערקער, מיט אַמאָל רייך ווערן. 17 האַנדווערקער־צעכן האָבן דאַן אויסגעקליבן פון זיך אַ קאָמיטעט, וואו דער אָנפירער איז גע־ווען דער יוריסט כעמניץ. די ערשטע צייט האָט דער קאָמיטעט געקעמפט מיט יידן בלויז דורך „איידעלע" מיטלען: מען האָט יידן ניט געשלאָגן, ניט געטריבן, נאָר אויף יעדן שריט און טריט זיי באַליידיקט, אויסגע־קלערט אויף זיי בלבולים און געמיינט, אַז זיי וועלן די יידן אַזוי לאַנג פאַרביטערן דאָס לעבן, ביז זיי אליין וועט נמאס ווערן און זיי וועלן מיטן גוטן ווילן פאַרלאָזן די שטאָט. יידן האָט מען ניט דערלויבט קויפן אויפן מאַרק עסנוואַרג, ניט געלאָזט פאַשען זייערע בהמות אויף די לאָנקעס און אפילו ניט דערלויבט אריינפירן אין דער יידישער געטאָ מילך פאַר די קליינע קינדער. ווען יידן האָבן געזען, אַז זיי זיינען אין סכנה, און גע־

וואָלט אַרויספירן זייער גוטס פון שטאָט, האָט מען ביי די טויערן פון געטאָ אַוועקגעשטעלט אַ וואַך, וועלכע האָט אַכטיק געגעבן, אַז מען זאָל קיין זאַך פון דאָרט נישט אַרויספירן. יידן האָבן אַרויסגעשיקט אין קייסערלעכן הויף זייער שתדלן ר׳ לייב אָפּענהיים, וועלכער האָט געפירט מיט זיך רעקאָמענדאַציעס פון הויכע לייט און אויך אַ גרויסע סומע געלט, אָבער דער קייסער האָט מער נישט געקענט טון, ווי שיקן באַפעלן, אַז מען זאָל יידן קיין שלעכטס נישט טון און זיי ניט רודפן. פון די דאָזיקע בריוו האָט דער המון אָבער אָפּן זיך אויסגעלאַכט.

אויף דער זייט פון די געררודפטע יידן האָט זיך ענערגיש געשטעלט דער יונגער קורפירשט פרידריך פאָן פפאַלץ. דער קורפירשט, וועלכער האָט געהאט אין זיינע הענט די ממשלה איבער וואָרמס, האָט פריער געשיקט שלוחים אויסצוגלייכן צווישן כעמניצעס קאָמפּאַניע און די יידן, נאָר ווען דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט ער געהייסן ברענגען קיין היידעלבערג כעמניצן און אים אַרעסטירט אויף דריי מאָנאַטן. די צייט פון זיין אַרעסט איז אין וואָרמס געווען שטיל, אָבער ווי נאָר כעמניץ איז באַפרייט געוואָרן, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די אומרוען. כעמניץ האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט מער נישט פירן קיין אַגיטאַציע קעגן יידן, און אפילו אויף זיך גענומען צו באַצאָלן 1000 גילדן קנס, אויב ער וועט זיין וואָרט נישט האַלטן. נאָר אויף דעם תנאי האָט מען אים אַרויסגעלאָזט פון תפיסה. אָבער ער האָט נאָך שטאַרקער איצט געפירט זיין העצע. לויט זיין עצה האָבן די קריסטלעכע האַנטווערקער זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק אָן געווער אין די הענט, כדי מען זאָל נישט זאָגן, אַז זיי זיינען מורדים און פּאָגראָם־מאַכער און געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די יידן מיט אַן אזהרה, אַז אין משך פון איין שעה מוזן זיי פאַרלאָזן די שטאָט און מיטנעמען מיט זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן. אויף אַזאַ אופן האָבן יידן אין איין טאָג אַלע מיט אַמאָל געמוזט פאַרלאָזן וואָרמס, די עלטסטע יידישע קהלה אין דייטשלאַנד. כעמניץ האָט באַפוילן זיין קאָמפּאַניע זיך האַלטן „איידל" און ניט ראַבירן די יידן, כדי מען זאָל נישט קענען זאָגן אויף זיי, די יידנפיינד, אַז זיי זיינען רויבער און פּאָגראָמטשיקעס. יידן האָבן מיטגענומען מיט זיך אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט, און מען האָט זיי דערין נישט געשטערט. אָבער דער המון האָט דערפאַר אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף די יידישע הייליקייטן. די אַלטע יידישע שול, וואָס האָט עקזיסטירט כמעט 1000 יאָר,

איז חרוב געוואָרן. אויך האָט מען געשענדעט דעם יידישן בית־הקברות און חרוב געמאַכט פיל טייערע מצבות. אייניקע גוטע מענטשן פון די הויכע גייסטלעכע האָבן די פאַרטריבענע געלאָזט זיך פאַרלויפיק איינ־אָרדענען אין די דערפער און אין די שטעטלעך אַרום וואָרמס און דאָרט האָבן די וואַנדערער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זייערע פאַרטריבענע ברי־דער פון פראַנקפורט.

דאָס מאָל האָט דער נצחון פון די יידן־פיינד לאַנג ניט געדויערט. אין 10 טעג אַרום נאָכן פּאָגראָם האָט דער קורפירשט פרידריך אַריינ־געשיקט קיין וואָרמס סאָלדאַטן מיט האַרמאַטן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ סוף צו די אומרוען. כעמניץ און די איבעריקע אָנפירער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. דאָך האָט געדויערט גאַנצע 9 חדשים ביז די יידן האָבן זיך אומ־געקערט קיין וואָרמס (19־טן יאַנואר 1616). אין 2 חדשים אַרום (כ׳ אדר שע״ו) זיינען אומגעקערט געוואָרן אויך די פראַנקפורטער יידן, וועלכע זיינען אריינגעפירט געוואָרן אין שטאָט מיט פּאַראַד און מוזיק. אין פראַנקפורט האָט מען די אָנפירער פון די אומרוען באַשטראָפט שטרענ־גער, איידער אין וואָרמס, ווייל דאָ האָבן זיי געראַבעוועט און געהרגעט מענטשן. דער „המן״ פעטמילך איז געשניטן געוואָרן אויף שטיקער און דערנאָך געהאָנגען געוואָרן. אויף דער שטאָט האָט מען אַרויפגעלייגט אַ שטראָף פון 175.919 פלאָרין פאַר די שאָדנס, וואָס יידן האָבן געהאַט פון די פּאָגראָמען. דער טאָג פון כ׳ אדר איז אין פראַנקפורט געוואָרן אַ יום־טוב אונטערן נאָמען פורים־ווינצענץ און דער טאָג פון י״ט אדר איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ תענית ווי אַן אָנדענק פון די צרות, וואָס די פראַנקפורטער יידן האָבן איבערגעלעבט, איידער עס איז פאַר זיי געקומען די ישועה.

---

גייען מיר איבער פון דייטשלאַנד צו דער לאַגע פון יידן אין עסט־רייך צו יענער צייט, זעען מיר גאָר אַן אַנדער בילד. אין דער געשיכטע פון 16־טן יאָרהונדערט און ווייטער ווערן אַלץ מער אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן די יידן פון די עסטרייך־בעמישע פּראָווינצן. דאָרט איז די צאָל יידן געווען פיל גרעסער, איידער די צאָל פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין די צענטראַלע געגנטן פון דייטשלאַנד, און אויב אין ווין און

נידער־עסטרייך איז דער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג פאַר־האַלטן געוואָרן צוליב די אָפטע רדיפות, איז דערפאַר בעמען געווען אי־בערפולט מיט יידן און דאָס לאַנד האָט ממלא געווען דעם חסרון אין אַנדערע ערטער. די אַלטע פּראַגער קהלה איז געווען איינע פון די גרעסטע יידישע קהלות אין דעמאָלטיקן אייראָפּע, און צוזאַמען דערמיט אויך איי־נער פון די הויפּט־צענטערן פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. די פּראַגער רבנים, מגידים, שריפטשטעלער און דרוקער האָבן געהאט אַ שם אין אַלע לענדער פון גלות. בעת צרה, ווען עס זיינען פאָרגעקומען רדיפות אָדער עקאָנאָמישע קריזיסן, האָבן די בעמישע יידן געהאט אַ גוטן בית־מקלט — דאָס שכנותדיקע פּוילן. פון פּראָג איז אָן אויפהער געגאַנגען אַן עמיגראַציע קיין קראָקע, וואו עס האָט אין אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט אפילו עקזיסטירט אַ ספּעציעלע „בעמישע שול״. שפּעטער, ווען בעמען איז נאָך אַ הונדערט־יעריקער אויטאָנאָמיע פאַראייניקט געוואָרן צו עסט־רייך אונטער דער הערשאַפט פון פערדינאַנד דעם ערשטן (1526), איז דער גורל פון די יידן אין דיביידע לענדער ווידער פאַראייניקט און פאַר־בונדן געוואָרן.

פערדינאַנד דער ערשטער, וועלכער איז פריער געווען עסטרייכי־שער הערצאָג און נאָך דעם, ווי זיין ברודער קאַרל דער 5־טער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן, געוואָרן דייטשער קייסער (1556), האָט בנוגע צו יידן נישט געהאט קיין באַשטימטע שיטה. ער האָט זיך געוואַקלט צווישן דין און רחמים. די ערשטע יאָרן פון זיין קעניגן האָט ער זיך באַצויגן צו יידן ווי אַ באַשיצער פון זייערע אינטערעסן, און ווען די פאָרשטייער פון די פריצישע שטאַנדן האָבן אין 1525 זיך באַקלאָגט, וואָס מען לאָזט וואוינען יידן אין די פּראָווינצן, וואו זיי איז לויטן געזעץ פאַרבאָטן צו וואוינען, האָט פערדינאַנד קאַטעגאָריש זיי דערקלערט, אַז די יידן מוזן בלייבן וואוינען דאָרט, וואו זיי האָבן זיך שוין באַזעצט. שפּעטער, אין דער צייט פון דער הייסער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג, ווען פערדינאַנד איז געוואָרן אַ גרויסער פאַרטיידיקער פון קאַטאָליציזם, האָט ער אויך געביטן זיין באַציאונג צו יידן. ווען די טערקן האָבן זיך ארייַנגעריסן קיין קיין אונגאַרן און דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט געהאט אַ מפלה ביי אָפען (1541), האָבן זיך צווישן המון פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די יידן האָבן איבערגעגעבן זייערע „פריינד״ די טערקן מיליטערישע סודות, וואָס

האָבן מיטגעהאָלפן צום נצחון פון די טערקן. יידן האָט מען אויך באַשולדיקט אין די אומגעוויינלעכע שרפות, וואָס האָבן זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט איבער בעמען. אָט די אַלע בלבולים אויף יידן האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף פערדינאַנדן און די יידישע שונאים האָבן זיך באַנוצט מיט דער שטימונג און געפּועלט ביי דעם קייסער, אַז ער זאָל אַרויסטרייבן אַלע יידן פון לאַנד. אין פרילינג 1542 האָבן גרויסע מחנות יידן פון פּראָג און אַנדערע שטעט שוין געגומען דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט און זיך געלאָזט צו די גרענעצן פון פּוילן און טערקיי. נאָר צום גליק האָט מען שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז די אַלע בלבולים אויף יידן האָבן קיין גרונט נישט. דער ענערגישער שתדלן יאָזעלמאַן האָט אויך נישט געשוויגן און איז געקומען צום קייסער מיט אַ בקשה וועגן יידן און מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס פון אייניקע הויכגעשטעלטע קריסטן. פערדינאַנד האָט דאַן אָפּגעשטעלט די גזירה וועגן אַרויסטרייבן יידן און די מערהייט פון די עמיגראַנטן האָבן זיך אומגעקערט אַהיים.

אין ווין און אין די איבעריקע צענטראַל־שטעט פון עסטרייך איז די יידישע לאַגע ווי פריער געווען זייער נישט פעסט. אין ווין האָבן די יידן אייגנטלעך נישט געהאַט קיין וואוינרעכט, און מען פלעגט דערלויבן די יידן וואוינען דאָרט נאָר ווי אַ באַזונדער חסד. ווען אַ ייד האָט געוואָלט קומען קיין ווין צוליב געשעפט, האָט ער געמוזט מעלדן דער פּאָליציי, צוליב וואָס און אויף וויפל צייט ער איז געקומען, און דאַן באַקומען אַ באַזונדער „יידנצעטל", ווי אַ דערלויבעניש צו וואוינען אין ווין. פאַר אַזעלכע דערוויילעקע געסט זיינען געווען באַשטימט אין שטאָט נאָר צוויי האָטעלן, וואוהין זיי האָבן געמעגט פאַרפאָרן, און דערביי האָט יעדער ייד געמוזט טראָגן אַ באַזונדערן צייכן אויף די קליידער, כדי די פּאָליציי זאָל קאָנען בעסער השגחה געבן אויף אים. די דאָזיקע אַלע דינים וועגן יידישן וואוינרעכט האָבן דוקא עקזיסטירט נאָר אין לעבן און נישט אויפן פּאַפּיר, ווייל פערדינאַנד האָט מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט ווירקן אויף דעם פינצטערן המון, וועלכער קאָן מיינען, אַז יידן לאָזט מען נישט אַריין קיין ווין „פאַר וועלכע עס איז גרויסע פאַרברעכנס און חטאים". דעריבער האָט ער באַפוילן, אַז מען זאָל די גזירות אויף יידן האַלטן בשתיקה און נאָר זיי היטן אין לעבן, אָבער נישט אַרויסגעבן קיין עפנטלעכע דעקרעטן וועגן דעם.

די עפּאָכע פון דער קאַטוילישער רעאַקציע האָט אויך דאָ אין בעמען אויפגעטון דאָס אירקע: די ידיעות וועגן די אינקוויזיטאָרישע מעשים פון פויפּסט פּאַאול דעם פערטן בנוגע צו יידן האָבן געמוזט האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף אַזאַ הייסן קעמפער פאַרן קאַטאָליציזם, ווי פערדינאַנד דער 1־טער. לויט אַ סיגנאַל פון רוים האָט די פּראָגער אַדמיניסטראַציע קאָנפיסקירט פיל יידישע ספרים און זיי אָפּגעשיקט קיין ווין, צום משפט פון די פרומע גייסטלעכע; די פּראָגער יידן זיינען אפילו געבליבן אָן סדורים (1559). יידן איז אָבער פאַרגעשטאַנען נאָך אַ גרעסערע סכנה, ווייל פערדינאַנדן איז דעמאָלט ווידער איינגעפאַלן אַ הייליקע מחשבה — אָפּרייניקן פּראָג פון יידן, אויפן אָרט פון די יידישע שולן מאַכן קריסטלעכע קירכן און די יידישע הייזער קאָנפיסקירן פאַר דער מלוכה־קאַסע. אין 1561 איז דער באַפעל וועגן אַרויסטרייבן יידן שוין געווען אונטערגעשריבן און אויף די אַלע בקשות פון יידן, אַז דער קייסער זאָל אָפּשאַפן די שרעקלעכע גזירה, האָט ער געענטפערט, אַז ער קאָן דאָס נישט טאָן, ווייל ער האָט שוין געגעבן אַ נדר, אָפּצורייניקן פּראָג פון די „אומגלויביקע״. דעמאָלט איז איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע פאָרשטייער אין פּראָג, ר׳ מרדכי צמח, אַוועק צום פויפּסט פּיוס דעם פערטן אין רוים און ביי אים געפועלט, אַז ער זאָל מתיר נדר זיין פערדינאַנד דעם 1־טן. דער פרומער קייסער האָט דעמאָלט מיט אַ רואיקן געוויסן געקאָנט מבטל מאַכן זיין גזירה.

בכלל איז עסטרייך אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט געוואָרן אַ צענטר פו דער קאַטוילישער רעאַקציע און ווידער זיך אומגעקערט צו די אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע מיטלעלטערישע לעבנס־פאָרמען. די קיסרים מאַקסימיליאַן דער צווייטער און רודאָלף דער צווייטער (1564 - 1612) האָבן געקוקט אויף יידן, ווי אויף אַ מעלקנדיקער קו, ווי אויף אַ גוטן געלט־קוואַל, פון וועלכן מען קען דעקן די ליידיקע רעגירונגס־קאַסע. מיט באַזונדערער געלט־פּרעסעריי האָט זיך אויסגעצייכנט רודאָלף דער צווייטער. אין דער צייט פון זיין קעניגן האָט געלעבט אין פּראָג אַ גרויסער יידישער פילאַנטראָפּ און כלל־טוער מרדכי מייזעל, וועלכער האָט אויף זיינע קאָסטן אויסגעבויט די גרויסע פּראָגער שיל, וואָס טראָגט נאָך איצט זיין נאָמען, איינגעאָרדנט א ישיבה און אַ הויז פאַר אָרעמעלייט און בכלל געגעבן פיל צדקה פאַר יידן אין בעמען און

אין אַנדערע ערטער. מיט דער ברייטער האַנט פון ר׳ מרדכי מייזעל פלעגט זיך אויך באַנוצן רודאָלף דער צווייטער, וועלכער פלעגט ביי אים נעמען אָפטע „מתנות״ און הלוואות, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט אָפּ־געגעבן; דאָס איז אים אָבער געווען ווינציק און ער האָט נאָך געוואָלט ווערן מייזעלס יורש. ווען ר׳ מרדכי מייזעל איז געשטאָרבן (1601) און קיין קינדער נישט איבערגעלאָזט, האָט רודאָלף געשיקט אויף דער לויה זיין פּאַרטרעטער, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט ער דערקלערט, אַז די גאַנצע ירושה מייזעלס געהערט דער מלוכה, ווייל דער פאַרשטאָרבענער איז געווען נאָר אַ „קאַמער־קנעכט״״, דאָס הייסט אַ לייב־אייגענער פון דער מלוכה. מייזעל האָט זיין גרויסע ירושה איבערגעלאָזט אין דער צוואה פאַר זיינע קרובים און אויך אויף צדקה־זאַכן, אָבער נאַטירלעך האָבן די ייִדן נישט געקאָנט פאַרפירן קיין פּראָצעס קעגן דייטשישן אימפּעראַטאָר און דאָס גרויסע פאַרמעגן איז פאַרבליבן אין די הענט פון רודאָלף.

ייִדיש געלט איז באַזונדערס געוואָרן הפקר אין דער צייט פון דער 30־יעריקער מלחמה. אין יענער צייט זיינען ייִדן צוליב זייער געלט גע־וואָרן טייער, און די עסטרייכישע קיסרים האָבן אפילו געמאַכט פאַר מקורבים אין הויף עטלעכע ייִדישע פינאַנציסטן, אָבער צו־טייער האָט ייִדן געקאָסט די מלחמה. די ייִדישע קהלות פון בעמען האָבן יערלעך געצאָלט 40 טויזנט גולדן אויף די באַדערפענישן פון דער מלחמה, אַ חוץ די עקסטרע אויסערגעוויינלעכע הוצאות. ייִדן האָבן דערפון געהאַט נאָר די טובה, וואָס זיי זיינען כמעט דערפאַר פּטור געוואָרן פון רדיפות אין דער צייט פון דער מלחמה. אין ווין האָט זיך געגרינדעט אַ גרופּע ייִדישע קאַפּיטאַליסטן, וועמען דער קייסער פערדינאַנד דער צווייטער האָט געגעבן געוויסע פּריווילעגיעס ווי אַ דאַנקבאַרקייט פאַר זייער נוצלעכער טעטי־קייט. צו יענער צייט האָט זיך שטאַרק אַרויסגערוקט ביים הויף דער ייִדי־שער באַנקיר יעקב בת שבע וועמען דער קייסער האָט געשאָנקען דעם טיטל פון אַן אַדעליקן אונטערן נאָמען פאָן־טרויענבורג. די קראַפט פון געלט איז דעמאָלט געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער קייזער, אַ קלעריקאַל און תלמיד פון די יעזואיטן, האָט נאָכגעגעבן די בקשה פון די ייִדן, וואָס האָבן געוואוינט אין באַזונדערע טיילן פון ווין, און באַפוילן זיי אָפּצוגעבן אַ באַזונדערן קוואַרטאַל פון שטאָט (שפּעטער „לעאָפּאָלד־שטאַדט״), וואו ייִדן האָבן געמעגט פריי וואוינען און נישט געשטאַנען אין רשות פון

ווינער מאַגיסטראַט. אין זייער באַזונדערן קוואַרטאַל האָבן יידן געקענט האָבן אייגענע הייזער, פריי וואוינען און זיינען געשטאַנען אונטערן שוץ פון רעגירונגס־באַאַמטע, נאָר אַפילו אין די איבעריקע טייל פון שטאָט האָבן די יידן שוין געקאָנט זיך באַווייזן אָן די ספּעציעלע צייכנס אויף זייערע מלבושים. אגב, אויך דער קלעריקאַליזם האָט געטון דאָס זייניקע און לויט אַ באַפעל פון קייסער זיינען די יידן פון פּראָג און ווין געווען מחויב זיך פאַרזאַמלען אַלע שבת אין שול און אויסהערן די דרשות פון די יעזואיטן וועגן קריסטנטום (1630). עס זיינען געווען מחויב צו קומען אין דער באַשטימטער שעה נישט ווייניקער פון 200 יידישע מענער און פרויען. דרימלען אָדער ריידן בעת די דרשות איז געווען שטרענג פאַר־באָטן, און פאַר פאַרשפּעטיקן אין מען דאָס ערשטע מאָל באַשטראָפט גע־וואָרן אויף אַ טאַלער און דערנאָך איז די שטראָף געוואָרן אַלץ גרעסער. אָבער אויך דאָ האָט יידן אַרויסגעראַטעוועט דאָס געלט און אונטער פאַר־שידענע תירוצים האָבן זיי זיך אַרויסגעדרייט פון דער גזירה.

בעת דער 30־יעריקער מלחמה איז שיעור נישט געפאַלן ווי אַ קרבן דער באַרימטער יידישער געלערנטער ר׳ יום־טוב־ליפּמאַן העלער, רב אין ווין און דערנאָך אין פּראָג, דער מחבר פון באַרימטן פּירוש צו משנה „תוס־פות יום־טוב״ און אַנדערע ספרים. בשעת ר׳ יום־טוב־ליפּמאַן העלער האָט געוואוינט אין פּראָג איז ער געווען דער פאָרזיצנדיקער פון דער קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט זאַמלען צווישן דער יידישער קהלה די אָפּ־צאָלונג פון 40 טויזנט גולדן, וואָס יידן זיינען געווען מחויב אַריינצוטראָגן יערלעך אין דער מלוכה־קאַסע אויף די הוצאות פון דער מלחמה. הגם דער רב האָט זיך געסטאַרעט צו זיין גערעכטיק ביים אַרויפלייגן דעם שטייער, האָט אים זיך דאָך נישט איינגעגעבן יוצא צו זיין פאַר אַלע און, ווי גע־ווייגלעך אין אַזעלכע צופאַלן, זיינען אייניקע געבליבן נישט צופרידן מיט דעם אופן פון איינמאָנען. אייניקע שונאים פון ר׳ יום־טוב ליפּמאַן האָבן דאַן אַריינגעשיקט אַ מסירה צו דער רעגירונג, אַז ביים איינמאָנען דעם שטייער ווערן באַגאַנגען אומגעזעצלעכקייטן, אַזוי אַז די גבירים גיבן ווינ־ציקער און אויף די יידישע אָרימע לייט פאַלט די גאַנצע לאַסט פון דעם שטייער דאָס איז די מוסרים געווען נאָך ווינציק און זיי האָבן דערלאַנגט אַ מסירה דעם קייסער, אַז אין אייניקע פון די חבורים פון גרויסן רב גע־פינען זיך באַליידיקנדיקע אויסדריקן קעגן קריסטנטום. דאָס האָט גע־

ווירקט און לויט אַ באַפעל פון קייסער האָט מען אַרעסטירט דעם פּראָגער רב און אים געבראַכט צו פירן קיין ווין (1529). דאָ האָט מען אים גע־האַלטן אין טורמע צוזאַמען מיט קרימינעלע פאַרברעכער און קעגן אים אַרויסגעשטעלט אַ באַשולדיקונג, אַז ער האָט באַליידיקט די קירך, אַזוי אַז אים האָט געדראָט טויט־שטראָף. די ווינער יידישע געמיינדע האָט אָבער אָנגענומען גרויסע מיטלען און נאָר אַ דאַנק איר האָט מען אָפּגע־ראַטעוועט דעם רב. ער איז באַפרייט געוואָרן פון תפיסה, נאָר פאַרלוירן דאָס רעכט צו פאַרנעמען די שטעל פון אַ רב, און אויך פאַרמשפּט געוואָרן צו 10 טויזנט גולדן שטראָף. ווען ער האָט פאַרלוירן זיין שטעל און זיין גאַנץ פאַרמעגן, איז ר׳ יום־טוב־ליפּמאַן העלער אַריבערגעוואַנדערט קיין פּוילן.

פון דער מלחמה האָבן די בעהמישע יידן געהאַט אַביסל אַ נוצן. דער קייסער פערדינאַנד האָט זיי געגעבן אייניקע רעכטן ווי אַ באַלוינונג פאַר דעם אָנטייל פון יידן אין דער פאַרטיידיקונג פון דער באַלאַגערטער פּראָג אין 1648. אָבער אין אַלגעמיין האָט די יידישע לאַגע אין די דייטשע מדי־נות זיך נישט געענדערט. אויך דער שלום אין וועסטפאַלן, וואָס האָט גע־מאַכט אַ סוף צו דער שרעקלעכער מלחמה און באַשאַפן אַ נייע עפּאָכע אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק, האָט די יידן איבערגעלאָזט אין זייער פרי־ערדיקער רעכטלאָזער לאַגע. עס איז נאָר פאָרגעקומען אַ געוויסע איבער־וואַנדערונג אין אייניקע טיילן פון די גלות־לענדער: די יידן פון עלזאַס זיינען נאָך דעם, ווי די דאָזיקע דייטשע פּראָווינץ איז אַריבער צו פראַנק־רייך, מיט אַמאָל געוואָרן אונטערטאַנען פון אַ מלוכה, וואו עס זיינען כמעט קיין יידן נישט געווען ביים ענדע פון 14טן יאָרהונדערט.

די לאַגע פון יידן אין אונגאַרן צו יענער צייט איז געווען נישט אומעטום גלייך. אין דעם טייל אונגאַרן, וואָס האָט געהערט צו דייטשלאַנד (דער פּרעסבורגער ראַיאָן), האָט מען יידן געדריקט נאָך ערגער, איידער אין עסטרייך, און פון אַ סך ערטער אַרויסגעטריבן. זיי האָבן געמוזט צאָלן טאָפּלטע שטייערן און געווען זייער באַגרענעצט אין זייערע האַנדלס־רעכטן. אָבער אין דעם טייל אונגאַרן, וואָס האָט פון יאָר 1541 זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי (אָפען און אַנדערע שטעט), איז די יידישע לאַגע געווען פיל בעסער. אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט איז די יידישע געמיינדע אין אָפען געוואָרן רייך און פעסט.

די טערקישע סולטאַנען האָבן צו די אונגאַרישע יידן זיך באַצויגן פיל טאָ־לעראַנטער, איידער די דייטשע קיסרים.

---

גייען מיר איבער צו דעם אינערלעכן לעבן פון די דייטשע יידן אין יענער עפּאָכע, געפינען מיר אויך נישט קיין שום פּונקט, אויף וועלכן מען זאָל זיך קענען אָפּשטעלן מיט פרייד און טרייסט. מאַנאַטאָן און אָרעם איז געווען דאָס לעבן פון די דייטשע יידן צו יענער צייט. די אַלטע פאָר־מען פון געמיינדע־לעבן האָט מען שטאַרק געהיט און באַפעסטיקט, אָבער קיין נייע כוחות זיינען נישט צוגעקומען, קיין נייע געזעלשאַפטלעכע לעבנס־פאָרמען זיינען נישט געשאַפן געוואָרן. די געמיינדע־אויטאָנאָמיע איז נישט אויסגעברייטערט געוואָרן און זייער זעלטן פלעגן אויך פאָר־קומען די רבנים־צוזאַמענפאָרן אויף צו באַטראַכטן די אינערלעכע פראַ־געס. נאָר בעת דער געפערלעכער אַגיטאַציע פון פפעפערקאָרן און זיין באַמיאונג צו קאָנפיסקירן די יידישע ספרים, פלעגן די יידן פון פראַנק־פורט און אַנדערע שטעט זיך צונויפקומען, כדי צו באַטראַכטן די מיטלען קעגן דער געפערלעכער אַגיטאַציע. אין יאָר 1530 איז אויך, ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט, פאָרגעקומען אַ רבנים־צוזאַמענפאָר, צונויפגערופן דורכן שתדלן יאָזעלמאַן פון ראָזהיים, כדי צו רעגולירן די עקאָנאָמישע באַציאונגען צווישן יידן און קריסטן.

אין יענער צייט פלעגן אין די יידישע געמיינדעס נישט זעלטן פאָר־קומען גרויסע מחלוקתן און אינערלעכע רייבונגען. באַזונדערס האָט זיך דערמיט אויסגעצייכנט די פּראָגער קהלה און די וויכטיקסטע סיבה פון די מחלוקתן איז געווען דאָס איינמאָנען די אָפּצאָלן און שטייערן. די בע־מישע יידן האָבן געהאַט צו צאָלן דרייערליי שטייערן: פאַר דער מלוכה, פאַר דער פּראָווינץ, פאַר דער געמיינדע, און די ספּעציעלע קאָמיסיע פון די יידישע פאָרשטייער פלעגט אַמאָל באַגיין אומגעזעצלעכקייטן ביים באַ־שטימען די שטייערן. די פּראָגער קהלה פלעגט פאַרטיילן די גאַנצע סומע שטייערן צווישן די יידישע קהלות פון בעהמען, און די קליינע קהלות פלעגן זיך אָפּט קלאָגן, אַז אויף זייער חלק שטעלט מען צופיל. דאָס האָט איין מאָל געבראַכט צו אַ לאַנגער מלחמה צווישן דער פּראָגער קהלה און די איבעריקע קליינע קהלות, צווישן וועלכע עס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די איינוואוינער פון דעם שטעטל האָראָוויץ. די מחלוקת

איז איבערגעגאַנגען אין אַ געפֿערלעכער אינערלעכער שפּאַלטונג און נישט די אָרטיקע רעגירונגס־מאַכט, נישט די רבנים האָבן געקאָנט אויסגלייכן דעם סכסוך. דעמאָלט האָט מען קיין פּראָג אַרויסגערופֿן דעם הויפּט שתדלן יאָזעלמאַן; צוזאַמען מיט די פּראָגער רבנים  האָט אים זיך איינגעגעבן אויסצואַרבעטן געוויסע כּללים אויף צו רעגולירן די באַציאונגען צווישן דער פּראָגער קהלה און די איבעריקע קהלות. בשעת דער דאָזיקער מחלוקת האָבן די ליידנשאַפֿטן אַזוי זיך צעקאָכט, אַז די איינוואוינער פֿון שטעטל האָראָוויץ האָבן באַלאַגערט יאָזעלמאַנס הויז און געסטראַשעט אים צו הרגענען. די אינערלעכע רייבונגען האָבן געבראַכט אויף ייִדן נישט ווינציק צרות און זיי גורם געווען פֿיל שאָדנס.  צווישן ייִדן זיינען געוואָרן זייער פֿיל מוסרים, וואָס פֿלעגן פֿאַרמסרן געוויסע פּערזאָנען פֿאַר ווירקלעך אומגעזעצלעכע אָדער בלויז אויסגעטראַכטע מעשׂים און אויך אויסנאַרן ביי דער באַפֿעלקערונג געלט, און געדראָט מיט מסירות.

דער שטעמפּל פֿון אָרעמקייט און דלות ליגט אויך אויף דער גייסטיקער ייִדישער שאַפֿונג פֿון יענער צייט. די פֿאַרשפּרייטונג פֿון בוך־דרוקעריי האָט נאָר פֿאַרגרעסערט די צאָל פֿון די ייִדישע ספֿרים, אָבער עס איז פֿאַרבליבן ווי פֿריער דער מיטל־אַלטערישער גייסט, דער מאָנאָטאָנער אינהאַלט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. ווי פֿריער האָט אין די ישיבות און תלמוד־תורות געהערשט די תּלמודישע סכאָלאַסטיק. אין זעכצנטן יאָרהונדערט איז אפֿילו אויסגעוואַקסן אַ ספּעציעלע שולע פֿון פּלפּול און דער רבי פֿון דער נייער שולע איז געווען ר׳ יעקב פּאָליאַק, ראש־ישיבה אין פּראָג. ער האָט פֿריער געשאַרפֿט דעם מוח אין די ישיבות פֿון דייטשלאַנד און דערנאָך אַריבערגעטראָגן די שיטה פֿון פּלפּול אויך קיין בעהמען און קיין פּוילן. די שיטה פֿון ר׳ יעקב פּאָליאַק איז באַשטאַנען אין „חילוק", וואו די הויפּטראָל האָט געשפּילט בקיאות און חריפֿות: מען האָט גענומען אַ סוגיא אין דער גמרא, אויסגעזוכט דאָרט אינערלעכע סתּירות, אָפּגעווענדט דאָס מיט אַנדערע ערטער פֿון תּלמוד, געשטעלט איינעם קעגן אַנדערן אַלע פּירושים, וואָס זיינען נוגע דער סוגיא — און ווען די פּראַגע איז שוין געוואָרן אויף אַזוי פֿיל פֿאַרפּלאָנטערט, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין אויסוועג, האָט דער חריפֿישער קאָפּ אָנגעהויבן צוריק אויספּלאָנטערן דעם גרויסן קנויל, אויסגעגליכן אַלע סתּירות, פֿאַרענטפֿערט אַלע קשיות און די פּראַגע איז ווידער קלאָר גע־

וואָרן. דאָס איז געווען אַ מין גייסטיקע גימנאַסטיק, אַ מין שפּיל מיט זיך אַליין. דאָ האָט מען געקענט שפּרינגען פון איין ענין צום צווייטן, אויס־זוכן נישט־געשטויגענע קשיות, ווייל דער עיקר איז דאָ געווען נישט דער ריכטיקער פּשט, נאָר דער פּלפּול, דאָס שאַרפן דעם מוח. די דאָזיקע שיטה האָט פיל מיטגעהאָלפן אויסשפּילן זיך, שאַרפן דעם מוח, אָבער דאָס האָט געשאַדט דער געזונטער נאָרמאַלער שיטה, וואָס זוכט אומעטום נישט דעם וואָרט־שפּיל, נאָר דעם רעאַלן אמת, די לאָגיק.

די בעסטע יידישע געלערנטע זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער שיטה פון פּלפּול. צווישן די קעגנער פון דער שיטה איז אויך געווען דער הויפּט־רב פון פּראָג ר׳ ליוואי בן בצלאל (מהר״ל מפּראָג) (1525 — 1609). ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ קלאָרן אָפענעם מוח, אַ גוטער דרשן און פּרוכטבאַרער מחבר פון פיל ספרים און אויך געהאַט אַ סך ידיעות אין דער וועלטלעכער וויסנשאַפט. זיינע זאַמלונגען פון דרשות און מוסר, ווי „נתיבות עולם״, „נצח ישראל״ און אַנדערע, זיינען נאָך עד היום זייער פּאָפּולער ביי יידן. ווי אַ מאָראַליסט האָט דער מהר״ל נישט געקאָנט איינ־שטימען מיט דער שיטה, וועלכע האָט דערלויבט צו קריטיקירן דעם תנ״ך, און איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון דער קריטישער שיטה פון עזריה דע־ראָסי. צווישן פאָלק האָט דער מהר״ל געהאַט אַ נאָמען פון אַ בעל־נס. עס גייט וועגן אים אַ לעגענדע, אַז ער האָט איין מאָל באַשאַפן פון ליים אַ מענטשלעכע פיגור, אַ גולם, ווען ער האָט אַריינגעלייגט אין מויל דעם שם־המפורש. דער גולם האָט דאַן באַקומען לעבן אין זיך און געקענט זיך באַוועגן און דערפילן פאַרשידענע שליחותן. אָבער ווי נאָר דער רב האָט אַרויסגענומען דאָס שטיקל פּאַפּיר מיטן שם־המפורש, איז דער גולם ווידער געבליבן גולם, אַ פּשוט שטיק ליים. מען דערציילט אויך, אַז דער מהר״ל איז איין מאָל אַרויסגערופן געוואָרן צום דייטשן קייסער רודאָלף, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אַ לאַנגן געהיימען געשפּרעך, וואָס איז אויף אייביק פאַרבליבן אַ סוד. מען רעכנט, אַז דער מהר״ל האָט גע־רעדט מיטן קייסער וועגן אַלכימיע און אַסטראָנאָמיע, מיט וועלכע ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט, אָבער עס איז אויך מעגלעך, אַז בעת דער אוידיענץ זיינען באַרירט געוואָרן די פּראַגן וועגן פּראָגער קהלה־לעבן, ווייל צוזאַמען מיט דעם פילאָנטראָפּ מייזעל פלעגט דער רב זיך פלייסיק אָפּ־געבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין 1592 איז דער מהר״ל אַריבער

קיין פּוילן, וואו ער איז אַ געוויסע צייט געווען רב פון פּויזן און גאַנץ גרויס־פּוילן, אָבער לאַנג איז ער דאָרט נישט געבליבן און אין גיכן זיך אומגעקערט קיין פּראָג.

דער איינציקער פאָרשטייער פון וועלטלעכער בילדונג צווישן ייִדן אין יענער צייט איז געווען דוד גאַנז (1541 — 1613), אַ געבוירענער פון וועסטפאַלן, וועלכער האָט באַקומען זיין תלמודישע בילדונג אין די ישיבות פון פראַנקפורט און קראָקע, און דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין פּראָג. צוזאַמען מיט תלמוד האָט גאַנז גוט געקאָנט געאָ־גראַפיע, היסטאָריע און מאַטעמאַטיק. ער איז פּערזענלעך געווען באַקאַנט מיט די באַרימטע אַסטראָנאָמען קעפּלער און דע־בראַהע און געאַרבעט אין פּראַגער אָבסערוואַטאָריום. זיינע קענטענישן האָט ער דערנאָך אַרויסגע־וויזן אין זיין ווערק „נחמד ונעים“, נאָר פּאָפּולער צווישן ייִדן איז ער גע־וואָרן דורך זיין היסטאָרישער כראָניק „צמח דוד“. אין ערשטן טייל פון דעם ספר זיינען אין אַ פאָרעם פון קורצע כראָנאָלאָגישע נאָטיצן באַשריבן די הויפּט־געשעענישן און כאַראַקטעריסטיקעס פון די ייִדישע היסטאָרי־שע פּערזאָנען פון דער אַלטער צייט אָן ביז 1592. אין צווייטן טייל גע־פינט זיך אַ רשימה פון די געשעענישן פון דער וועלט־געשיכטע, ערטער־ווייז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער געשיכטע פון ייִדן. דאָס ווערק איז אין אַלגעמיין נישט מער ווי אַ קאָמפּילאַציע פון ייִדישע און קריסטלעכע בי־כער און אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט האָבן נאָר יענע ערטער פון דעם ספר, וואו עס ריידט זיך וועגן די געשעענישן פון יענער צייט. כאַראַקטעריסטיש איז די פאָררעדע צום צווייטן טייל פון זיין ווערק, אין וועלכער דער מחבר פאַרענטפערט זיך פאַר זיינע לייענער: „איך זע פאָראויס, אַז פיל וועלן מיך שטאַרק זידלען און פאָרוואַרפן, וואָס איך ברענג נאָטיצן פון נישט־ייִדישע ספרים וועגן מלחמות און אַנדערע געשעענישן. ביי זיי איז דאָס „שיחות חולין“, און אַזעלכע זאַכן איז פאַרבאָטן צו לייענען אין אַ שבת־טאָג. איך וועל זיך נישט לאַנג פאַרענטפערן, נאָר זאָלן מיין שוץ זיין יע־נע גרויסע ייִדישע רעליגיעזע פילאָזאָפן, וועלכע האָבן פון אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע און פון אַנדערע גענומען ריכטיקע געדאַנקען, אָוועקגעוואָרפן די שאָלעכץ און דעם תוך איבערגעלאָזט“. ווייטער פאָררופט זיך דער מחבר אויף ר׳ אברהם זכותא און ר׳ יוסף הכהן, וועלכע האָבן אויך באַ־שריבן די געשעענישן פון דער אַלגעמיינער געשיכטע אין צוזאַמענהאַנג

מיט דער יידישער. ער באַווייזט, ווי אַזוי עס איז נייטיק פאַר דעם מי־טעלן מענטש, וואָס אַ גאַנצע וואָך אַרבעט ער שווער, צו האָבן אויף שבת צום לייענען אַ ספר, וואָס קען אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן. אויסער דעם זאָגט ער אַרויס זיין איבערצייגונג, אַז עס שאַדט נישט צו זיין באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון די פעלקער, ווייל דאָס שטאַרקט נאָר דאָס רעלי־גיעזע געפיל פון יידן, וועלכער זעט איין, אַז אַזוי פיל מלוכות און פעל־קער זיינען אונטערגעגאַנגען און נאָר דאָס יידישע פאָלק לעבט נאָך.

מער פון אַלץ זיינען אָבער אין יענער צייט אָנגעגאַנגען די מוסר־ספרים, וועלכע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט די שטרענגע אַסקעטישע אידייען פון דער פראַקטישער קבלה. אַ הייסער אָנהענגער פון דער שיטה און אַ גרויסער בעל־מוסר איז געווען ר׳ ישעיה הורוויץ (1555 — 1630), וועלכער איז פריער געווען רב אין פוילן, דערנאָך אין פראַנקפורט־אַם־מיין און ענדלעך אין פראָג. צוליב דער 30־יעריקער מלחמה און אויך צוליב זיין אַלטער גרויסער נייגונג צום נעסט פון דער קבלה איז ר׳ ישעיה אין 1621 אַריבערגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און דאָרט פאַרבראַכט דאָס רעשט ביסל יאָרן אין פרומקייט און אין מעשים־טובים. ער האָט געוואוינט אין ירושלים און אין צפת. דאָרט האָט ער פאַרענדיקט זיין גרויס ווערק, וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן אין אייראָפּע, „שני לוחות הברית״, אָדער פאַרקירצט. „של״ה״. דאָס איז אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע, וואו עס געפינען זיך צוזאַמען הלכות, דינים, מוסר, כללים פון אַסקעטיזם און קבלה. די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם ווערק איז געווען: געבן אַלע יידישע געבאָטן און דינים אַ קבלהסטישן פירוש. אין דעם ספר געפינען זיך פיל געדאַנקען, וועלכע זיינען אָבער אויפגעשריבן אָן שום סדר. איבער דעם גאַנצן ווערק שוועבט דער גייסט פון אר״י׳ס לערע, לויט וועלכער די וועלט איז נישט מער ווי אַ נעסט פון קליפּות און אַ קוואַל פון צרות, דער מענטש — אַ זינ־דיקע בריאה, און די רעליגיע — אַ מיטל צו פייניקן זיך און צו מתקן זיין די זינדיקע נשמה. אַזאַ וועלט־אָנשויאונג איז געווען גוט צוגעפּאַסט צו דער שטימונג פון די דייטשע יידן, אָנגעשראָקענע, דערשלאָגענע געטאָ־קינדער. דער דייטשער ייד איז געווען אַן אַסקעט פון קאָפּ ביז די פיס, און די פּראַקטישע קבלה האָט נאָר טעאָרעטיש פאָרמולירט דאָס, וואָס האָט שוין עקזיסטירט אין לעבן.

אין יענער צייט איז אויך באַשאַפן געוואָרן די פּאָפּולערע צוגענג־

לעכע ליטעראַטור אויף דייטש־ייִדיש, וואָס האָט שפּעטער אָנגעהויבן זיך רופן ייִדיש. די דאָזיקע ליטעראַטור האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די פאָלקס־מאַסן, באַזונדערס אויף די פרויען. אַ דאַנק דער דרוק־דערפינדונג איז זי אַלץ מער געוואַקסן. די סידורים און דער תנ״ך האָבן אָנגעהויבן זיך דרוקן אין איבערזעצונגען אויף ייִדיש פאַר יענע פּראָסטע מענטשן און ווייבער, וואָס פאַרשטייען נישט קיין לשון־קודש. זייער פאַרשפּרייט איז געוואָרן דער „צאינה וראינה״ (אַרויסגעגעבן אין 1622) — אַ פּירוש אין ייִדיש אויף דער תורה צוזאַמען מיט די לעגענדעס און מאמרים פון מדרש, אגדה און שפּעטערדיקע מפרשים. דאָס דאָזיקע בוך, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורך ר׳ יעקב בן יצחק פון פּראָג, איז געוואָרן אַ מין „תורה פאַר ווייבער״ און פיל דורות ייִדישע פרויען האָבן זיך דערצויגן אויף דעם בוך און פון דאָרט געשעפּט זייער גייסטיקע שפּייז, זייער פאָרשטעלונג וועגן מוסר, רעליגיע און ייִדישער געשיכטע. נאָך ביז הייַנט לייענען טויזנטער פרומע ייִדישע פרויען מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן און יראת־הכבוד אַלע שבת דעם „צאינה וראינה״ און פון דאָרטן נעמען זיי די הויפּט־יסודות פון זייער פאָרשטעלונג וועגן דער וועלט און מענטשן. דאָס דאָזיקע בוך, וואו עס געפינען זיך נישט די שרעקלעכע גרויזאַמע מעשות פון דער קבלה און דער מרה־שחורהדיקער גייסט פון דעם „מוסר״, דאָס דאָזיקע בוך, וואָס אָטעמט מיט פּראָסטקייט און געזונטע פאָלקס־געפילן, האָט געשפּילט אַ באַזונדערע ראָל אין דעם אינערלעכן ייִדישן לעבן און האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף דער נייער ייִדישער ליטעראַטור פון דער שפּעטערדיקער עפּאָכע.

## קאַפּיטל פינף

### די יידן אין פּוילן

דער שטראָם פון דער יידישער אויסוואַנדערונג איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען. אין דער צייט, ווען די יידישע גולים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן אויסגעוואַנדערט קיין טערקיי, זיינען פון עסטרייך און דייטשלאַנד געגאַנגען גרויסע מחנות יידן אין אַן אַנדער פּונקט: צו די סלאַווען אין פּוילן און אין ליטע, וואו עס האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ גרויסער יידישער צענטער. אָבער נישט גלייך איז געווען דער גורל פון די ביידע צענטערן, טערקיי און פּוילן. די ספרדים אין טערקיי זיינען ביס־לעכווייז איינגעשלאָפן, פאַרזונקען געוואָרן אין דער אַלגעמיינער אַזיאַטי־שער אַפּאַטיע און זייער ראָל האָט זיך שוין געענדיקט, אין דער צייט ווען די אַשכנזים אין דייטשלאַנד האָבן נאָך געהאַט אַ גרויסן קוואַל פון פרישע כוחות און זייער ראָל האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. נאָך בבל און שפּאַניע, איז אין קיין לאַנד נאָך נישט געווען אַזאַ שטאַרקע קאָנצענטראַציע פון יידישע כוחות אויף איין אָרט און אַזאַ ברייטער פּלאַץ פאַר דער נאַציאָנאַ־לער אַנטוויקלונג, ווי אין פּוילן פון 16טן יאָרהונדערט און ווייטער.

די איינגעוואַנדערטע אַשכנזים האָבן אין פּוילן שוין געפונען אַ פּאַרטיקן גוטן באָדן. די גרויסע יידישע באַפעלקערונג אין די שטעט און אין די דערפער פון פּוילן און ליטע איז נישט געווען, אַזוי ווי אין דייטש־לאַנד, איין עקאָנאָמישער קלאַס, וואָס האָט פאַר זיך געהאַט נאָר איין און איינציקע פונקציע, נאָר אַ פאַרשידנפאַרביקער קיבוץ, וואָס האָט זיך באַ־טייליקט אין די פאַרשידענע צווייגן פון עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין פּוילן זיינען די יידן נישט געווען צוגעבונדן צו צוויי געציילטע פּראָפעסיעס — געלט אויף פּראָצענט און קליינהאַנדל, נאָר זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע פאַרשידענע געביטן פון אינדוסטריע און אפילו אויך אין דאָרפס־ווירטשאַפט, אַלס ערדאַרבעטער און אַרענדאַרן. די יידישע גרויסע פינאַנציסטן האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן אָפּקויפן די קעניגלעכע אָפּצאָלונגען און שטייערן און נישט זעלטן געשפּילט אַ גרויסע ראָל ווי

פינאַנץ־אַגענטן. שפּעטער, ווען מען האָט יידן שוין נישט דערלאָזט צו דעם אָפּקויף פון די מלוכה־אָפּצאָלונגען, האָבן די יידישע פינאַנציסטן אַלץ נישט אויפגעהערט נעמען אין אַרענדע די גיטער פון קעניג און פון דער פּריצים־שליאַכטע און דערביי געהאַט דאָס רעכט צו האָבן שענקן, עקס־פּלאָאַטירן די זאַלץ־גרובן, די וועלדער און אַנדערע ערד־אוצרות. די גרויסע יידישע סוחרים פלעגן זיך פאַרנעמען מיט אַרויספירן די פּוילישע דאָרפס־פּראָדוקטן קיין עסטרייך, וואלאכיע און טערקיי. די יידישע פאָלקס־מאַסן ווידער האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, מלאכות, ערדאַרבעט און אַרענדע.

אויף אַזאַ אופן זיינען יידן געווען פאַרבונדן דורך טויזנטער פעדים מיט דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד און דעריבער איז אויך זייער רעכט־לעכע לאַגע געווען פאַרשידנאַרטיק און געהאַט פאַרשידענע פאָרמען. פּוילן איז געווען אַ טיפּישע קלאַסן־מלוכה, וואו די באַזונדערע קלאַסן האָבן צווישן זיך צעטיילט די מאַכט און שטענדיק געפירט אַ פּאָליטישן קאַמף צווישן זיך צוליב דער מאַכט און אָט פון דעם שטענדיקן פּאָליטישן קאַמף איז אויך געווען אָפּהענגיק די יידישע לאַגע. די קעניגלעכע מאַכט איז געווען באַגרענעצט דורך דער קאָנסטיטוציע און געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף און צוזאַמענשטויס מיט דער גרויסשליאַכטע; די גרויסשליאַכטע ווידער האָט שטענדיק געקעמפט און געאַמפּערט זיך מיט דער קליינ־שליאַכטע און מיט די שטאָטישע קלאַסן, די סוחרים, בירגער און האַנט־ווערקער, וואָס זיינען געווען שטאַרק דורך זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג און צעכן־אָרגאַניזאַציע. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן צווישן די מאַסן, אין די געזעצגעבנדיקע פאַרזאַמלונגען, אין די מאַגיסטראַטן און אין די גע־ריכטן. חוץ די אַלע באַזונדערע קלאַסן האָבן זיך נאָך געפירט זייער באַ־זונדערע ליניע די גייסטלעכע פון דער קאַטוילישער קירך, וועלכע איז אַ דאַנק דער רעאַקציע נאָך דער רעפאָרמאַציע און אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיקייט פון די יעזואיטן געוואָרן אַ גרויסע מאַכט. אָט די אַלע פאַרשי־דענע גרופּעס האָבן זיך באַצויגן צו יידן פאַרשידן, יעדע לויט אירע אייגע־נע אינטערעסן. וועגן באַציען זיך צו יידן פּשוט ווי צו מענטשן גלייכבאַ־רעכטיקע האָט דעמאָלט קיין רייד נישט געקענט זיין. זיי האָט מען גע־שעצט נאָר לויט דעם נוצן, וואָס זיי האָבן געקאָנט ברענגען דעם אָדער יענעם קלאַס. און אַזוי ווי דאָס, וואָס איז געווען נוצלעך פאַר איין קלאַס,

איז אָפּטמאָל געווען קעגן די אינטערעסן פון אַ צווייטן קלאַס, זיינען אַרויסגעקומען קאָנפליקטן און יידן זיינען אָפּטמאָל געווען באַשיצט פון איין זייט און גערודפט פון אַ צווייטער זייט.

די יידן אין פּוילן האָבן געהאַט צוויי פּאַרטיידיקער: די מלכים און די גרויס־שליאַכטע, און אויך צוויי שטענדיקע שונאים: די גייסטלעכע און די שטאָטישע איינוואוינער. פאַר דער קעניגלעכער מאַכט זיינען יידן געווען אַ קוואַל פון געווינלעכע און אויסערגעווינלעכע שטייערן, וואָס האָבן אָנגעפילט די פּוסטע מלוכה־קאַסע. אָבער חוץ דעם זיינען יידן געווען נאָך נוצלעך פאַר די קיסרים דורך זייער קאָמערץ. די קיסרים האָבן טייער געהאַלטן די יידישע פינאַנציסטן, וועלכע האָבן אָפּגעקויפט די מלוכה־שטייערן אָדער גענומען אין אַרענדע די קעניגלעכע גיטער און פאָראויס איינגעצאָלט גרויסע סומעס געלט. ביי אַזעלכע יידישע גבירים האָט מען שטענדיק געקענט באַקומען הלוואות אָדער אַוואַנסן און דעריבער זיינען זיי געווען מקורבים למלכות, הויף־אַגענטן, וואָס האָבן אָפט געקאָנט אויסבעטן אַ טובה פאַר יידן. די גרויס־שליאַכטע ווידער פון איר זייט איז געווען צו פויל און אַריסטאָקראַטיש, אַז זי זאָל קענען אַליין פירן ווי געהעריק די פאַרוואַלטונג איבער די גיטער, און דעריבער זיינען די יידישע אַרענדאַרן און ערדאַרבעטער געווען נוצלעך פאַר דער שליאַכטע. אין גאַנצן פיינטלעך געשטימט צו יידן זיינען געווען די שטאָטישע סוחרים און האַנטווערקער, וועלכע האָבן געזען אין יידן זייערע קאָנקורענטן. די מאַגיסטראַטן פלעגן שטאַרק דריקן די יידן אין האַנדל און אין מלאכה און נישט דערלאָזט זיי קויפן קיין הייזער, און די האַנטווערקער־צעכן פלעגן פּשוט אָנרייצן אויף יידן דעם המון, וועלכער האָט געמאַכט קליינע פּאָגראָמלעך. נאָך ענערגישער פלעגן אַגיטירן קעגן יידן די גייסטלעכע וועלכע עס פלעגט זיך אַמאָל איינגעבן דורכצופירן אין די סיימען געוויסע יידישע באַגרענעצונגען.

אָט פון די אַלע באַזונדערע קעגנגעזעצטע אינטערעסן פון די פּוילישע קלאַסן איז געווען אָפּהענגיק און פון צייט צו צייט זיך געענדערט די יידישע לאַגע.

אין די ערשטע יאָרן פון 16טן יאָרהונדערט האָבן יידן ווידער באַקומען די אַלע רעכטן, וועלכע מען האָט ביי זיי ערטערווייז געפּרואווט אָפּנעמען ביים ענדע פון פאָריקן יאָרהונדערט. דער זעלבער ליטווישער גרויס־

פירשט אַלעקסאַנדער יאַגעללאָ, וואָס האָט אין 1495 באַפוילן אַרויסצו־טרייבן יידן פון אַלע זיינע פּראָווינצן, האָט די יידן צוריקגערופן, ווי נאָר ער איז נאָכן טויט פון ברודער געוואָרן קעניג פון פּוילן. אין 1503 האָט דער פּוילישער קעניג, נאָך אַ באַראַטונג מיט די „פּאַנעס", פאַרעפנטלעכט זיין באַשלוס: אָננעמען צוריק די יידן, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ליטע, דערלויבן זיי וואוינען אין אַלע ערטער, וואו זיי האָבן פריער געוואוינט, און אומקערן זיי די שולן, הייזער, בית־עלמינס, גיטער, וואָס זיי האָבן פריער געהאַט. די סיבות פון דער ענדערונג זיינען געווען גאַנץ קלאָר: יידן זיינען נייטיק געוואָרן צוליב זייער גרויסער עקאָנאָמישער ראָל אין פּוילן, וואָס איז אין 1501 געוואָרן פיל נענטער פאַרבונדן מיט ליטע. איינער פון די אָפּקויפער פון די קעניגלעכע אָפּצאָלונגען, דער רייכער ייד יאָסקאָ, האָט געהאַלטן אָפּגעקויפט די טאַמאָזשנע־אָפּצאָלונגען אין לובלינער, כעלמער, בעלזער, הרובעשאָווער, פּאָדאָלער, לעמבערגער, סאַנאָקער און פּרזשעמישלער ראַיאָנען, ד"ה כמעט אין אַ העלפט פון דער גאַנצער פּוילישער טעריטאָריע. ווי אַ לוין פאַר זיין נוצלעכער טעטיקייט האָט דער קעניג אַלעקסאַנדער באַפרייט יאָסקאַן און אַלע זיינע באַדינטע פון געריכט פון דער אַדמיניסטראַציע און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז זיי זיינען נאָר אונטערוואָרפן דעם קעניגלעכן געריכט. באמת האָט אַלעק־סאַנדער אויך איצט נישט געהאַט קיין פריינטלעכע געפילן בנוגע די יידן, און דאָס זעט מען אַרויס פון דעם פאַקט, וואָס אין 1505, ווען ער האָט באַפוילן אַריינשטעלן אין דעם פּוילישן בוך פון געזעצן די אַלטע יידישע „גרויסע כאַרטיע פון פרייהייט", האָט ער דערביי געהייסן צושטעלן, אַז ער באַשטעטיקט נישט די כאַרטיע און דערלויבט נאָר צו פאַרעפנטלעכן זי, „צוליב דער פאַרטיידיקונג פון דער באַפעלקערונג קעגן יידן".

דער נאָכפאָלגער פון אַלעקסאַנדער, זיגמונד דער ערשטער, קעניג פון פּוילן און גרויספירשט פון ליטע (1506 — 1548), האָט זיך באַצויגן צו יידן פיל ליבעראַלער. זיין פּרינציפּ איז געווען: „סיי די רייכע און הער־שנדיקע פּאַנעס, סיי די אָרעמע, דאַרפן אַלציינס געגרעכט ווערן באַ־האַנדלט". דעם פּרינציפּ האָט ער זיך באַמיט אָנצואווענדן אויך בנוגע די יידן, כאָטש ער איז געווען אַ פרומער קאַטאָליק. אָבער ער האָט דאָס גע־קענט טון נאָר דאָרט, וואו די קעניגלעכע מאַכט האָט נישט באַגעגנט קיין שטערונגען מצד דער שליאַכטע און אַנדערע קלאַסן. אין ליטע, וואו די

קעניגלעכע מאַכט איז געווען ברייטער, עלטער און גרינטלעכער, האָט זיג־מונט דער ערשטער טאַקע איבערגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיינע שטייערן און אָפּצאָלונגען אין די הענט פון די יידישע קאַפּיטאַליסטן. דער הויפּט אָפּקויפער פון די קעניגלעכע הכנסות אין ליטע, דער ייד מיכל יאָזעפאָ־וויטש, פלעגט אַמאָל אויך דערפילן די פליכט פון אַ קעניגלעכער מלוכה־קאַסע און ער פלעגט אויסצאָלן די פּענסיעס פאַר די באַאַמטע אָדער אָפּ־צאָלן די קעניגלעכע חובות. זיגמונד האָט יאָזעפאָוויטשן באַשטימט ווי אַן „עלטסטן" איבער אַלע ליטווישע יידן און ער האָט געהאַט גרויסע פול־מאַכטן: משפּטן יידן לויט די יידישע געזעצן, אויפמאַנען פון זיי אַלע מלוכה־שטייערן און וועגן אַלע וויכטיקסטע יידישע ענינים פּערזענלעך אי־בעררעדן מיטן קעניג. ווי אַ געהילף צו זיך האָט ער געדאַרפט צונעמען איינעם אַ רב. צי יידן האָבן אנערקענט דעם דאָזיקן „עלטסטן", וואָס איז נישט אויסגעוויילט געוואָרן, נאָר אָן דער דעה פון יידן באַשטימט געוואָרן דורכן קעניג? דאָס איז אַ גרויסער ספק. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט יאָזעפאָוויטש אַליין זיך נישט באַנוצט מיט זיין מאַכט און נישט אָנגע־וואָרפן זיך אויף יידן ווי אַן „עלטסטער". ער האָט נאָר אויסגענוצט זיין פולמאַכט ווי אַ פאַרמיטלער צווישן יידן און קעניג, און פלעגט יידן מסתמא טון טובות. זיין ברודער, אברהם, האָט זיך געשמדט צוליב אַ קאַר־יערע, און אַלע זיינע קינדער זיינען שוין געווען קריסטן.

די ליטווישע יידן זיינען געבליבן ביי דער אַלטער ליבעראַלער כאַרטיע פון גרויספירשט וויטאָווט, לויט וועלכער יידן איז געגעבן גע־וואָרן דאָס רעכט צו האַנדלען און פאַרנעמען זיך מיט האַנטווערק, ווי אויך מיט אַ גאַראַנטיע פון אַ גערעכטן משפּט און אַן אינערלעכע אויטאָנאָמיע. עס זיינען, אמת, געווען פּרואוון מצד די „מיעשטשאַנעס" צו באַגרענעצן די יידן אין די רעכטן פון האַנדל, און די וואָיעוואָדעס און באַאַמטע האָבן זיך געפּרואווט אריינמישן אין דער יידישער אינערלעכער אויטאָנאָמיע, אָבער זיגמונד דער ערשטער האָט ענערגיש זיך אָנגענומען פאַר יידן. אין 1533 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל נישט אָנצורירן די אַלטע יידישע רעכטן, וואָס טאָרן נישט אָפּגעשאַפט ווערן דורך די נייע קאָ־דעקסן. אגב, ליטע איז נאָך דעמאָלט געווען אַ פּאַטריאַרכאַליש לאַנד, וואו די הויפּט־באַשעפטיקונג איז געווען ערדאַרבעט, וואו דער קלאַסן־קאַמף איז נאָך געווען זייער שוואַך, און דעריבער האָט מען נאָר זעלטן געפּרואווט

אָנרירן די יידישע רעכטן אויף פרייען האַנדל, אַזוי אַז אין אַלגעמיין זייַ־נען זיי פאַרבליבן ביי זייער אַלטער כאַרטיע. זיי האָבן געוואוינט אין די שטעט און אין די דערפער און זיינען נישט געווען אַזוי שטאַרק אָפּגע־טיילט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, לויט דער שפּראַך און שטייַ־גער לעבן, ווי שפּעטער. די יידישע געמיינדעס פון בריסק, גראָדנאָ, ביעלסק, פינסק און טראָק האָבן זיך גערעכנט פאַר די הויפּט־געמיינדעס אין ליטע. אין בריסק האָט דער רב ר׳ מענדל פראַנק באַקומען פון קעניג ברייטע פולמאַכטן צו משפּטן און צו באַשטראָפן יידן, נישט אויסגע־שלאָסן אויך דאָס רעכט פון אַרויפלייגן חרם.

גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע פון יידן אין די גרויסע שטעט פון קרוין־פוילן. דאָרט איז די שטאָטישע אינדוסטריע שוין געווען פיל מער אַנטוויקלט, איידער אין ליטע, און דעריבער זיינען יידן געווען אין פיל געביטן קאָנקורענטן פאַר די קריסטן. אַזוי ווי זיי האָבן זיך באַנוצט מיט דער ברייטער זעלבסט־פאַרוואַלטונג (מאַגדעבורגער רעכט), — האָבן די קריסטלעכע הענדלער און האַנטווערקער דורך די מאַגיסטראַטן און צעכן געשטרעבט צו באַגרענעצן די האַנדלס־רעכטן פון זייערע יידישע קאָנקו־רענטן. באַזונדערס איז די שטרעבונג געווען שטאַרק אין פּויזן, קראָקע און לעמבערג, די הויפּט־צענטערן פון די דריי פּראָווינצן: גרויס־פּוילן, קליין־פּוילן און „טשערוואָנאָ רוס" (גאַליציע). אין פּויזן האָט מען נישט געלאָזט יידן האַנדלען און דינגען מאַגאַזינען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל. די יידן האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג, וועלכער האָט באַפוילן, אַז מען זאָל זיי נישט שטעלן קיין שטערונגען און נישט אָנרירן זייערע פּריווי־לעגיעס (1517). דערויף האָבן די קריסטלעכע סוחרים געענטפערט, אַז יידן דינגען־אויס די בעסטע מאַגאַזינען אין די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט, און אַז אַ גרויסע צאָל יידן אין צענטער פון דער קריסטלעכער באַפעלקע־רונג קען ברענגען צו שלעכטע רעזולטאַטן פאַר דער קאַטוילישער רע־ליגיע. דאָס האָט געווירקט אויף דעם פרומען זיגמונד און דורך אַ צוויי־טן באַפעל פון 1520 האָט ער פאַרבאָטן פאַר יידן צו דינגען מאַגאַזינען אין מאַרק. מען האָט די פּויזנער יידן נישט געלאָזט אפילו איינקויפן אויפן מאַרק עסנוואַרג און אַנדערע סחורות, איידער די קריסטלעכע איינוואוי־נער וועלן נישט איינקויפן פאַר זיך אַלץ, וואָס זיי דאַרפן. שפּעטער, ווען עס האָבן אָנגעהויבן קומען קיין פּויזן פרישע יידן, האָט דער קעניג באַ־

פוילן, אַז מען זאָל מער נישט אַריינלאָזן אין שטאָט קיין פרישע איינ־וואוינער און אַז מען זאָל יידן נישט פאַרקויפן קיין קריסטלעכע הייזער אָן דער דערלויבעניש פון קהל. יידן האָבן געדאַרפט וואוינען נאָר אין באַ־זונדערע קוואַרטאַלן און נישט בויען קיין הייזער אַנטקעגן די קריסטלע־כע (1532). דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין לעמבערג, וואו דער מאַגיסטראַט האָט זיך באַקלאָגט אויף דער קאָנקורענץ פון די יידישע סוח־רים, און דער קעניג האָט דעריבער אַביסל באַגרענעצט די יידישע האַנדלס־רעכטן. אויף דעם פּעטריקאָווער סיים פון 1521 איז יידן דערלויבט גע־וואָרן צו האַנדלען נאָר מיט פיר זאַכן: וואַקס, פּוטער, טוך און פי. די מאַגיסטראַטן פון פּויזן, קראָקע און לעמבערג האָבן אפילו געוואָלט מאַכן אַ פאַרבאַנד צווישן זיך, כדי צוזאַמען פירן אַן עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידישן האַנדל. אין קראָקע און אין קאַזשימירזש איז דער יידישער האַנדל באַגרענעצט געוואָרן נאָך מער, ווי אין די איבעריקע רעזידענצן פון פוילן.

די האַנדלס־קאָנקורענץ פלעגט אַמאָל פירן צו גאַסן־אָנפאַלן און פּאָ־גראָמען. אין פּויזן און דער סביבה זיינען טאַקע פאָרגעקומען אָנפאַלן אויף יידן. אַזוי ווי מען האָט אויך דערוואַרטעט אַן אָנפאַל אין קראָקע, האָבן די פאַרשטייער פון די קראָקעווער יידן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג, און אין אַ דעקרעט פון 1530 האָט זיגמונד אין שטרענגע ווערטער אויסגעדריקט זיין צאָרן קעגן די אָנפאַלער און מודיע געווען, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס וועלן באַשטראָפט ווערן מיט טויט־שטראָף און מיט קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן. כדי צו באַרואיקן די יידן, האָט דער קעניג געהייסן נעמען ביי די איינוואוינער פון קראָקע אַ קויציע פון 10 טויזנט גריוועניקעס, ווי אַ גאַ־ראַנטיע פאַר דער רואיקייט און זיכערקייט אין שטאָט.

נאָר פון איין צרה האָט זיגמונד נישט געקאָנט באַפרייען די יידן: פון דעם אַפּעטיט פון די באַאַמטע צו נעמען געלט ביי יידן. סיי די העכערע באַאַמטע, סיי די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע פלעגט נעמען שוחד און באַ־רייסן די באַפעלקערונג. אפילו זיגמונדס צווייטע פרוי, די איטאַליענערן באָנאַ, פלעגט פאַר געלט פאַרקויפן די העכערע רעגירונגס־שטעלעס. דער קרוין־מאַרשאַל און קראָקעווער וואָיעוואָדע פּעטער קמיטאַ, אַ פאַוואָריט פון דער קעניגן, פלעגט נעמען כאַבאַר סיי ביי די קריסטלעכע סוחרים, סיי ביי די יידישע, וואָס פלעגן איינע אויף די אַנדערע זיך באַקלאָגן, און

סיי די קריסטן סיי די יידן פלעגט ער צוזאָגן, אַז ער וועט פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן פאַרן קעניג אָדער סיים.

אין 1530 איז די שליאַכטע אויף די פוילישע סיימען אַרויסגע־טראָטן קעגן יידן, און די יידן־פראַגע איז געוואָרן אַ טעמע פון הייסע דע־באַטן. די פוילישע שליאַכטע איז געווען זייער אויפגעבראַכט דערויף, וואָס מען פאַרקויפט די יידישע פינאַנציסטן די מלוכה־שטייערן און אָפּצאָלונ־גען, אַזוי אַז יידן פאַרדינען פיל געלט און אויסער דעם ווערן זיי דאַדורך מקורבים צום הויף און רייסן זיך אַריין צווישן די מיוחסים־אַדעליקע. די שטאָטישע בירגער, ווידער, האָבן געוואָלט מען זאָל באַגרענעצן די יידן אין האַנדל, און די גייסטלעכע האָבן בכלל מורא געהאַט, אַז יידן זאָלן נישט ווערן קיין קראַפט. אין פעטריקאָווער סיים פון 1538 האָט די יידן־פיינט־לעכע פאַרטיי געפירט איר אַגיטאַציע מיט גרויס דערפאָלג. זיי האָבן דורכגעפירט אַ „קאָנסטיטוציע" מיט אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג וועגן יידן, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז די אָפּקויפער פון די מלוכה־שטייערן דאַרפן זיין נאָר אַדעליקע און קריסטן, אַז יידן טאָרן בכלל נישט צוגעלאָזט ווערן צו קיין בכבודיקע שטעלעס צווישן קריסטן, אַז יידן פאַרלירן דאָס רעכט פון האַנדל אומעטום, נאָר אין יעדן אָרט באַזונדער קאָנען זיי האַנדלען מיט אַ דערלויבעניש פון קעניג, אָדער מאַגיסטראַט, און אין די דערפער ווערט זיי אין גאַנצן פאַרבאָטן צו האַנדלען. אָבער נאָך שענדלעכער און באַליי־דיקנדיקער איז געווען דער באַשלוס פון דעם סיים, אַז יידן זאָלן ווידער אָנהייבן טראָגן באַזונדערע צייכנס אויף די מלבושים, אַזוי אַז מען זאָל זיי קאָנען אונטערשיידן פון די קריסטן. אויף אַזאַ אופן האָט דער פעטריקאָ־ווער סיים זיך אומגעקערט צו די מיטלאַלטערלעכע פינצטערע מיינונגען און געוואוינהייטן.

אָבער פון אַלע פונקטן פון דער „קאָנסטיטוציע" פון 1538 האָט פאַר יידן געהאַט אַן ערנסטן רעזולטאַט נאָר דער ערשטער: וועגן אָפּנעמען ביי זיי דעם אָפּקויף פון מלוכה־שטייערן. עס זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן געוויסע באַגרענעצונגען פאַרן יידישן האַנדל, אָבער דער פונקט וועגן באַ־זונדערע צייכנס אויף די יידישע מלבושים איז געווען נישט מער ווי אַ דעמאָנסטראַציע, ווייל אין דער צייט, ווען יידן האָבן שוין געשפּילט אַזאַ אָנגעזעענע ראָל אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד, איז פּשוט געווען אוממעג־לעך דורכצופירן אַזאַ מיטלאַלטערישע גזירה.

די קלעריקאַלן האָבן בכלל דעמאָלט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און גע־פירט אַ גרויסע אַגיטאַציע קעגן יידן. פּונקט צו יענער צייט האָט אין פּוילן אָנגעהויבן וואַקסן אַן אפּיקורסישע סעקטע, וואָס האָט אָפּגעלייקנט די קריסטלעכע דאָגמע פון דריי־איינציקייט, און דעריבער זיינען די גייסטלע־כע געוואָרן אָפּגעשראָקן און אומעטום האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז יידן פירן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן קריסטנטום און פיל קריסטן וועלן איבערגיין צום יידנטום. אַז עפּעס אמת איז געווען אין דער מורא, באַווייזט פאָלגנ־דיקער פאַקט: איינע אַן אַלטע קאַטאָליקן אין קראָקע, די פרוי פון אַ ראָט־מאַן, יעקאַטערינע מאַלכעראָוואַ זאַליעשקאָווסקאַ, איז באַשולדיקט גע־וואָרן, אַז זי לייקנט אין די הויפּט־פּרינציפּן פון קריסטנטום און וויל אי־בערגיין צו דער יידישער רעליגיע. דער קראָקעווער בישאָף האָט זיך באַ־מיט זי אומצוקערן צוריק צו דער קירך, אָבער יעקאַטערינאַ איז געווען פאַרעקשנט אין איר אפּיקורסות און דעריבער האָט מען זי געמשפּט און פאַרמשפּט צום טויט. די אומגליקלעכע האָט מען עפנטלעך פאַרברענט אויפן קראָקעווער מאַרק (1539). אָט ווי אַ פּוילישער שריפטשטעלער, וואָס האָט מיט זיינע אויגן צוגעזען דעם משפט, באַשרייבט דאָס: „דער קסיאָנדז גאַמראַט, קראָקעווער בישאָף, האָט צונויפגעזאַמלט אַלע קאַנאָני־קער און קאָלעגיאַטן אויף אויסצוהערן איר „אני מאמין". ווען מען האָט איר געפרעגט, צי זי גלייבט אין דעם אַלמעכטיקן גאָט, דעם באַשאַפער פון הימל און ערד, האָט זי געענטפערט: „איך גלויב אין דעם גאָט, וועלכער האָט באַשאַפן אַלץ, וואָס מיר זעען ,און וואָס מיר זעען נישט, וועלכן דער מענטשלעכער שכל קען נישט משיג זיין, וועלכער גיסט אויס זיינע חסדים אויף אונדז, מענטשן, און אויף אַלץ אין דער וועלט!". ווען מען האָט זי ווידער געפרעגט, צי זי גלויבט אין קריסטוסן, האָט זי געענטפערט: „גאָט האָט נישט געהאַט קיין ווייב און נישט קיין זון און ער האָט דאָס אויך נישט געדאַרפט, ווייל זין דאַרף נאָר דער, וואָס וועט אַמאָל שטאַרבן, און נישט דער, וואָס לעבט אייביק, און אַזוי ווי גאָט איז קיין מאָל נישט גע־בוירן געוואָרן, אַזוי וועט ער קיין מאָל נישט שטאַרבן. אונדז רעכנט ער פאַר זיינע זין, און גאָטס זין זיינען אַלע, וואָס גייען אין זיינע וועגן". מען האָט געפּרואווט איינטענהן מיט איר, באַווייזן איר דעם „טעות", אַרויפוואַרפן אויף איר אַ שרעק, אָבער וואָס מער מען האָט מיט איר איינגעטענהט, אַלץ פאַרעקשנטער איז זי געבליבן ביי איר „זשידאָווס־

קער״ רעליגיע. דאַן האָט מען זי געמוזט פאַרמשפּטן צום פאַרברענען, און דער היסטאָריקער פון יענער צייט דערציילט: „זי איז געגאַנגען צום טויט, פונקט ווי מען גייט אויף אַ חתונה״.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין פיל ערטער פון פוילן האָבן פיל קריסטן אָנגענומען דאָס יידישע גלויבן, זיך מל געווען און אַרויסגעפאָרן קיין ליטע, וואו זיי באַהאַלטן זיך ביי די דאָרטיקע יידן. ווען מען האָט וועגן דעם מודיע געווען דעם קעניג, האָט ער אַרויסגעשיקט קיין ליטע צוויי קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן געדאַרפט מאַכן אַ שטרענגע אויספאָרשונג (1539). די קאָמיסאַרן האָבן אין ליטע נישט אַנטדעקט קיין פּאָליאַקן־גרים, נאָר דערווייל האָבן יידן פיל געליטן, ווייל די קאָמיסאַרן האָבן אַרעסטירט פיל יידן, זיך אַריינגעריסן אין די יידישע הייזער און אָפּגעשטעלט די רייזנדיקע. איידער עס האָט זיך נאָך פאַרענדיקט די אויספאָרשונג, איז קעגן די ליטווישע יידן שוין אַרויסגע־שטעלט געוואָרן אַ נייע באַשולדיקונג, אַז פיל פון זיי שטייען כלומרשט אין פאַרבינדונגען מיט דעם טערקישן סולטאַן און ווילן צוזאַמען מיט די גרים אַרויספאָרן קיין טערקיי. דער אַלטער קעניג זיגמונד האָט, ווי עס ווייזט אויס, געגלויבט אין די בבא־מעשות, און אין אַ בריוו צום קאַנצ־לער האָט ער געשריבן: „דאָס פאַריקע יאָר האָבן צוויי אונדזערע אונ־טערטאַנען דערציילט, אַז פיל קריסטן זיינען געמלט געוואָרן דורך יידן. היי־יאָר איז צו אונדז געקומען איינער אַ ייד, בשעת מיר זיינען געווען אין ווילנע, און דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אין וואַלאַכיע האָט ער געזען הונדערטער געמלטע קריסטן, וועלכע מען האָט געפירט פון פוילן דורך דער גרענעץ קיין טערקיי. די קריסטן, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע פרויען און קינדער, האָבן די יידן שרעקלעך געשלאָגן. אויך האָבן די יידן געשריבן דעם סולטאַן און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר אונדז, מיר זאָלן דערלויבן אַרויסצופאָרן די יידן און באַזעצן זיך אין טערקיי. דער סולטאַן האָט זיי געענטפערט דאָס ווייטער־דיקע: עס איז לחלוטין איבעריק אַריינצוטרעטן אין אונטערהאַנדלונגען מיט דעם פוילישן קעניג, ווייל איבער אַ יאָר וועל איך מיט מיין אַרמיי קומען קיין פוילן און זיך אָפּרעכענען מיט די פּאָליאַקן, ווי איך האָב זיך אָפּגערעכנט מיט די אונגאַרן, און וועל באַזעצן אין מיין מלוכה נישט בלויז די יידן, נאָר אויך די קריסטן. נאָך דער דערציילונג און נאָך דער

באַשטעטיקונג פון איינעם אַן אַרמעניער, מיט וועלכן מיר פירן אַ קאָרעס־פּאָנדענץ, אַז אין בענדער האָט ער געזען שטיין פופצן יידישע פורן פול מיט חפצים, וואָס מען האָט איבערגעפירט דורך אונדזער גרעניץ קיין טערקיי, — קענען מיר שוין מער נישט שווייגן אאז״וו״.

דער קעניג האָט געהייסן מאַכן אַ נייע אויספאָרשונג, וועלכע האָט ווידער אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די יידן און זיי געבראַכט פיל מאַטע־ריעלן שאָדן. דאָן האָבן די יידן דערשפּירט אַ סכנה פאַר זיך און פון פיל שטעט זיינען אַרויסגעפאָרן דעפּוטאַציעס צום קעניג, וועלכן זיי האָבן פייערלעך פאַרזיכערט, אַז די אַלע באַשולדיקונגען זיינען נישט מער, ווי אַ פּרעכער בלבול, אַז יידן זיינען ווייטער געטריי דעם קעניג, טראַכטן נישט וועגן אַרויספאָרן קיין טערקיי און האָבן קיין קריסטן נישט געמאַכט פאַר יידן. די דערקלערונג פון דער דעפּוטאַציע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער אָפיציעלער אויספאָרשונג און זיגמונד האָט דאָן דערקלערט יידן פריי פון יעדן חשד און זיי געגעבן דאָס וואָרט, אַז אויף ווייטער וועט מען יידן שוין נישט באַשולדיקן אויפן גרונט פון קלאַנגען און נישט־קאָנטראָלירטע בלבולים. וועגן דעם האָט דער קעניג אַרויס־געגעבן די יידן אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע, אין ווילנע, אין 1540.

די קאַטוילישע גייסטלעכע האָבן אָבער דאָך נישט אויפגעהערט פירן זייער אַגיטאַציע קעגן יידן, און ווען זיי האָבן געזען, אַז מיט די רעדעס פון די קירכע־טריבונעס קענען זיי ווינציק אויפטון, האָבן זיי אָנ־געהויבן פירן זייער אגיטאַציע אין דער ליטעראַטור און אַרויסגעלאָזט אַ ריי אַנטיסעמיטישע ווערק אין גייסט פון מיטלאַלטער. דער פּוילישער סינאָד פון 1542 האָט פאַרעפנטלעכט די ווייטערדיקע „קאָנסטיטוציע״ וועגן יידן: „היות מ׳נעמט אין אַכט, אַז די פיל יידן, וואָס זיינען אַרויס־געטריבן געוואָרן פון אַלע דערבייאיקע מלוכות און אַריינגעלאָזט געוואָרן קיין פוילן, מישן אויס דאָס הייליקע מיט דעם אומגלויביקן און זיינען זייער געפערלעך פאַר די קריסטן און פאַר דער קירך, האָט דער סינאָד באַשלאָסן: 1) כדי עס זאָל נישט פאָרקומען נאָך עפּעס ערגערס דאַדורך, וואָס יידן וועלן זיין קאָנצענטרירט אין אַ געוויסן אָרט, דאַרף דער סינאָד זיך משתדל זיין פאַרן קעניג, אַז אין דער גנעזענער פּראָווינץ און הויפּט־זעכלעך אין קראָקע זאָל פאַר יידן איינגעפירט ווערן אַ באַשטימטע נאָר־מע, דהיינו אַזוי פיל, וויפיל דער ראַיאָן קען אין זיך אַריינעמען; 2) אַז

אין די איבעריקע ערטער, וואו יידן טאָרן שוין פון אַלטע צייטן נישט וואוינען, זאָל מען זיי ווייטער נישט דערלויבן צו באַזעצן זיך און צו קויפן קריסטלעכע הייזער, און די שוין געקויפטע הייזער זאָלן זיי מוזן צוריק פאַרקויפן די קריסטן; 3) אַז די נייע שולן, אויך די, וואָס זיינען אין קראָקע געבויט, זאָל מען צעשטערן; 4) אַזוי ווי די קירך טאָלערירט יידן נאָר ווי אַן אָנדענק וועגן די יסודים פון קריסטטוסן, דאַרף אויף קיין פאַל נישט דערלאָזט ווערן, אַז זייער צאָל זאָל זיך פאַרגרעסערן. לויט די באַשלוסן פון די הייליקע געזעצן ווערט זיי דערלויבט נאָר צו פאַרריכטן די אַלטע שולן, אָבער נישט בויען נייע. ווייטער גייען נאָך 7 פונקטן: וועגן פאַרבאָטן יידן צו האַלטן ביי זיך קריסטלעכע דינערשאַפט, צו פאַרנעמען שטעלעס ווי גוט־פאַרוואַלטער ביי די פריצים, האַנדלען אין די קריסטלעכע ימים־טובים אאז״וו. פון דעם גאַנצן אַנטיסעמיטישן פּלאַן איז פאַקטיש גאָרנישט געוואָרן, ווייל דער קעניג האָט אים נישט באַשטעטיקט, אָבער דערפאַר איז די דאָזיקע „קאָנסטיטוציע״ געוואָרן דער וועג־ווייזער פון די קלעריקאַלישע גייסטלעכע אויף אַ לאַנגער צייט און איז ביסלעכווייז אַריינגעדרונגען אין דעם באַוואוסטזיין פון פאָלק ווי אַ פּראַקטישער מוסטער אין דער פּאָליטיק בנוגע די יידן.

צוליב די רדיפות. און אָנפאַלן, האָבן פיל יידישע הענדלער פאַרלאָזט די גרויסע שטעט און זיך באַזעצט אין די קליינע שטעט און אין די דערפער, וואָס האָבן געהערט צו די מאַגנאַטן און שליאַכטעס. פון דעמאָלט אָן זיינען פיל יידן איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער שליאַכטע, געלעבט אונטער איר שוץ, אָבער אויך געוואָרן אירע קנעכט. צווישן דעם קעניג און דער שליאַכטע האָט שוין פון לאַנג זיך געפירט אַ קאַמף און איינער פון די הויפּט־פונקטן איז געווען די רייסעניש צוליב יידן. די שליאַכטע איז נישט געווען צופרידן מיט דעם געזעץ, לויט וועלכן די יידן קענען וואוינען נאָר אין די קעניגלעכע שטעט, און נישט אין די דערפער און קליינע שטעטלעך, וואָס געהערן צו די אַדעליקע און שליאַכטע. נאָך לאַנגע וכוחים און רייסענישן האָט די שליאַכטע מנצח געווען און דער אַלטער קעניג זיגמונד האָט אין 1539 געזאָגט אין סיים: „די שליאַכטע פון אונדזער קעניגרייך פאַרלאַנגט, אַז זי אַליין זאָל האָבן די גאַנצע נוצן פון די יידן, וואָס וואוינען אין די שטעטלעך, דערפער און הויפן, און משפטן די יידן מיט זייער געריכט. דערויף ענטפערן מיר:

אויב די יידן אַליין זײַנען מוחל אויף דער פּריווילעגיע צו געמשפּט ווערן אין זייער אייגן געריכט און אויף די פּריווילעגיעס, וועלכע עס האָבן זיי געשאָנקען אונדזערע עלטערן די מלכים און וואָס זײַנען באַשטעטיקט געוואָרן אויך דורך אונדז, — זײַנען זיי דערמיט אויך מוחל אויף דער באַשיצונג אונדזערע, און מיר וועלן שוין מער פון זיי קיין נוצן נישט האָבן, און דעריבער האָבן מיר נישט קיין גרונט צו טון זיי מיט גע־וואַלד טובות און מיר האָבן שוין נישט קיין פליכט צו באַשיצן זיי". די יידן זײַנען פּאָרלויפיק געווען צופרידן מיט דעם געזעץ, ווייל די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין די שליאַכטישע דערפער און שטעטלעך, זײַנען דערמיט פּטור געוואָרן פון דעם שטאָטישן געריכט, וואָס האָט זיך צו זיי אָפּט באַצויגן פײַנטלעך, פּטור געוואָרן פון די רדיפות פון די צעכן און מאַגיסטראַט און דערבײַ אויך געהאַט שיין פּרנסה. די שליאַכטישע שטעטלעך און גיטער זײַנען געוואָרן איבערפּולט מיט יידישע געוועלב־לעך, אַכסניות, שענקען, און דער ייד איז דאָרט געווען אין גאַנצן פרײַ, אויב נאָר ער האָט געוואוסט, ווי אַזוי אונטערצולעקן זיך צום „פּריץ" און בײַ אים נושא־חן זײַן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון די יידי־שע אַרענדאַרן, ישובניקעס און שענקער און צוזאַמען דערמיט האָט זיך אַנטוויקלט דער טיפּ פון יידישן „מה־יפיתניק", וואָס האָט קנעכטיש גע־דינט דעם פּריץ, און דאָס האָט געהאַט וויכטיקע רעזולטאַטן אין די שפּע־טערדיקע דורות, אין משך פון 300 יאָר. דער ייד איז געוואָרן באַזונ־דערס אונטערטעניק פאַרן פּריץ אין דער צײַט פון סיגיזמונד דעם צווייטן.

סיגיזמונד אויגוסט דער צווייטער (1548 — 1572), דער טראָן־פאַרטרעטער פון סיגיזמונד דעם ערשטן, אַ געבילדעטער און פּראַגמע־סיווער, האָט זיך באַצויגן צו יידן טאָלעראַנט און ליבעראַל. מיט דער זעלבער טאָלעראַנץ האָט ער זיך באַצויגן בכלל צו אַלע רעפאָרמאַטאָרן און פרעמד־גלויביקע. אין ערשטן יאָר פון זײַן קעניגן האָט ער לויט דער ביטע פון יידן באַשטעטיקט אויפן גענעראַל־סיים אין פּעטריקאָוו דעם אַלטן ליבעראַלן סטאַטוט פון קאַזשימיר דעם פערטן. סיגיזמונד־אויגוסט האָט אָבער אויך באַדייטנדיק פאַרברייטערט די אויטאָנאָמיע פון די יידי־שע געמיינדעס. די רבנים און קהל־פירער האָט ער געגעבן ברייטע יורי־דישע און אַדמיניסטראַטיווע רעכט, אפילו אויפן אַלגעמיינעם געריכט פון די וואָיעוואָדעס, ווען אַ ייד האָט געהאַט אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט.

האָבן געמוזט זיך געפינען יידישע „סעניאָרן“, ד״ה אויסגעוויילטע פאָר־שטייער פון קהל.

די באַציאונגען צווישן יידן און דעם „דריטן קלאַס“, די שטאָטישע בירגער, האָבן זיך נישט געביטן צום גוטן בעת דעם קעניגן פון סיגיז־מונד־אויגוסט, נאָר דערפאַר זיינען זיי געוואָרן מער קלאָר, מער נאָר־מירט. די באַציאונגען צווישן די צוויי קאָנקורענטן, די יידן און די מאַ־גיסטראַטן, זיינען רעגולירט געוואָרן דורך ספּעציעלע אָפּמאַכן און קאָנ־טראַקטן. אין די דאָזיקע אָפּמאַכן פלעגט דייטלעך אויסגערעדט ווערן, אין וועלכע ערטער די יידן מעגן וואוינען און זיך פאַרנעמען מיט האַנדל; אין פּויזן איז אפילו פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרגרעסערן די צאָל יידישע הייזער העכער פון אַ באַשטימטער נאָרמע — 49, און צוליב דעם האָט מען אין געטאָ געמוזט בויען הויכע פילשטאָקיקע הייזער. אין אַנדערע שטעט האָט מען יידן נישט דערלאָזט צו באַזעצן זיך, און פאַר די, וואָס האָבן שוין זיך באַזעצט, אָפּגעטיילט ספּעציעלע קוואַרטאַלן, וויט פון צענטער, אָדער מען האָט זיי אין גאַנצן נישט אַריינגעלאָזט און נאָר דער־לויבט די סוחרים צו קומען אויף עטלעכע טעג צוליב געשעפט. דאָך אין פיל שטעט, וואו דער קעניג האָט דאָס געפונען נוצלעך פאַר דעם האַנדל און פאַר דער מלוכה, האָט מען יידן דערלויבט פריי וואוינען און געגעבן גלייכע רעכטן מיט די איבעריקע איינוואוינער. אין אייניקע ערטער האָט דער קעניג אפילו פאַרבאָטן, אַז די וועכנטלעכע ירידים זאָלן פאָרקומען שבת, כדי דערפון זאָלן נישט ליידן די אינטערעסן פון די יידן.

אין אַלגעמיין האָבן די פשרות און אָפּמאַכן צווישן די יידן און די מאַגיסטראַטן זיך שטענדיק געענדיקט לטובת די לעצטע. אַלע שטעט האָבן זיך באַמיט מיט אַלע מיטלען צו באַגרענעצן דעם יידישן האַנדל און עס איז כמעט נישט פאָראיבער קיין יאָר אָן נייע באַגרענעצונגען און רדיפות. נאָר אויב מיט אַלע קלאַסן האָבן יידן דאָך געקענט ווי עס איז דורכצוקומען, אַמאָל דורך גוטן ווילן, אַמאָל דורך „פשרות“ און אָפּמאַכן, זיינען די קאַטוילישע גייסטלעכע געבליבן פאַרעקשנטע יידישע שונאים. די דאָזיקע אַלטע יידישע שונאים האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווען פון רוים, פון אינקוויזיטאָרישן פּויפּסט פּאַאול דעם פערטן איז געגעבן גע־וואָרן אַ סיגנאַל אָנצוהויבן אַ קאַמף מיט די „אומגלויביקע“. אין 1550 איז קיין קראָקע געקומען דער שליח פון פּויפּסט ליפּאָמאַנאָ, וועלכער

האָט געדאַרפט מחזיר למוטב זיין די פאַרפירטע פוילישע אַדעליקע, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען אָנהענגער פון לוטערס לערע. ווען אים האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן אַרויפצופירן אויפן גוטן וועג די אַפּיקורסי־שע אַדעליקע, וואָס האָבן אויפגעהערט בלינד גלייבן אין פויפסט, האָט ליפּאָמאַנאָ זיך גענומען צום אַלטן מיטל: מאַכן אַ בלבול אויף יידן און אַרויסרופן אַ פּאָגראָם. אין יענער צייט איז איינע אַ קאַטוילישע פרוי דאָראָטאָ לאַזשענצקאַ פון סאָכאַטשאָוו געוואָרן באַשולדיקט, אַז זי האָט אָוועקגעגעבעט די האָסטיע און דאָס פאַרקויפט די יידן, וועלכע האָבן אַזוי לאַנג געשטאָכן דאָס הייליקע ברויט, ביז פון אים האָט אָנגעהויבן רינען בלוט. לויט דער פאַראָרדענונג פון כעלמער בישאָף האָט מען אַרעס־טירט דריי יידן, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין דעם פאַרברעכן, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיי פאַרמשפט צום טויט. ווען דער קעניג האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער תיכף פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אַרויסלאָזן פריי די אַרעסטירטע יידן. אָבער דער בישאָף האָט בכיון זיך אונטערגעאיילט און אויפן גרונט פון אַ געפעלשטן פאַפּיר אַין נאָ־מען פון קעניג האָט מען די אומגליקלעכע לעבעדיקערהייט פאַרברענט נאָך איידער עס איז אָנגעקומען די ווירקלעכע פאַראָרדענונג פון קעניג. „איך ווער אויפגערעגט ביז גאָר — האָט דער קעניג געזאָגט, ווען ער איז געוואָר געוואָרן וועגן דעם —ביים געדאַנק וועגן דער מערדעריי און איך וויל נישט, מען זאָל מיך האַלטן פאַר אַזאַ חסר־דעהדיקן וואָס גלייבט, אַז פון אַ דורכגעשטאָכענער האָסטיע קען רינען בלוט". די דאָזיקע געשיכטע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפ־רעגונג אין די פּראָטעסטאַנטישע קרייזן, ווייל מען האָט נישט געקענט גלייבן אין די בבא־מעשות וועגן דער האָסטיע, אָבער די יידנפיינטלעכע פאַרטיי האָט דערווייל אויסגענוצט דעם סאָכאַטשאָווער פּראָצעס אויף אַגיטאַציע קעגן יידן.

צו קיין אַלגעמיינע רדיפות אויף יידן אין פוילן איז עס נישט גע־קומען. נאָך אַלע באַגרענעצונגען און איינצלעכע רדיפות איז דער מסחר דאָך הויפּטזעכלעך געבליבן אין די יידישע הענט. נאָר די יידנפיינטלעכע אַגיטאַציע האָט דאָך אויפגעטון דאָס איריקע. אין 1564 איז אין ביעלסק אויסגעפּירט געוואָרן טויט־שטראָף אויף אַ יידן, וואָס איז אומ־שולדיק פאַרמשפט געוואָרן פאַר דערמאָרדן אַ קריסטלעך קינד. און אין

ליטווישן סטאַטוט פון 1566 זיינען אַריינגענומען געוואָרן פיל באַגרע־נעצונגען קעגן יידן, ווי דער פאַרבאָט צו קליידן זיך, ווי קריסטן, און בכלל שיין קליידן זיך, האָבן ביי זיך קריסטלעכע דינערשאַפט, פאַרנע־מען שטעלעס אין קריסטלעכע געזעלשאַפטן און נאָך אַנדערע. די אַלע פאַרבאָטן האָבן געשטאַמט פון דער שליאַכטע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די קלעריקאַלישע גייסטלעכע, און דער קעניג האָט זיך באַמיט אָפּצושוואַכן די גזירות און ווי ווייט מעגלעך באַשיצן די יידן. פון דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן פוילישן קעניג סיגיזמונד־אויגוסט און דאָן יוסף נשיא אין טערקיי, איז צו זען, אַז דאָן יוסף האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן קעניג וועגן די פוילישע יידן, און דער קעניג האָט אים צוגעזאָגט זיי צו באַשיצן. אויך די יידישע דאָקטוירים אין קע־ניגלעכן הויף האָבן זיך באַמיט אויסצונוצן זייער איינפלוס לטובת יידן. אַזעלכע יידן, ווי ר' שלמה אַשכנזי און שמעון גינצבורג, זיינען געווען גרויסע חשובים אין קעניגלעכן הויף און אָפּטמאָל צו נישט געמאַכט די פּלענער פון די יידנפיינט. צו שוואַך איז געווען די מאַכט פון קעניג, אַז ער זאָל קענען ענערגיש אַרויסטרעטן קעגן דער שליאַכטע און די גייסט־לעכע, נאָר ער האָט געטון וואָס עס איז מעגלעך. כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער אַגיטאַציע און בלבולים אויף יידן, האָט דער קעניג אַרויסגעגעבן צוויי באַפעלן, אין וועלכע ער האָט שטרענג פאַרבאָטן דער דאָרטיקער מאַכט צו פאַרפירן פּראָצעסן קעגן יידן, ער האָט דערמאָנט, אַז לויט די אַלטע פּריווילעגיעס קען מען באַשולדיקן אַ יידן אין אַ ריטועלער דער־מאָרדונג נישט אַנדערש, ווי אַז עס זיינען דאָ פיר קריסטלעכע און דריי יידישע עדות דערויף, און אַז אַזעלכע פּראָצעסן דאַרפן באַטראַכט ווערן נאָר אין קעניגלעכן געריכט.

אין גיכן איז ליטע פאַראייניקט געוואָרן מיט קרוין־פּוילן אונטערן נאָמען די „לובלינער וניע“ (1569) און ליטע האָט אויפגעהערט עקזיס־טירן ווי אַ באַזונדערע מלוכה. אין דריי יאָר אַרום איז געשטאָרבן סיגיז־מונד־אויגוסט און צוזאַמען מיט אים איז אונטערגעגאַנגען די דינאַסטיע פון די יאַגעלאָנען. פּוילן איז געוואָרן אַ מין מאָנאַרכיסטישע רעפּובליק, וואו די מלכים ווערן אויסגעוויילט פון פאָלק אָדער פון אַנדערע לענדער, און פון דעמאָלט הייבט זיך אָן פאַר פּוילן אַ נייע עפּאָכע, וואָס האָט גע־האַט וויכטיקע רעזולטאַטן אויך פאַר יידן.

די ליטווישע יידן האָבן קיין סך נוצן נישט געהאַט פון דער איבער־קערעניש. פאַר דער אוניע, ווען די פוילישע קיסרים זיינען נאָר געווען גרויספירשטן פון ליטע, זיינען יידן געווען מער נוצלעך און דעריבער מער געשיצט געוואָרן דורך די קעניגן. אין ליטע האָבן נאָך די אַדעליקע געשפּילט אַ קליינע פּאָליטישע ראָל, די מאַכט פון קעניג איז דאָרט גע־ווען פיל שטאַרקער, איידער אין פוילן, וואו דער קעניג האָט געהאַט קעגן זיך די קאָנקורענץ פון די אַדעליקע. און כדי צו פאַרפעסטיקן די דאָזיקע מאַכט זיינע, האָט דער קעניג זיך געשטיצט אויף די קלאַסן, וואָס שטייען צווישן דער שליאַכטע און די פּויערים, ד״ה אויף די „מיעשטשאַנעס״ און יידן, אויף וועלכע ער האָט געקוקט, ווי אויף זיינע טרייע אונטערטאַ־נען און פעסטע שטיצער. נאָך דער אוניע האָט זיך די לאַגע אין גאַנצן געביטן. די ליטווישע פירשטן, ווי ראַדזיוויל, טשאַרטאָריזשסקי און אַנ־דערע, האָבן געהאַט אַ גרויסע מאַכט און געוואָרן כמעט ווי מלכים. אַנ־דערע מאַגנאַטן, מיט ווינציקער יחוס און רייכטום, האָבן זיך אויך גע־סטאַרעט צו דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה. נאָך זיי איז געגאַנגען די שליאַכטע, וואָס איז געוואָרן פון דאַן אָן אַ ווערקצייג און טרייע דינערן פון די מאַגנאַטן. אויף אַזאַ אופן האָבן די גאַנצע מאַכט אין לאַנד גע־האַט די אַדעליקע, און די קעניגלעכע מאַכט איז געווען נישט מער, ווי אַ שאָטן. דער קעניג האָט דעריבער שוין מער נישט געקענט און אויך נישט געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַשיצן די יידן, וואָס זיינען אים מער שוין נישט געווען נוצלעך. פון דער צווייטער זייט האָבן אָבער די יידן פאַרלויפיק אויך עפּעס געוואונען פון דער איבערקערעניש אין לאַנד. מיט דער פאַרגרעסערונג פון די אַדעליקע און זייער מאַכט האָט זיך אויך פאַר־גרעסערט דער יידישער ישוב אין ליטע. יעדער אַדעליקער האַלט פאַר זיין חוב צו גרינדן פאַר זיין טובה ווען אַ יידישן ישוב, די „שררות״ בוי־ען געוועלבער, ווערקשטאַטן, שענקען, און פאַרדינגען דאָס יידן. בכלל האָט זיך פאַר יידן דאַן געעפנט אַ קוואַל פון פּרנסה און מסחר, מלאכה און אין אַרענדע. יעדער יידישער ישוב, וואָס איז געבויט געווען דורך די פירשטן און אַדעליקע, איז געשטאַנען אונטער זייער שוץ. די אַדעליקע דערלויבן דאָרט בויען הייזער, שולן, זיך באַזעצן אין די ערטער, וואו יידן האָבן פריער נישט געטאָרט וואוינען, און דאָס אַלץ ווערט געטון, נישט אָנפרעגנדיק זיך ביים קעניג, ווייל דער אַדעליקער האָט די גאַנצע מאַכט

און קען טון אַלץ, וואָס ער וויל. אויף אַזאַ אופן האָט די ליטווישע אוניע געהאָט די מעלה פאַר יידן, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אונטערן שוץ פון די אַדעליקע און געווען זיכער מיט זייער לעבן און גוטס. אָבער דאָס האָט געקענט דויערן נאָר כל זמן די יידן זיינען געווען נוצלעך און נייטיק פאַרן „פריץ" און דעריבער איז די יידישע לאַגע קיינמאָל נישט געווען קיין פעסטע און איז געווען אָפּהענגיק פון די אַרומיקע אומשטענדן און פון יעדער מינדסטער איבערקערעניש אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

נאָכן טויט פון סיגיזמונד־אויגוסט איז פאַר קעניג פון רע־פּובליקאַנישן פּוילן נאָך לאַנגע רייסענישן צווישן דער שליאַכטע אויס־געקליבן געוואָרן הענריק וואַלואַ, דער ברודער פון פראַנצויזישן קעניג קאַרל דעם ניינטן (1577). דער דאָזיקער קעניג, הגם ער איז אויסגע־ווײלט געוואָרן מיט דער השתדלות פון ר' שלמה אַשכנזי, איז געווען פול מיט שנאה צו יידן, און ווען ער איז אָנגעקומען קיין פּוילן איז ער באַלד אַריינגעטראָטן אין אונטערהאַנדלונגען מיט די גייסטלעכע אָנ־פירער וועגן נעמען זיך צו יידן און אָנהייבן קעגן זיי אַ גאַנצע ריי רדי־פות. צום גליק פון די יידן האָט דער דאָזיקער קעניג לאַנג זיך נישט געהאַלטן אין פּוילן, ווייל אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום איז זיין ברודער קאַרל געשטאָרבן און הענריך איז געהיים אַנטלאָפן פון פּוילן קיין פראַנק־רייך, כדי צו ירשענען דעם פראַנצויזישן טראָן. ווי פּוילישער קעניג איז אויסגעוויילט געוואָרן סטעפאַן באַטאָרי (1576 — 1586), אַ מוטיקער און געבילדעטער מאַן. זיין קעניגן האָט באַטאָרי אָנגעהויבן מיט עטלעכע אַקטן פון גערעכטיקייט בנוגע צו יידן. ער האָט צוערשטנס אַרויסגעגעבן צוויי באַפעלן, אין וועלכע ער האָט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו באַשולדיקן יידן אין דערמאָרדן קריסטלעכע קינדער און פאַרשוועכן די קריסטלעכע הייליקטימער, נאָר ער איז נאָך געגאַנגען ווייטער און זיך באַמיט דורכצו־פירן דעם פרינציפּ פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. ביים באַשטעטיקן די אַלטע יידישע פּריווילעגיעס, האָט דער ליבעראַלער קעניג זיי נאָך פאַרברייטערט דורך נייע רעכטן, איבערהויפּט אין פרייהייט פון האַנדל. ער האָט באַפוילן די וואָיעוואָדעס צו באַשיצן די אינטערעסן פון די יידן קעגן די צעכן און מאַגיסטראַטן, וואָס ווענדן אָן אַלע מיטלען צו באַגרע־נעצן יידן אין האַנדל און אין האַנטווערק. ער האָט אויך אָפּגעשאַפט די אַלטע גזירה אויף די פּויזנער יידן, וועלכע עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו

האָבן הייזער העכער פון אַ באַשטימטער נאָרמע, און האָט זיי דערלויבט צו דינגען געוועלבער אין אַלע פּונקטן פון שטאָט און אַפילו האַנדלען אין די קריסטלעכע ימים־טובים. די מאַגיסטראַטן האָבן באַקומען אַ שטרענגען באַפעל צו באַשיצן די יידן קעגן די אָנפאַלן פון די קריסטלעכע סוחרים. נאָר אין דער צייט, ווען באַטאָרי האָט אָפּגעהיט בנוגע צו יידן די אַלטע טראַדיציעס פון דער ליבעראַלער עפּאָכע, האָבן אין דער פּוי־לישער געזעלשאַפט שוין עקזיסטירט די אידייען פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, קעגן וועלכער דער קעניג איז נישט אומשטאַנד געווען צו קעמפן. די אַלע פאַראָרדענונגען פון קעניג האָבן נישט געקענט פאַר־היטן פון איינצלנע קאַטאַסטראָפעס, און שוין דריי חדשים נאָך דעם, ווי באַטאָרי האָט אַרויסגעגעבן זיין באַפעל צו די מאַגיסטראַטן וועגן שיצן יידן, איז אין פוזן פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט עטלעכע דערמאָרדונגען. אָנגעהויבן האָט זיך דער פּאָגראָם דערפון, וואָס יידן האָבן נישט דערלאָזט איינעם אַ משומד צו זען זיך מיט זיין ווייב, נאָר באמת איז דאָס מער נישט געווען, ווי אַ צופעליקע סיבה. דער פּאָגראָם איז שוין פריער געווען צוגעגרייט דורך די קריסטלעכע סוחרים, וואָס האָבן ניט געקאָנט רואיק צוקוקן, ווי אַזוי זייערע קאָנקורענטן, די יידן, פירן אַ פרייען האַנדל. באַטאָרי האָט אַרויפגעלייגט אויפן מאַגיס־טראַט אַ גרויסע שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט דערלאָזט צום פּאָגראָם, נאָר דורך אַ שבועה האָט דער מאַגיסטראַט פאַרזיכערט, אַז ער האָט נישט געוואוסט וועגן די הכנות צום פּאָגראָם, און די שטראָף איז דערנאָך אַראָפּגענומען געוואָרן.

די יידישע לאַגע האָט זיך ווידער געביטן ביים קעניגן פון סיגיז־מונד דעם דריטן (1588 — 1632) און וולאַדיסלאַוו דעם פערטן (1632 — 1648). דאָ האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן דער רעזולטאַט פון דער פּאָליטישער איבערקערעניש אין פוילן נאָך דער אוניע, ווען די קע־ניגן האָבן אָנגעהויבן ווערן אויסגעוויילט פון פאָלק. די קעניגן זיינען גע־וואָרן אָפּהענגיק פון דער שליאַכטע, וועלכע האָט פאַקטיש געהאַט די גאַנצע מאַכט אין אירע הענט, צוגעפּאַסט די געזעצגעבונג פון סייב צו אירע קלאַסן־אינטערעסן און פאַרנומען אַלע שטעלן אין דער אַדמיניס־טראַציע ווי וואָיעוואָדעס, סטאַראָסטעס און אַנדערע באַאַמטע. די אָפּוט־רופּסות אויף יידן גייט ביסלעכווייז איבער פון דער קעניגלעכער מאַכט

צו דער רייכער שליאַכטע. און הגם די שליאַכטע איז דורכגעדרונגען מיט די קלעריקאַלע אידייען און איז דערצויגן אין יעזואיטישן גייסט, דאָך שיצט זי די יידן, מיט וועלכע זי איז עקאָנאָמיש צוזאַמענגעבונדן. דער פּריצישער ייד אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס געהערן צו פּריוואַטע מענטשן, דער ייד־אַרענדאַר, וואָס פאַרוואַלטעט מיט דעם פּריצס ווירט־שאַפט און האַלט אין אַרענדע זיינע מילן, ביר־ברויערייען, שענקען און אַנדערע אונטערנעמונגען, — אַלע זיינען זיי נייטיק דעם פּוילן שליאַכ־טשיץ, וואָס פאַרברענגט זיין צייט אין די סיימען, אין אויסלאַנד, לעבט אַ גוטן טאָג און האָט קיין צייט נישט צו פאַרנעמען זיך מיט זיינע גע־שעפטן. די שליאַכטע קאָן דעריבער נישט אַריבערטרעטן געוויסע גרע־נעצן אין די רעפּרעסיעס קעגן יידן. אפילו דער פרומער קעניג סיגיזמונד דער דריטער, וואָס האָט זיך געפונען אין גאַנצן אונטערן איינפלוס פון די יעזואיטן, מוז ציען ווייטער די ליניע און ווייטער היטן די אַלטע טראַ־דיציעס פון די פריערדיקע מלכים, וואָס האָבן געשיצט די יידישע אינ־טערעסן. ער באַשטעטיקט די אַלטע פּריווילעגיעס פון די יידן צו פירן אַ פרייען האַנדל, מיט בלויז אייניקע באַגרענעצונגען, צו וועלכע עס האָט אים געצוואונגען די יידנפיינטלעכע פּאַרטיי.

דער עקאָנאָמישע קאַמף צווישן די קריסטן און יידן אין די שטעט ווערט ווייטער געפירט מיט דער זעלבער ענערגיע, וואָס פריער, נאָר אין דער עפּאָכע נעמט דער קאַמף אָן אַ פאָרעם פון רעליגיעזער שנאה. אין פיל שטעט ווערן די מאַגיסטראַטן די שופטים פון יידן, הגם לויט דער קאָנסטיטוציע זיינען יידן אין זייערע משפטים מיט קריסטן נאָר אונטער־געוואָרפן דעם קעניגלעכן געריכט. די יידן באַקלאָגן זיך אָפט פאַרן קעניג און דאָרט, וואו יידן האָבן מליצי־יושר, העלפן אַמאָל די אָנקלאָגן און דער קעניג נעמט זיך אָן די יידישע קריוודע. אַזוי, למשל, ווען די בריס־קער יידן האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג אויף דעם דאָרטיקן מאַגיס־טראַט, האָט דער קעניג זיך אָנגענומען פאַר יידן אַ דאַנק דעם, וואָס די אָנקלאגע האָט געשטיצט דער פּרנס פון דער בריסקער יידישער געמיינ־דע שאול יודיטש, אַן אָפּקויפער פון פיל קעניגלעכע שטייערן אין ליטע, וואָס האָט געטראָגן דעם טיטל „קעניגלעכער דינער" (עס איז דאָ אַ גרונט צו רעכענען, אַז דער דאָזיקער שאול איז דער העלד פון דער לע־גענדע, וואָס דערציילט, אַז אין פּוילן איז איין מאָל אויסגעקליבן געוואָרן

אַלס קעניג דער אַנגעזעענער ייד, שאול וואַל, אַ ליבלינג פון פירשט ראַ־דזיוויל, און דער שאול האָט אָפּגעקיניגט איין נאַכט). אָבער דאָרט, וואו יידן האָבן נישט געהאַט אַזעלכע אַנגעזעענע מליצי־יושר ביים הויף, האָבן די אַנקלאַגעס ווינציק געהאָלפן. אין ווילנע האָבן די קריסטלעכע סוחרים צוליב קאָנקורענץ מיט די יידישע סוחרים אפילו געמאַכט אַ פּאָג־ראָם, חרוב געמאַכט די שול און צעראַבירט די יידישע וואוינונגען (1592). סיגיזמונד האָט אַרויסגעגעבן די ווילנער יידן אַ פּריווילעגיע אויף פרייען האַנדל און וואוינרעכט. אָבער אויך נאָך דעם האָבן די סכסו־כים צווישן יידן און קריסטן נישט אויפגעהערט און אָפט געבראַכט צו טרויעריקע צוזאַמענשטויסן. באַזונדערס אָפט פלעגן לײדן פון די קריסט־לעכע שטאָטישע איינוואוינער די יידן פון פּויזן, וואו די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען הויפּטזאַכלעך פון דייטשן. דאָ זיינען די אָנפאַלן פון המון אויף דעם יידישן קוואַרטאַל געוואָרן אַ וואָכעדיקע זאַך, נאָר אויסער דעם האָט מען נאָך דאָרט געקעמפט קעגן יידן מיט „לעגאַלע" מיטלען. מיט אייניקע מלאכות, ווי למשל שניידעריי, האָבן יידן געמעגט פאַרנעמען זיך נאָר אויף צו באַפרידיקן זייערע אייגענע באַדערפענישן און נישט פאַר קריסטן. אין 1618 האָט אַ מאָלער, וועלכער האָט אויסגעפוצט מיט בילדער די ווענט פון ראָטהויז צו דער גאַס אַרויס, אויסגעמאָלט עטלעכע זייער באַליידיקנדיקע פאַר יידן פיגורן און דער המון האָט נישט וויב־ציק זיך געמאַכט לוסטיק פון דעם און פאַרשאַפט יידן פיל בזיונות. אין אַ פאַר יאָר אַרום האָט מען פונאַנדערגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אין איינעם פון די יידישע הייזער האָט מען כלומרשט געפונען אַ טיש, אויף וועלכן עס זיינען אַמאָל דורכגעשטיטן געוואָרן דריי האָסטיעס. דעם הייליקן טיש האָט מען פייערלעך איבערגעפירט אין קירך אַריין מיט אַ גרויסער פּראָ־צעסיע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע גייסטלעכע פון שטאָט. דערצויגן אויף אַזעלכע ווילדע סצענעס, האָט דער המון פאַר־לאָרן דאָס לעצטע ביסל אַכטונג צו יידן און די שנאה און פאַראַכטונג צו דער מענטשלעכער ווירדע פון יידן ווערט נאָר פאַרטיפט און פאַרגרע־סערט.

אין יענער עפּאָכע ווערן די בלוט־בלבולים אויף יידן אַן אָפטע זאַך און באַקומען אַ כאַראַקטער פון דער גרויזאַמער שפּאַנישער אינקוויזיציע. די פּראָצעסן וועגן די בלבולים ווערן שוין געפירט נישט כלאחר־יד, ווי

פריער, נאָר מיט אַ באַזונדערער פּייערלעכקייט און אין העכסטן פּוילישן געריכט אין קרוין־טריבונאַל. אין 1598 האָט דער לובלינער טריבונאַל פאַרמשפּט צום טויט דריי יידן, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין דער דערמאָרדונג פון אַ קריסטלעך קינד, וואָס מען האָט געפונען טויט אין אַ בלאָטע נעבן אַ דאָרף, כדי צו צווינגען די באַשולדיקטע, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין אין פאַרברעכן, האָט מען זיי פריער שרעקלעך געפּייניקט און די טויט־שטראָף איז דערנאָך אויסגעפירט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט. דעם קערפּער פון דערהרגעטן קינד האָבן די יעזואיטן אַריבערגעפירט אין קירך און די אבערגלויביקע מאַסע איז גע־קומען זיך בוקן און מתפלל זיין פאַר דעם קינד, וואָס איז אַ קדוש גע־וואָרן. אַזעלכע פּראָצעסן זיינען אויך פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט פון פּוילן און ליטע. אין דער זעלבער צייט האָט די קלעריקאַלע פּאַרטיי אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע קעגן יידן אויך אין דער ליטעראַטור. דער גלח מאָיעצקי האָט אין 1598 אַרויסגעלאָזט אין קראָקע זיין גיפטיק בוך „וועגן די יידישע מערדערייען"; אויף דער זעלביקער טעמע האָט אויך געשריבן אַ געוויסער גוביצקי אין יאָר 1602. דער פּוילישער דאָקטאָר סלעשקאָווסקי האָט באַשולדיקט די יידישע דאָקטוירים, אַז זיי פאַרגיפטן סיסטעמאַטיש די פּאָליאַקן, און האָט פאַרזיכערט, אַז די דזשומאַ, וואָס האָט דעמאָלט אין פּוילן געהערשט, איז אַ שטראָף פון גאָט דערפאַר, וואָס מען באַשיצט יידן. מער פון אַלע האָט געשאָטן פּעך און שוועבל אויף יידן דער פּוילישער שריפטשטעלער מיטשינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט דאָס באַוואוסטע אַנטיסעמיטישע ווערק „דער שפּיגל פון דער פּוילישער קרוין", אין דעם בוך האָט מיטשינסקי צונויפגעזאַמלט אַלע בלבולים און באַשולדיקונגען, וואָס זיינען ווען עס איז אַרויסגע־שטעלט געוואָרן קעגן יידן. יידן זיינען שולדיק אין פּאָליטישן פאַרראַט, אין רויבערייען און נאַרערייען, אין כשוף־מאַכעריי, אין ריטועלע דערמאָר־דונגען, אין פאַרשוועכן די קריסטלעכע הייליקטימער. מיטשינסקי האָט זיך געווענדט צו די דעפּוטאַטן פון סיים מיט אַן ענערגישן אויפרוף, אַז מען זאָל זיך באַגיין מיט יידן, ווי אין שפּאַניע, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער, ד"ה אַרויסטרייבן זיי פון פּוילן. די העצע פון מי־טשינסקי האָט אַרויסגערופן הייסע און שטורמישע דעבאַטן אין סיים פון 1618. אייניקע דעפּוטאַטן האָבן דערקלערט מיטשינסקין ווי אַן

אַפּאָסטאָל פון אמת, אַנדערע האָבן אים באַשולדיקט אין אַרויסרופן אומרוען און אונטערהעצן איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער. דער סיים האָט אַרויסגעוויזן אויף אַזויפיל פּאָליטישן פאַרשטאַנד, אַז ער האָט מיט מיטשינסקיס פּאַמפלעט שטאַרק זיך נישט גערעכנט, נאָר אין דער געזעלשאַפט זיינען די אַנטיסעמיטישע אידייען ביסלעכווייז אַריינגעדרונגען און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר די שפּעטערדיקע טרויעריקע געשעענישן.

סיגיזמונדס יורש, וולאַדיסלאַוו דער פערטער, איז נישט געווען אַזאַ פרומער קאַטאָליק און אָנהענגער פון די יעזואיטן, ווי זיין פאָטער. ער האָט זיך באַצויגן מיט מער טאָלעראַנץ צו מענטשן פון פרעמדן גלויבן און האָט באמת געוואָלט אויסגלייכן די רעליגיעזע און קלאַסן־קאָנפליקטן. אָבער די רעליגיעזע שנאה און קלאַסן־קאָנפליקטן האָבן שוין געהאַט אַזעלכע טיפע וואָרצלען אין דער מלוכה, אַז דער קעניג האָט געקענט ווינציק וואָס אויפטון. אין 1633 האָט וולאַדיסלאַוו אויפן סיים באַשטעטיקט די אַלטע יידישע פּריווילעגיעס, זיי דערלויבט פריי צו האַנדלען, באַשטימט די גרעניצן פון זייער אינערלעכער אויטאָנאָמיע און באַפוילן די מאַגיסטראַטן צו באַשיצן די יידן פון די אָנפאַלן פון המון. נאָר צוזאַמען דערמיט האָט ער פאַרבאָטן די יידישע געמיינדעס בויען נייע שולן און בית־עלמינס אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון קעניג אין יעדן באַזונדערן פאַל. אין אַלגעמיין האָט דער קעניג געהיט די רעכטן פון די יידן, נאָר אין איינצלנע פאַלן האָט ער אָפטמאָל דערפילט די בקשות פון די שטעט וועגן באַגרענעצונגען אויף יידן און נישט זעלטן פלעגט ער אָפּשאַפן זיינע אייגענע פריערדיקע באַשלוסן. אַזוי, למשל, האָט ער אין יוני 1642 דערלויבט די קראָקעווער יידן צו פאַרנעמען זיך מיט טראַנספּאָרט־האַנדל און אין צוויי חדשים אַרום האָט ער אָפּגעשאַפט זיין אייגענע דערלויבעניש, ווייל די קריסטלעכע סוחרים האָבן זיך באַקלאָגט, אַז די יידישע קאָנקורענץ איז פאַר זיי זייער שווער. לויט דער ביטע פון די קריסטלעכע איינוואוינער פון מאָהילעוו האָט וולאַדיסלאַוו באַשטעטיקט די פאַראָרדענונג פון זיין פאָטער וועגן באַזעצן די דאָרטיקע יידן אין עק שטאָט, און אין אַ קליינער צייט אַרום האָט ער אויך באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון מאַגיסטראַט, אַז יידן זאָלן נישט טאָרן דינגען קיין הייזער צווישן קריסטן. צוליב דעם פאַרבאָט פאַר יידן צו פאַר־

נעמען זיך מיט קליין־האַנדל אויף די שטאָט־מערק, זיינען זייער גע־שטיגן די פרייזן אויף די נייטיקסטע פראָדוקטן, און די שליאַכטע האָט זיך דעריבער משתדל געווען, אַז מען זאָל אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט, באַזונדערס פאַר ווילנע. דער קעניג האָט מסכים געווען, נאָר צוזאַמען דער־מיט האָט ער אויך איינגעשטימט מיט די באַשלוסן פון ווילנער מאַגיס־טראַט וועגן איינפירן נייע באַגרענעצונגען פאַר יידן: אין געלט־פּראָצעסן מיט קריסטן זיינען זיי געווען אונטערגעוואָרפן די יורידישע געזעצן פון מאַגיסטראַט; זיי האָבן געדאַרפט וואוינען אין אַ ספּעציעלן קוואַרטאַל מיטן נאָמען „די זשידאָווסקאַ גאַס" און נישט געטאָרט פאַרנעמען זיך מיט מלאכות, וואָס זיינען פון אַלטע צייטן אָן געווען אין די הענט פון די צעכן (1633).

אין די שטעט זיינען יידן געווען צונויפגעשפּאַרט און באַגרענעצט אין האַנדל — און זיי גייען איבער אַלץ אָפטער אין די דערפער, וואו זיי פאַרנעמען זיך מיט אַרענדע פון די שליאַכטישע גיטער. נישט בלויז די רייכע פּריצים, נאָר אפילו די הויכע גייסטלעכע גיבן־אָן אין אַרענדע די יידן זייערע נחלאות און דאָס רופט אַרויס אַ שטאַרקן פּראָטעסט פון סינאָד. דער וואַרשעווער סינאָד האָט אַ שאַרפן פאַרוואורף געמאַכט יענע בישאָפן, וואָס האַלטן ביי זיך יידישע אַרענדאַרן און „דערמיט גיבן זיי די פרעמד־גלויביקע שליטה אויף זייערע קריסטלעכע לייב־אייגענע". דער סינאָד אין פויזן האָט מיט צאָרן פּראָטעסטירט קעגן דער „אומדערטרעגלעכער יידישער חוצפּה": לא די וואָס די יידן האָבן פאַרכאַפּט אין זייערע הענט דאָס האַנט־ווערק, דערלויבן זיי זיך נאָך צו האַנדלען אויף די גאַסן און מערק אין די קריסטלעכע ימים־טובים. און אויב אין די דערפער און אין די שטעטלעך זיינען די גייסטלעכע געווען אומעכטיק אויפצוהעצן די שליאַכטע קעגן יידן, מיט וועלכע זיי זיינען געווען עקאָנאָמיש ענג פאַרבונדן, האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו וועקן די גראָבע אינסטינקטן פון המון אין די שטעט. און וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די אַגיטאַציע קעגן יידן. אין פרילינג 1636 איז אין לובלין פּלוצים פאַרשוואונדן געוואָרן אַ קריסטלעך קינד — און אויף יידן איז געפאַלן דער חשד, אַז דאָס האָבן זיי דאָס קינד דערמאָרדעט. דאָס געריכט האָט באַטראַכט די באַשולדיקונג און, אַזוי ווי זיי האָבן נישט געפונען קיין ראיות, האָט מען פרייגעשפּראָכן די פאַרדעכ־טיקע יידן. נאָר אין אַ קליינער צייט אַרום האָבן די דאָרטיקע גייסטלעכע,

וואָס זיינען נישט געווען צופרידן מיט דעם באַפרייאונגס־אורטייל, שוין געפונען אַ נייעם בלבול. עס האָט זיך געפונען אַ געוויסער מאַנאַך פּאַאול, וועלכער האָט דערקלערט, אַז יידן האָבן אים פאַרנאַרט צו זיך אין אַ שטוב, דאָרט, מיט דער הילף פון אַ דייטשן כירורג, אים געצאַפּט בלוט, וועלכעס זיי האָבן צונויפגענומען אין אַ כלי און דערביי שטיל מתפלל געווען. דער טריבונאַל האָט געגלויבט אין דעם דאָזיקן מיאוסן בלבול און נאָך אַ קורצן פּראָצעס מיט ענוים פון דעם באַשולדיקטן, האָט מען אַ גע־וויסן ייד מרדכי פאַרמשפּט צום טויט. אין 1639 איז אַנטשטאַנען אַ פרייִ־שער פּראָצעס. דער קרוין־טריבונאַל האָט פאַרמשפּעט צום טויט צוויי גבאים פון דער לענטשיצער יידישער געמיינדע, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין דער דערמאָרדונג פון אַ קריסטלעך קינד אין אַ דערבייאיקן דאָרף. נישט געקוקט דערויף, וואָס די באַשולדיקטע האָבן אויך נאָך שרעק־לעכע ענוים זיך מודה געווען אין כלומרשטן פאַרברעכן, האָט מען דעם טויט־אורטייל דאָך אויסגעפירט. די קערפּער פון די געטויטע יידן האָט מען צעגלידערט אויף שטיקער און אַרויסגעשטעלט אויף סלופּעס אין אַלע וועגן. די אָרטיקע מאָנאַכן האָבן זיך באַנוצט מיט דעם צופאַל און אַרויס־געשטעלט אין זייער קאָסציאָל אַ בילד מיט אַן אויספירלעכער באַשרייבונג פון דער דערמאָרדונג צוזאַמען מיט דעם קערפּער פון דערמאָרדעטן קינד. די אַבערגלויביקע קאַטוילישע מאַסע איז געגאַנגען זיך בוקן פאַרן קערפּער פון מאַרטירער־קינד, די הכנסות פון קאָסציאָל זיינען דערוויל געוואַקסן און דאָס זיינען די מאָנאַכן טאַקע אויסן געווען.

---

די אַלגעמיינע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין פּוילן האָבן געבראַכט דערצו, אַז יידן זאָלן דאָרט לעבן, ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה, מיט זייערע באַזונדערע רעליגיעזע, אַדמיניסטראַטיווע און געריכטלעכע אַנשטאַלטן. יידן זיינען געווען אַ באַזונדערער קלאַס מיט אַ באַזונדערער אינערלעכער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געקענט זיין ווי אַ מוסטער פאַר יע־דער גוט־אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. די פּוילישע קיסרים זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז די יידישע געמיינדעס זאָלן זיין גוט אָרגאַניזירט, ווייל ערשטנס איז פאַר יעדער רעגירונג בכלל באַקוועמער האָבן צו טאָן מיט פאָרשטייער פון פאָלק, מיט אַ באַשטימטער גרופּע, איידער מיט אַן אומאָרגאַניזירטער מאַסע, און צווייטנס האָבן די יידישע שטייערן, אַ דאַנק

דער אָרגאַניזאַציע פון די יידישע געמיינדעס, געקענט פינקטלעך און צו דער צייט ווערן אויפגעמאָנט. אויף אַזאַ אופן איז אין פוילן געווען סיי מעג־לעך און סיי באַקוועם פאַר דער רעגירונג צו דערלאָזן אַ פרייע יידישע אויטאָנאָמיע אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן.

נאָך סיגיזמונד דער ערשטער האָט זיך באַמיט צו נעמען אונטער זיין שוץ די יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג. מיט דער באַשטימונג פון מיכל יאָ־זעפאָוויטשן ווי אַן „עלטסטן" איבער אַלע יידן איז דער קעניג אויסן געווען צו גאַראַנטירן דעם רעגלמעסיקן גאַנג פון די יידישע שטייערן פאַר דער מלוכה. סיגיזמונד האָט נישט איין מאָל באַשטעטיקט די יידישע רבנים, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט. אין 1518 האָט ער באַשטעטיקט צוויי אויסגעוויילטע רבנים, משה און מענדל, ווי די פאַר־שטייער פון אַלע יידישע געמיינדעס אין גרויס־פוילן מיטן רעכט צו משפטן די יידן אויפן גרונד פון די יידישע געזעצן. נישט איינמאָל האָט סיגיזמונד זיך אריינגעמישט אין די אינערלעכע סכסוכים צווישן יידן און געשטעלט זיך אויף דעם אָדער יענעמס צד. אין קראָקע, וואו עס זיינען געווען צוויי באַזונדערע געמיינדעס, פון די דאָרטיקע און פון די דייטשע יידן, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צוויי באַזונדערע רבנים, ר' אשר און ר' פרץ. האָט זיך געמאַכט, אַז צווישןביידע געמיינדעס האָט אויסגעבראָכן אַ סכסוך, צו וועמען עס דאַרף געהערן די אַלטע שול, דאַן האָט דער קעניג זיך אריינ־געמישט און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פוילישע יידן. אין 1531 האָט דער בריסקער רב ר' מענדל פראַנק זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג, אַז יידן ווילן קיין מאָל נישט פאָלגן זיינע פסקים און גיין זיך לאָדן אין די קריסטלעכע געריכטן. דער קעניג האָט געמוזט זיך ווענדן צו די בריסקער יידן מיט שטראָף־רייד, זיי אויסמוסרן דערפאַר וואָס זיי פאָלגן נישט דעם רב זייערן. אין ווייטערדיקן יאָר האָט דער קעניג באַשטימט ווי דעם הויפט־רב פון קראָקע אנשטאט דעם אויבנדערמאָנטן ר' אשר, דעם באַרימטן למדן ר' משה פישעל. דעם לעצטן, צוזאַמען מיט דעם באַרימטן געלערטן ר' שכנא פון לובלין, האָט דער קעניג שפּעטער באַשטעטיקט ווי די הויפּט־רבנים פון גאַנץ קליין־פוילן, ווייל סיגיזמונד האָט פאַרלאַנגט, אַז די יידישע גייסטיקע ענינים זאָלן צענטראַליזירט ווערן און די הנהגה פון די געמיינדעס זאָל זיך געפינען אין געציילטע הענט. אָן דער דערלויבעניש פון די דאָזיקע צוויי אויבנדערמאָנטע הויפּט־רבנים האָט קיין יידישע געמיינדע נישט געטאָרט

איינלאַדן צו זיך קיין רב, און יעדער, וואָס איז דורך די צוויי „עלטסטע" אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם אַריין, איז געווען אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קרויך־געריכט. אויב דער חרם איז צו אַ באַשטימטן טערמין נישט אַראָפּגענומען געוואָרן. דאָך האָט דער קעניג אין גיכן זיך איבערצייגט, אַז יידן זיינען נישט צופרידן מיט דעם דאָזיקן סיסטעם פון באַשטימען, גלייך ווי באַאַמטע, יידישע רבנים — און דער קעניג האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון אַריינמישן זיך אין די יידישע אינערלעכע ענינים, אַראָפּנעמען זיין אַפּוטרופּסות פון זיי און לאָזן די יידן פריי פאַרוואַלטן מיט זייערע אייגענע ענינים.

דורך דעם באַפעל פון סיגיזמונד־אויגוסט פון אויגוסט 1551 זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן די ווייטערדיקע אויטאָנאָמישע יסודות פאַר די יידן פון גרויס־פוילן: יידן האָבן דאָס רעכט, לויט אַן אַלגעמיינער הסכמה צווישן זיך, אויסקלייבן רבנים און ריכטער, וואָס זאָלן פאַרוואַלטן מיט זייערע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן; די אויסגעקליבענע רבנים און ריכטער דערקלערן דעם פאָלק אַלע רעליגיעזע פראַגן, גיבן גטין, חתונה־אַקטן, שטרי־מכירה און אַנדערע ציווילע אַקטן, גלייכן אויס די סכסוכים צווישן אייגעם און צווייטן אויפן גרונט פון די יידישע געזעצן. צוזאַמען מיט די עלטסטע פון קהל קענען זיי אַריינלייגן אין חרם און אַרויפלייגן אַנדערע שטראָפן אויף די שולדיקע; אויב דער, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין חרם, פאַרבעסערט זיך נישט אין משך פון אַ מאָנאַט, ווערט וועגן דעם געמאָלדן דעם קעניג, וועלכער קען פאַרמשפטן דעם מוחרם צו קאָנפיסקירן זיין פאַרמעגן און צו טויט. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע איז מחויב מיטצוהעלפן די רבנים און פאָרשטייער פון קהל אויסצופירן זייערע פאַראָרדענונגען און באַשלוסן. דורך דעם דאָזיקן געזעצגעבערישן אַקט און אַנדערע שפּעטערדיקע אַזעלכע אַקטן האָבן די אויסדערוויילטע פון די יידישע געמיינדעס באַקומען ברייטע יורידישע רעכט און פון יענער צייט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער רעזשים פון קהל, ד"ה פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי אַ יורידישע פערזאָן. די טעטיקייט פון די יידישע קהלות האָט זיך באַזונדערס אַנטוויקלט אָנהויבנדיק פון דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט.

אין יעדער יידישער שטאָט און שטעטל האָט זיך געפונען אַ קהל־פאַרוואַלטונג, פּראָפּאָרציאָנעל לויט דער גרויס פון דער געמיינדע. אין

די גרויסע קהלות האָט די צאָל מיטגלידער פון דער קהל־פאַרוואַל־טונג דערגרייכט ביז 40, און אין די קליינע — ביז 10. די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג זיינען אויסגעוויילט געוואָרן יערלעך, אין חול המועד פסח, לויט אַ צווייפאַכיקן סיסטעם: פון די מתפללים פון אַלע שולן האָט מען לויט אַ גורל באַשטימט עטלעכע בוררים (פון 9 ביז 15), וועלכע האָבן שפּעטער, נאָך אַ פייערלעכער שבועה, אויסגעוויילט מיטגלידער פון דער קהל־פאַרוואַלטונג. די דאָזיקע פאַרשטייער פון דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך געטיילט אויף גרופּעס: צוויי גרופּעס — ראשי־הקהל און טובי־העיר זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער פאַרוואַלטונג און אָנגעפירט מיט די אַלגעמיינע ענינים; נאָך זיי זיינען געגאַנגען די דינים און די גבאים, די „ראשי" און די „טובי" זיינען געווען דער עיקר פון דער פאַרוואַל־טונג און אין אייניקע קליינע שטעט זיינען אויסער זיי מער קיין מיט־גלידער נישט געווען. די טעטיקייט פון קהל איז געווען גאַנץ ברייט. דאָס קהל האָט געדאַרפט איינמאָנען אין זיין ראַיאָן די מלוכה־שטייערן און צו שטעלן דאָס דער רעגירונג, ער האָט באַשטימט די אַלגעמיינע און ספּעציעלע שטייערן, פאַרוואַלטעט מיט די שולן, ישיבות, בית־עלמינס און אַנדערע אנשטאַלטן, רעגולירט אַלע אָנגעלעגנהייטן פון קינדער־דערציאונג, צדקה, האַנדל און מלאכה, אויסגעגלייכט די סכסוכים צווישן די מיטגלידער פון דער געמיינדע, מיט דער מיטהילף פון די רבנים און דיינים. דער רב איז אין אַלע רעליגיעזע ענינים געווען פריי און זעלבסשטענדיק, נאָר אין אַלע אַנדערע ענינים איז ער געווען אָפּהענגיק פון דער קהל־פאַרוואַלטונג, וועלכע פלעגט אים איינלאַדן און באַשטימען ווי אַ רב אויף אַ געוויסער צייט. נאָר די באַרימטע רבנים, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסע אויטאָריטעט אין דער יידישער וועלט, האָבן געקענט האָבן אַן איינפלוס אויך אויף די געזעלשאַפטלעכע ענינים פון דער געמיינדע.

די מאַכט פון יעדן קהל האָט זיך פאַרשפּרייט אויך אויף די יידישע איינוואוינער פון די אַרומיקע דערפער און ישובים, וואו עס איז נישט געווען קיין זעלבסטשטענדיקע קהל־פאַרוואַלטונג. אויסערדעם האָבן די געמיינדע־פאַרוואַלטונגען פון די גרויסע שטעט געהאַט אַ שליטה אויף די קהלות פון די קלענערע שטעט אין זייער ראַיאָן. אַזוי־ערנאָך זיינען אַנט־שטאַנען די געמיינדע ראַיאָנען, אָדער גלילות, וואָס האָבן געהאַט אונטער זיך אַ ריי קלענערע קהלות. דער העכסטער צענטער פון די אַלע קהלות

זיינען געווען די ועדים, ד״ה די צוזאַמענפאָרן אָדער סיימען פון די רבנים און געמיינדע־פאָרשטייער. אנטשטאנען זיינען די ועדים אויף אַזאַ אופן: דער משפט פון די רבנים, וואָס האָבן געהאַט ברייטע רעכטן צו פירן אַלערליי פּראָצעסן, פלעגט זיין געגרינדעט אויף דער תלמודישער געזעצגעבונג, וואו עס זיינען פאָראויסגעזען כמעט אַלערליי מעגלעכע פּראָגעס און סכסוכים צווישן איין מענטשן און צווייטן. אָבער אין דער גרויסער און קאָמפּליציר־טער יידישער געזעצגעבונג געפינען זיך אָפּט צווייפלהאַפטע פּראָגעס, צו־ליב וועלכע עס איז שוין נישט גענוג די קאָמפּעטענץ פון איין רב. עס פלעגט זיך אויך אָפּט מאַכן, אז איינער פון די צדדים, וואָס האָבן זיך גע־משפט, איז נישט געווען צופרידן מיטן פּסק־דין און אַפּעלירט צום געריכט פון אַ צווייטן רב, וואָס האָט מער אויטאָריטעט, איידער דער רב פון זיין שטאָט. נישט זעלטן זיינען אויך פאָרגעקומען סכסוכים צווישן גאַנצע גע־מיינדעס, צווישן איין רב און צווייטן, צווישן איין פּערזאָן אַ גאַנצער גע־מיינדע אאז״וו. ביי אַזעלכע עקסטראַ פאַלן פלעגן צונויפגערופן ווערן צו־זאַמענפאָרן פון רבנים און קהלה־פאָרשטייער, וואָס האָבן געשפּילט די ראָלע פון אַ העכסטער געריכטס־אינסטאַנץ. אַזעלכע צוזאַמענפאָרן פלעגן פאָרגעקומען אין דער צייט פון גרויסע ירידים, וואוהין עס זיינען זיך צו־נויפגעקומען פיל מענטשן פון פאַרשידענע שטעט. דער הויפּט־פּונקט איז געווען דער לובלינער יריד, ווייל אין לובלין האָט דעמאָלט געוואוינט די גרעסטע יידישע אויטאָריטעט, ר׳ שכנא. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט, ווען אַזעלכע צוזאַמענפאָרן זיינען פאָרגעקומען אָפּט, זיינען זיי שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעגלמעסיקע סיימען, וואָס ווערן צונויפגערופן אין באַשטימטע צייטן און אויף וועלכע עס קומען פאָר־שטייער פון אַלע גרעסערע שטעט אין גאַנץ פוילן. אויף אַזאַ אופן זיינען אַנטשטאַנען די ועדים און ביסלעכווייז זיינען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן פון רעליגיעזע סיימען אין געזעצגעבנדיקע און אַדמיניסטראַטיווע. אויף זיי פלעגן אויסגעאַרבעט ווערן פאַרשידענע תקנות, די אָרדענונג פון די וואַלן אין די קהלות, עס איז באַשטימט געוואָרן די גרענעצן פון דער רבנישער קאָמפּעטענץ, עס איז נאָמינירט געוואָרן דאָס רעכט פון דרוקן ביכער אאז״וו. אַמאָל זיינען אויף די סיימען באַשטעטיקט געוואָרן די פאַראָרדענונגען פון פוילישן קעניג וועלכע האָבן אַ דאַנק דעם באַקומען אַ גרעסערע קראַפט. אַזוי, למשל, האָט דער צוזאַמענפאָר אין לובלין אין 1580 פייערלעך באַ־

שטעטיקט דאָס געזעץ פון קעניג, לויט וועלכן יידן ווערט פאַרבאָטן צו פאַר־נעמען זיך מיט אַרענדירן די מלוכה־צאָל און אַנדערע מלוכה־הכנסות, ווייל „מענטשן, וואָס ווילן נתעשר ווערן דורך גרויסע אַרענדעס, קענען אריינברענגען פיל אין אַ גרויסער סכנה".

אין ענדע פון 16־טן יאָרהונדערט האָבן די יריד־צוזאַמענפאָרן באַ־קומען אַ פעסטערע אָרגאַניזאַציע. אין זיי האָבן זיך באַטייליקט די רבנים און קהל־פאָרשטייער פון די ווייטערדיקע ראַיאָנען: גרויס־פוילן (די הויפּט־געמיינדע — פּויזן, קליין־פוילן (קראָקע, לובלין), פּאָדאָליע (לעמבערג), וואָלין (אָסטראָוו אָדער קרעמעניץ) און ליטע (בריסק אָדער גראָדנע). די ערשטע צייט האָט דער צוזאַמענפאָר נישט געהאַט קיין באַשטימטן נאָמען און געביטן זיין טיטל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צאָל ראַיאָנען, וואָס האָבן געשיקט פאָרשטייער: אַמאָל האָט דער צוזאַמענפאָר געהייסן צו־זאַמענפאָר פון 3, אַמאָל פון 4, אַמאָל פון 5 ראַיאָנען, נאָר שפּעטער, ווען ליטע האָט זיך אָפּגעטיילט פון פוילישן פאַרבאַנד און געוואָרן אַן אייגענער פאַרבאַנד, און די פיר ראַיאָנען פון פוילן האָבן אָנגעהויבן רעגולער שיקן זייערע פאָרשטייער, האָט דער צוזאַמענפאָר באַקומען אַ שטענדיקן נאָמען „ועד ארבע ארצות". אין ועד האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע הויפּט־רבנים פון פוילן און צו איין דעלעגאַט פון דער צאָל עלטסטע אין די גרעסטע קהלות, בסך הכל, אַ מאַן 30. זיי פלעגן זיך צונויפפאָרן פעריאָדיש, איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין יאָר, איין מאָל אין לובלין, דאָס צווייטע מאָל אין יאַראָסלאַוו. געוויינלעך פלעגט דער צוזאַמענפאָר אין לובלין פאָר־קומען צווישן פורים און פסח, און אין יאַראָסלאַוו — אין ענדע זומער, פאַר סוכות. איינער פון די היסטאָרישע כראָניקער פון יענער צייט באַ־שרייבט אַזוי דעם „ועד ארבע ארצות": „די פאַרזאַמלונג פון די פּרנסים פון די פיר ראַיאָנען האָט דערמאָנט דעם סנהדרין, וואָס איז געזעסן אין לשכת הגזית פון בית־המקדש. זיי האָבן געמשפּט אַלע יידן פון פוילישן קעניגרייך, האָבן אַרויסגעגעבן פאַרפליכטונגען און תקנות און אַרויפגע־לייגט שטראָפן לויט זייער אָנזען. יעדע האַרבע שאלה איז אויסגעשטעלט געוואָרן אויף זייער משפּט. כדי צו פאַרלייכטערן זיך די אַרבעט, האָט דער ועד אויסגעקליבן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון אַזוי גערופענע „גליל־ריכטער", וואָס האָבן באַטראַכט די געלט־פּראָצעסן; אליין ווידער האָבן זיי באַטראַכט די קרימינעלע פראַגן, די פראַגן וועגן חזקה און אַנדערע שווערע פּראָצעסן".

דער „ועד ארבע ארצות״ איז אויך געשטאַנען אויף דער וואַך פון די יידישע בירגער־אינטערעסן. ער פלעגט שיקן זיינע שתדלנים קיין וואַרשע און אין אַנדערע ערטער, וואו עס זיינען געזעסן די פוילישע סיימען, מיטן ציל צו באַמין זיך פאַרן קעניג וועגן באַשטעטיקן די אַלטע יידישע פּריווי־לעגיעס, וואָס ווערן נישט דערפילט דורך דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, אָדער זיי פלעגן באַצייטנס פאַרהיטן פון נייע גזירות, וואָס האָבן זיך גע־גרייט אויף יידן. די הויפּט־אויפגאַבע פון ועד איז אָבער באַשטאַנען אין רעגולירן דאָס אינערלעכע יידישע לעבן. אינטערעסאנט זיינען די תקנות, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דעם לובלינער רב ר׳ יהושע פאלק הכהן, לויט דער באַפולמעכטיקונג פון ועד. כדי צו פאַרפעסטיקן די גוטע סוחרישע מדות צווישן יידן, האָט דער ועד באַפוילן באַזונדער אַכטונג צו געבן, אַז יידן זאָלן דערפילן די מצוות וועגן עסן, טרינקען און הלבשה; זיך באַמיען ווי ווייט מעגלעך, אַז יידן זאָלן זיך נישט קליידן ווי קריסטן; נישט טרינקען קיין בראַנפן צוזאַמען מיט קריסטן אין די שענקען; זיך זאָרגן וועגן דער צניעות פון די יידישע טעכטער, באַזונדערס אין די דערפער, וואו די יידישע אַרענדאַרן זיינען צעוואָרפן צווישן די קריסטן. עס זיינען אויך פאַרפאַסט געוואָרן תקנות צו רעגולירן די טעטיקייט פון די פּראַצענט־ניקעס און וואָכערניקעס.

אין 1623 האָבן די ליטווישע קהלות זיך אָפּגעטיילט פון „ועד ארבע ארצות״ און געגרינדעט אַ באַזונדערן צענטראַל־אָרגאַן אין דער פאָרעם פון אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער, וואָס ווערן געשיקט פון דריי הויפּט־קהלות: גראָדנע, בריסק און פינסק. שפּעטער זיינען צו זיי אויך צוגע־שטאַנען די קהלות פון ווילנע און סלוצק. דער ליטווישער צוזאַמענפאָר האָט זיך גערופן „ועד קהלות ראשיות דמדינת ליטא״. אויפן ערשטן צוזאַמענ־פאָר זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ריי תקנות, וואָס האָבן געדאַרפט רע־גולירן דאָס גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די יידן: סע זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די געמיינדעס. די מיטלען צו פאַרטיילן די פּאַדאַטקעס צווישן די געמיינדעס; די באַצי־אונג צו די מלוכה־סיימען, צו דער אָרטיקער מאַכט, צו דער שליאַכטע און צו די שטאָטישע שטאַנדן; די פאָרמען פון די וואַלן אין די קהלות און פון דער קינדער־דערציאונג. דער ליטווישער ועד פלעגט צונויפגערופן

ווערן איינמאָל אין דריי יאָר, נאָר עס פֿלעגן אויך פֿאָרקומען עקסטרא צוזאַמענפֿאָרן, ווען די אומשטענדן האָבן געבראַכט דערצו.

אויף אַזאַ אופֿן האָבן סיי די פּוילישע, סיי די ליטווישע יידן געהאַט זעלבסטשטענדיקע געמיינדע־פֿאַרוואַלטונגען מיט צענטראַל־אָרגאַנען. די גהלות פֿון יעדער געוויסן ראַיאָן פֿלעגן האָבן זייערע צוזאַמענפֿאָרן, אויפֿן אָרט פֿון די פּוילישע „סיימיקעס", וואָס זיינען געווען די פֿאַרמיט־לער צווישן אייגצלנע געמיינדעס און דעם צענטראַל־אָרגאַן — דער „ועד ארבע הארצות". די דאָזיקע סיסטעמאַטיזירטע גוט־איינגעאָרדנטע אָרגאַ־ניזאַציע פֿון דער יידישער זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג האָט געדאַרפֿט היטן די דיסציפּלין צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג. זי האָט געדאַרפֿט שאַפֿן פֿאַר דעם פֿאָלק, וואָס האָט געלעבט ווי אַ מלוכה אין אַ מלוכה, אויסערהאַלב דעם אַרומיקן מלוכה־לעבן, אייגענע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע נאָרמען, אַנט־וויקלען אין פֿאָלק זיין אייגענע קולטור און אָפּהיטן זיינע אייגנאַרטיקע געזעלשאַפֿטלעכע און בירגערלעכע געזעצן.

ווי אַזוי האָבן די יידישע געמיינדעס אָרגאַניזירט דאָס געזעלשאַפֿט־לעכע לעבן, וואָס איז געווען אין זייערע הענט ? וואָס האָבן זיי געטאָן פֿאַר דער יידישער קולטור ? אויפֿן ערשטן פּלאַן איז געשטאַנען די קינדער־דערציאונג און מען מוז מודה זיין, אַז די יידישע „רעגירונג" האָט דורכ־געפֿירט די דאָזיקע וויכטיקע אויפֿגאַבע מיט אַ באַשטימטן סדר און פּלאַן. די נידעריקע און מיטעלע בילדונג האָבן געגעבן די חדרים, די העכערע — די ישיבות. אין די חדרים האָבן געמוזט לערנען אַלע קינדער פֿון 6 ביז 13 יאָר. דאָרט האָט מען געלערנט אויף יידיש דעם תנ"ך און גמרא מיט מפרשים, אין אייניקע חדרים האָט מען אויך דערלויבט לערנען דקדוק און חשבונען. די חדרים זיינען גערעכנט געוואָרן ווי פּריוואַטע אונטערנעמונ־גען און יעדער מלמד האָט געהאַט דאָס רעכט צו עפֿענען אַ חדר און לערנען קינדער. דאָך האָט די קהל־פֿאַרוואַלטונג געהאַט אַ שליטה נישט בלויז אויף אירע אייגענע געזעלשאַפֿטלעכע חדרים פֿאַר אָרעמע קינדער (תלמוד־תורות), נאָר אויך אויף די פּריוואַטע חדרים. די געמיינדע האָט אויסגע־אַרבעט דעם פּראָגראַם פֿאַר די חדרים, זי האָט איינגעאָרדנט עקזאַמענס פֿאַר די תלמידים, באַשטימט דעם שכר־לימוד, די לענג פֿון לער־טאָג (פֿון 8 ביז 12 שעה) און בכלל געהאַט השגחה אויף אַלע אַנגעלעגנהייטן אין די חדרים.

וואָס אָנבאַלאַנגט די ישיבות, זיינען זיי שוין אינגאַנצן געווען אין די הענט פון קהל און די רבנים .די ישיבות זיינען אפילו סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך דער קעניגלעכער מאַכט, וועלכע האָט געהאלטן די ישיבות ווי אַ יידישע „גימנאַזיע”. דער קעניג סיגיזמונד־אויגוסט האָט דערלויבט דער יידישער געזעלשאַפט אין לובלין צו עפענען אַ ישיבה אין אַ באַזונדער געביידע, וואָס איז ספּעציעל דערויף אויסגעבויט געוואָרן, און געגעבן דעם פאַרוואַלטער פון דער ישיבה ברייטע פולמאַכטן מיט דעם טיטל „רעקטאָר” (ראש־ישיבה). אין 1571 האָט דער קעניג געגעבן דאָס רעכט „דעם געלערנטן שלמה פון לעמבערג, וועלכן די יידן פון לעמבערג און גאַנץ רוסלאַנד (גאַליציע) אָנערקענען פאַר זייער עלטסטן”, צו עפענען יידישע שולן אין פאַרשידענע שטעט, פאַרוואַלטן מיט די שולן און צוגעוואוינען די תלמידים צו שטרענגער דיסציפּלין. מיט דער צייט זיינען געגרינדעט געוואָרן ישיבות אין אַלע שטעט פון פוילן און ליטע. ווי אַ ראש־ישיבה פלעגט באַשטימט ווערן דער דאָרטיקער רב, אָדער אַן אַנדער באַרימטע פּערזאָן. דער ראש־ישיבה איז געווען פולקאָמער בעל־הבית אין זיין ישיבה; ער האָט געהאַט אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט אויף זיינע תלמידים, האָט זיי געהאַלטן אין שטרענגער דיסציפּלין און זיי געמשפּט און באַשטראָפט לויט זיין אייגענעם ווילן.

דער דאַמאָלטיקער היסטאָריקער ר' נטע האַנאָווער פון זאַסלאַוו גיט אַ קלאָר בילד פון לעבן פון די ישיבות אין יענער צייט:

„עס איז נישטאָ אַזאַ לאַנד, וואו די הייליקע לערע זאָל זיין אַזוי פאַרשפּרייט צווישן אונדזערע ברידער, ווי אין פוילן. אין יעדער קהלה האָט עקזיסטירט אַ ישיבה, וואָס דער פאַרוואַלטער אירער פלעגט באַקומען אַ גוטע פּענסיע פון קהל־געלט, כדי ער זאָל קענען לעבן אין הרחבה און אימשטאַנד זיין אין גאַנצן זיך אָפּגעבן זיין טעטיקייט. די געמיינדעס פלעגן אויך אויסהאַלטן אויף זייער חשבון בחורים, וואָס פלעגן באַקומען יעדע וואָך אַ באַשטימטע פּענסיע, כדי די בחורים זאָלן זיך לערנען אין די ישיבות. יעדער בחור האָט געהאַט אונטער זיך נישט ווייניקער פון צוויי קליינע אינגלעך, מיט וועלכע ער האָט געלערנט, כדי ער זאָל זיך צוגעוואוינען צו לערנען תלמוד און צו וכוחים. די אָרעמע אינגלעך האָט מען אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון דער צדקה־קאַסע אָדער פון דער געזעלשאַפטלעכער קיך. אויב די קהלה איז באַשטאַנען פון 50 פאַמיליעס, האָט זי אויס־

געהאַלטן נישט ווינציקער פון 30 אינגלעך און בחורים, דערביי האָט יעדער בחור צוזאַמען מיט זיינע צוויי אינגלעך־תלמידים געגעסן ביי איינעם פון די איינוואוינער און געערכנט געוואָרן, ווי אַן אייגן קינד.... און עס איז נישט געווען קיין איין יידיש הויז אין גאַנץ פוילן, וואו דער בעל־הבית, אָדער זיין זון, אָדער דער איידעם, אָדער דער ישיבה׳ניק, וואָס האָט דאָרט געגעסן קעסט, זאָל נישט קענען קיין תורה; אָפטמאָל ווידער פלעגן אַלע קענען לערנען. דעריבער איז אין יעדער קהלה געווען פיל למדנים. אַזוי, למשל, אין אַ קהלה פון 50 פאַמיליעס האָבן זיך געפונען 20 למדנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם טיטל „מורנו" אָדער „חבר". אָבער העכער פון אַלע איז געשטאַנען דער ראש־ישיבה; אַלע האָבן אים געפאָלגט און גע־קומען הערן תורה פון אים.

די אָרדענונג פון לערנען אין פוילן איז געווען אַזעלכע: דער זמן, אין משך פון וועלכן די בחורים זיינען געווען מחויב צו לערנען אין דער ישיבה, האָט געדויערט —זומער— פון אָנהייב חודש אייר ביזן מיטן אב, און —ווינטער— פון אָנהייב חשון ביז מיטן שבט. אויסער דער צייט האָבן די שילער געהאַט דאָס רעכט צו לערנען, וואו זיי ווילן. אין אָנהייב פון זמן האָט מען אין די ישיבות געלערנט זייער פלייסיק גמרא מיט רש"י און תוספות. יעדן טאָג פלעגן זיך פאַרזאַמלען די חכמים פון דער קהילה, יונגע־לייט, און בכלל אַלע, וואָס האָבן געהאַט א שייכות צו תורה, אין דער גע־ביידע פון דער ישיבה, וואו עס איז געזעסן אויף אַ בענקל דער ראש־ישיבה און אַרום אים זיינען געשטאַנען די פיל תלמידים. ביז דעם אָנ־קומען פון ראש־ישיבה האָבן די תלמידים זיך מתפלפל געווען וועגן הלכה. ווען דער ראש־ישיבה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, האָט יעדער פון די תלמידים געקענט אים פאַרלייגן עפּעס אַ האַרבע קשיה אין תלמוד, אָדער פרעגן פשט אויף עפּעס אַ שווערער סוגיא, און דער ראש־ישיבה האָט אַלעמען געענטפערט און געגעבן דערקלערונגען. נאָך דעם איז שטיל געוואָרן און דער ראש־ישיבה האָט געלייענט זיין געוויינלעכן שיעור וועגן הלכה מיט זיינע אייגענע הוספות און פירושים. נאָך דער לעקציע האָט ער איינגעאָרדנט אַ דיספּוט (חילוק), וואָס איז באַשטאַנען אין ווייטערדיקן: ער האָט אַוועקגעשטעלט פאַרשידענע שטעלן פון תלמוד אָדער מדרשים, וואָס זיינען סותר איינע די צווייטע. די דאָזיקע סתירות זיינען ווי־עס־איז פאַרענטפערט געוואָרן דורך אַנדערע שטעלן, דערנאָך האָט מען אַנט־

דעקט סתירות אין די שטעלן גופא, וואָס זיינען ווידער פאַרענטפערט געוואָרן דורך נייע ציטאַטן, און אזוי ווייטער ביז וואַנען די האַרבע פראַגע איז שוין אינגאַנצן פאַרענטפערט געוואָרן. זומער פלעגן די דאָזיקע פלפולים זיך נישט ענדיקן פריער פון 12 בייטאָג. ווינטער פלעגט דער ראש־ישיבה זיך ווינציקער פאַרנעמען מיטן פלפול, נאָר געלייענט פאַר די למדנים „טורים" מיט מפרשים און פאַר די תלמידים „אלפסי" וכדומה. מיט עטלעכע וואָכן פאַר דעם סוף זמן האָט דער ראש־ישיבה באַשטימט פאַר די תלמידים דיספוטן און דערביי אַליין אין זיי זיך באַטייליקט.

ביי יעדן ראש־ישיבה האָט זיך געפונען אַ באַדינער, וועלכער פלעגט יעדן טאָג אַרומגיין איבער די חדרים און השגחה געבן, אַז די קינדער, סיי די אָרעמע, סיי די רייכע, זאָלן פלייסיק לערנען און נישט אַרומגיין ליידיק. איין מאָל אין וואָך, דאָנערשטיק, האָבן די תלמידים פון די חדרים גע־דאַרפט קומען צום גבאי, וועלכער האָט זיי עקזאַמינירט אין דעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעלערנט פאַר דער וואָך, און אויב איינער פון די תלמידים האָט נישט געקענט דאָס, וואָס ער האָט געלערנט, האָט דער באַהעלפער, לויט דעם באַפעל פון גבאי, אים שטאַרק געשמיסן און פון אים חוזק גע־מאַכט אין די אויגן פון די איבעריקע קינדער, כדי ער זאָל געדענקען און די צווייטע וואָך בעסער לערנען. איין מאָל אין וואָך ווידער, פרייטיק, פלעגט די קינדער עקזאַמינירן דער ראש־ישיבה אליין, און דעריבער האָבן זיי געציטערט און געשראָקן זיך און פלייסיק געלערנט... געלערטע יידן פלעגט מען אָפּגעבן פיל כבוד און דאָס פאָלק האָט זיי אין אַלץ געפאָלגט; דעריבער האָבן פיל געשטרעבט צו ווערן באַוואוסט און אויף אַזאַ אופן איז דאָס לאַנד פול געוואָרן מיט תורה".

„דאָס לאַנד איז פול געוואָרן מיט תורה" — דערין איז נישטאָ קיין גוזמא. ווירקלעך, איז פוילן אין יענער צייט געווען פול מיט תורה און עס איז כמעט שווער געווען צו טרעפן אַן עם־הארץ צווישן יידן. די פוילישע ישיבות זיינען אין יענער צייט געוואָרן דער צענטער פון יידנטום נישט בלויז אין פוילן, נאָר אויך אין אַלע לענדער, וואו יידן האָבן געוואוינט. האָט איינער געוואָלט, אַז זיין זון זאָל זיין בקי אין תורה, האָט ער אים געשיקט קיין פוילן אין אַ ישיבה. פון דייטשלאַנד, מעהרן, האָלאַנד און אי־טאַליע פלעגט מען זיך ווענדן צו די פוילישע רבנים מיט יעדער האַרבער שאלה און פאַר דער אויטאָריטעט פון די פוילישע לומדים האָבן געציטערט

אַלע יידן. תורה, ד"ה תלמוד מיט מפרשים אויפן שטייגער פון די בעלי־פּלפּול — דאָס איז געווען די איינציקע שטרעבונג פון די פּוילישע יידן. דער גרעסטער וואונש פון די טאַטעס און מאַמעס איז דאָן געווען, אַז זייער זון זאָל ווערן אַ מפורסם אין תורה און באַקומען דעם טיטל למדן. דער גרעסטער טייל פון די פּוילישע יידן, וואָס האָבן געלעבט בהרחבה, האָבן אָפּגעגעבן זייערע בעסטע יאָרן אויף לערנען תורה, און איבער דעם גאַנצן לאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ נעץ פון ישיבות און חדרים. די ערשטע ראָלע האָבן דאָ געשפּילט די רבנים. זיי זיינען געווען די גייסטיקע מנהיגים פון פאָלק, זיי זיינען אויך געווען די ראשי־הישיבות און די משגיחים אויף די חדרים, געזעצגעבער און ריכטער, מיט אַן אומבאַגרענעצטער מאַכט גע־הערשט אויף ישיבות, שולן און חדרים, רעגולירט דאָס אינערלעכע און געזעלשאַפטלעכע לעבן, געגעבן דעם טאָן אויך אין דעם פּריוואַטן לעבן. אומעטום האָט געהערשט דער רב און דער רבנישער גייסט. אמת, עס זיינען געווען אויך איינצלנע יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט וועלטלעכער וויסנשאַפט. נאָך אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם ערשטן פלעגן יידישע יונגעלייט צוזאַמען מיט די שליאַכטישע קינדער פאָרן לערנען אין די דייטשע און איטאַליענישע אוניווערזיטעטן. נאָך מער: אין פּוילן זעען מיר אַ זעלטענע דערשיינונג, וואָס איז נישט געווען אין גאַנץ אייראָפּע צו יענער צייט: יידישע קינדער זיצן צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער אויף איין באַנק אין די פּוילישע אָנפאַנגס־שולן. — עס זיינען אויך דאָ פיל באַווייזן, אַז פון אָנהייב דעם זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן יידן זיך פיל פאַרנומען מיט מעדיצין און אַנדערע וויסנשאַפטן. אָבער לויט די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון פּאָליטישן לעבן אין פּוילן פון יענער צייט איז געווען אוממעגלעך, אַז צו יידן זאָל אריינדרינגען אַלגעמיינע בילדונג אין גרויסן מאַסשטאַב. אויסער האַנדלס־באַציאונגען זיינען יידן אינגאַנצן געווען אָפּ־געטיילט פון אַלע אַנדערע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. לערנען אין די פּוילישע שולן צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער איז געווען אוממעגלעך, ווייל דער יעזואיטישער גייסט האָט דאָן געהערשט אין אַלע קאַטוילישע שולן; קיין פּראַקטישע נוצן האָבן אויך די יידן נישט געקענט האָבן פון זייער וועלטלעכער וויסנשאַפט, ווייל צו קיין רעגירונגס־שטעלן האָט מען זיי נישט צוגעלאָזט, און די קלעריקאַלע גייסטלעכע האָבן נישט געלאָזט יידן זיך פאַרנעמען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק צווישן קריסטן. אויף אַזאַ

אופן האָבן יידן געמוזט בלייבן אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער וועלט און די שטרעבונג צו וועלטלעכע קענטענישן האָט געמוזט דערשטיקט ווערן. די רבנישע הערשאַפט צווישן די פּוילישע יידן האָט געהאַט פיל שלעכטע זייטן, ווייל דורך דער צו־גרויסער שטרעבונג צום טיטל למדן זיינען יידן געוואָרן צו־פיל קאָפּ־מענטשן, וואָס פאַרברענגען אַלע יאָרן נאָר אין לערנען און זיינען ווייט פון דער גרויסער וועלט, פון יעדן לעבעדיקן דירעקטן געפיל. די מעטאָדעס, לויט וועלכע מען האָט דעמאָלט געלערנט אין די ישיבות, זיינען אויך געווען ווייט פון פולקאָמקייט, ווייל אַ דאַנק דעם פלפול, וואָס האָט זיך דאָרט פּראַקטיצירט, האָט זיך אַנטוויקלט דער באַרימטער יידישער טיף פון טרוקענעם ביכער־מענטש מיט זיין קרומען, שפּיציקן שכל, מיט זיין „גראָבן פינגער" און צעקאַליעטשעטע געפילן. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז לויט דעם גלאַנץ און גייסטיקער קראַפט זיינען די פּוילישע יידן פון יענער עפּאָכע געשטאַנען העכער פון אַנדערע יידן און אין זייער אָפּגעשלאָסנקייט און טרוקענער רבנישער תורה האָבן זיי אַרויסגעוויזן נישט ווייניק גאונות.

דריי גרויסע מענער האָבן דעמאָלט פאַרמאָגט די פּוילישע יידן: ר' שלום שכנא, דער רמ"א און רש"ל, וואָס זיינען גערעכנט געוואָרן פאַר די גרעסטע גאונים פון זייער צייט, פאַר די זיילן פון דעמאָלטיקן יידנטום. דער עלטסטער פון זיי איז געווען ר' שלום שכנא (1500־58 אַן ערך). וועגן אים איז נאָר באַוואוסט, אַז ער האָט געלעבט אין לובלין, אַז אין 1541 איז ער דורך אַ באַפעל פון קעניג סיגיזמונד דעם ערשטן באַשטימט געוואָרן ווי עלטסטער רב פון קליין־פּוילן און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ישיבה, פון וועלכער עס זיינען דערנאָך אַרויסגעקומען פיל באַרימטע גאונים. נאָך מער פון אים איז געווען באַוואוסט זיין תלמיד ר' משה איסערליס, וואָס איז באַקאַנט מיט זיין פאַרקירצטן נאָמען רמ"א (1572־1520).

ר' משה איסערליש איז געווען אַ זון פון אַ רייכן יידן, אַ מיטגליד פון דער געמיינדע־פאַרוואַלטונג. נאָך אין די יונגע יאָרן איז ער באַרימט געוואָרן אין דער תלמודישער וועלט און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער קראָקאָווער ישיבה. ווען אין 1550 איז דערשינען דער „בית יוסף" פון באַרימטן ר' יוסף קאַרו, ווי אַ פירוש צום „טורים", האָט ר' משה איסערליס אַרויסגעלאָזט זיין ספר „דרכי משה", אין וועלכן ער האָט באַ־

דייטנדיק דערגענצט דעם גרויסן מאַטעריאַל וועגן הלכות און דינים, וואָס ר׳ יוסף קארו האָט צונויפגעזאַמלט אין זיין ווערק. דער רמ״א האָט זיינע הוספות געמאַכט אויפן גרונד פון נייע קוואַלן און דאָס האָט אויסגעזען, ווי אַ וואונדער, ווייל געמיינט האָט מען, אַז דער באַרימטער מחבר פון „שלחן ערוך״ האָט שוין אויסגענוצט אַלע מאַטעריאַלן. שפּעטער, ווען ר׳ יוסף קארו האָט אַרויסגעלאָזט זיין „שלחן ערוך״, האָט דער רמ״א באַמערקט, אַז ווי אַ ספרדי האָט דער מחבר פון „שלחן ערוך״ פאַרזען פיל קוואַלן פון די גרויסע אשכנזישע רבנישע אויטאָריטעטן און אויך ניט גענומען אין אַכט די פיל אייגנאַרטיקע מנהגים פון די פּוילישע יידן. דער רמ״א האָט דעריבער צוגעגעבן צום קאָדעקס „שלחן ערוך״ פיל נייע דינים אויפן גרונד פון די פאָלקס־מנהגים און פּראַקטיק פון די פּוילישע גרויסע רבנים און די אַלע הוספות האָט דער רמ״א צוגעגעבן צום טעקסט פון „שלחן ערוך״, מיט דעם נאָמען „מפּה״. אין 1578 איז דער „שלחן ערוך״ צום ערשטן מאָל דערשינען אין קראָקע מיט די הוספות פון רמ״א אין אַזאַ פאָרעם האָט דער „שלחן ערוך״ פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן פאַרשפּרייט און אָנגעווענדעט צו ווערן ביי די פּוילישע יידן.

דער צווייטער גרויסער גאון פון יענער צייט ר׳ שלמה לוריא, וואָס איז באַוואוסט מיט זיין נאָמען מרש״ל (1510־1573), איז געווען אַ מענטשן פון גרויסן קריטישן שכל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זעלטענעם דרייסטן געדאַנק. ער איז געווען אַ געבוירענער פון פּויזן, וואו־הין זיין זיידע איז אַריבערגעפאָרן פון דייטשלאַנד. ווי אַ מענטש מיט אַ שאַרפן אַנאַליטישן שכל, איז ער געווען אַ גרויסער קעגנער פון די בעלי־פּלפּול און האָט אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער די מעטאָדע פון די בעלי־התוספות, וואָס איז באַשטאַנען אין אַ שטרענגן אַנאַליז פון דעם תלמוד. קיין אויטאָריטעטן האָט דער רש״ל נישט אָנערקענט, אַלץ האָט ער גע־וואויגן און קריטיקירט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט די דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן וועגן אויטאָריטעט פון גרויסן ר׳ יוסף קארו, וועלכער איז געווען די גרעסטע אויטאָריטעטישע קראַפט צווישן אַלע יידן. וועגן „שולחן ערוך״ און זיין מחבר האָט דער רש״ל זיך אָפּגערופן מיט אַ געוויסער פאַראַכטונג, ער האָט באַוויזן, אַז ר׳ יוסף קארו האָט זיך באַנוצט מיט די פיל מקורות אָן דער נויטיקער קריטיק, און די צווייפל־האַפטע פראַגן האָט ער אויף זיין אייגענער ריזיקע געלייזט לויט זיין

אייגענעם שכל. אין זיין באַרימטן פּירוש צום תלמוד „ים של שלמה״, וואָס איז ניט פאַרענדיקט געוואָרן, האָט דער רש״ל זיך געהאַלטן אין דער מעטאָדע פון ריינער קריטיק און ניט מורא געהאַט פאַר קיין אויטאָריטעטן דאָרט, וואו אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער אמת איז נישט אויף זייער זייט. עס איז קיין ספק נישט ,אַז דער רש״ל וואָלט מיט זיין קריטיק און שטרענגען אַנאַליז געוועז זיך גענומען צום תלמוד אליין. אין אייניקע ערטער געפינען זיך רמזים, וואָס באַווייזן, אַז דער רש״ל האָט געהאַט פיל ספקות בנוגע צו דער ריכטיקייט פון די הלכות און תלמוד גופא. נאָר, נאַטירלעך ,איז יענע צייט נישט געווען פאַסנדיק פאַר אַזאַ קריטיק און דער רש״ל האָט געמוזט באַהאַלטן אין זיך זיינע ספקות. ווי אַ קפדן און אומ־אָפּהענגיקער מענטש, וואָס רעכנט זיך נישט מיט קיינעם, האָט דער רש״ל געהאַט קעגן זיך פיל שונאים און געמוזט פיל וואַנדערן אין זיין לעבן. אין 1550 ־ יאָרן איז ער געוואָרן רב אין אָסטראָוו, וואָלין, און מיט זיינע תלמודישע לעקציעס, וועלכע עס זיינען געקומען הערן מענטשן פון אַלע שטעט אַרום ,איז אָסטראָוו געוואָרן דער צענטער פון וואָלינער יידנטום. די לעצטע יאָרן זיינע האָט ער פאַרבראַכט אין לובלין, וואו עס עקזיסטירט נאָך איצט א שיל, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

דער רמ״א און דער רש״ל זיינען געווען די זיילן פון רבניזם אין פוילן; צו זיי פלעגט מען זיך ווענדן מיט שאלות פון אַלע עקן וועלט. זייערע ענטפערס אויף די שאלות זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין באַ־זונדערע ספרים „שאלות ותשובות רמ״א ורש״ל״. ביידע רבנים האָבן צווישן זיך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ און געווען באַפריינדעט ,נאָר צוליב דעם אונטערשיד פון זייערע כאַראַקטערן האָבן זיי שטענדיק געפירט צווישן זיך הייסע דיספּוטן. דער רש״ל איז, נישט געקוקט אויף זיין קלאָרן קרי־טישן שכל, געווען גענייגט צו קבלה. דער רמ״א ווידער איז, נישט געקוקט אויף זיין קאָנסערוואַטיוון שכל, געווען שטאַרק גענייגט צו פילאָזאָפיע. ביידע גאונים האָבן דעריבער געמאַכט פאַרוואורפן איינער דעם צווייטן אויף זייערע „חטאים״. דער רש״ל האָט זיך באַמיט צו באַווייזן זיין פריינד, אַז די חכמה פון „ערל אַריסטו״ וועט צו קיין גוטס נישט פירן, און דער רמ״א האָט באַוויזן, אַז די קבלה איז קעגן דעם יידנטום און פיל מער געפערלעך פאַר דער אמונה, איידער די פילאָזאָפיע.

אין פוילן איז די רבנישע וויסנשאַפט געווען פאַרבונדן מיטן לעבן.

דאָרטן האָבן די יידישע געמיינדעס געהאַט זייער אייגן געריכט, דאָרט האָט פונקציאָנירט דער „ועד ארבע ארצות", וואָס האָט געדאַרפט לייזן פיל יורידישע און רעליגיעזע פראַגעס אויפן גרונד פון תלמוד און זיינע מפרשים, און צוליב דעם האָט מען דאָרט די בקיאות אין הלכה אָנגעווענדעט אין פּראַקטישן לעבן. דער דאָזיקער פּראַקטישער צוזאַמענהאַנג צווישן לעבן און בוך האָט אַרויסגערופן אויף דער סצענע פיל לומדים, וועלכע האָבן זיך הויפּטזעכלעך פאַרנומען דערמיט, וואָס זיי האָבן אַלץ מער געלייטערט און סיסטעמאַטיזירט די פאַרשידענע דינים און הלכות, כדי צו האָבן פאַר זיך אַ פּראַקטישן וועגווייזער אין אַלע שאלות, וואָס קומען פאָר אין רע־ליגיעזן לעבן.

איינער פון די רבנים פון דעם סאָרט איז געווען ר' מרדכי יפה (גע־שטאָרבן אין 1612). ער האָט געשטאַמט פון בעמען און פאַרנומען די שטעל פון רב פריער אין גראָדנע, דערנאָך אין לובלין, קרעמעניץ, פּראָג און פויזן. ער איז אויך נישט איין מאָל געווען פאָרזיצענדער אין דעם „ועד ארבע ארצות". אַזוי ווי ער איז געווען אַ תלמיד פון רמ"א, האָט ר' מרדכי יפה דאָך זיך נישט באַנוגנט מיט זיינע ספרים און געהאַלטן, אַז אפילו די הוספות פון רמ"א צום ,שלחן ערוך" זיינען נאָך נישט דאָס לעצטע וואָרט און אַז עס איז נאָך דאָ פיל אויפצוטאָן אין סיסטעמאַטיזירן די דינים. ער האָט דעריבער מחבר געווען אַ נייעם קאָדעקס „לבושים", וואָס האָט זיך אונטערשיידט פון דעם סיסטעם פון „שלחן ערוך" און „מפה" דערמיט, וואָס דאָרט, אין „לבושים", איז צו יעדן דין און הלכה אויך צוגעגעבן אַ לאַנגע טעאָרעטישע דערקלערונג און חקירה, וועגן גרונט פון יעדן געזעץ. דער „לבושים" האָט שיעור נישט אַרויסגערופן קיין שפּאַל־טונג אין דער רבנישער וועלט, ווייל צוערשט האָבן פיל געוואָלט אָפּשטיין פון „שלחן ערוך" און זיך האַלטן נאָר אין „לבושים", אָבער סוף כל סוף האָט דער „שלחן ערוך" מנצח געווען און איז אנערקענט געוואָרן ווי דער איינציקער אויטאָריטעטישער קאָדעקס אין דער פּראַקטיק. — אונטער דעמזעלבן נאָמען „לבושים" האָט ר' מרדכי יפה אָנגעשריבן נאָך 5 טיילן, וואו עס געפינען זיך פּירושים צום תנ"ך, באַמערקונגען צום „מורה נבו־כים", דרשות און קבלה־חקירות.

דער שטעלפאַרטרעטער פון ר' מרדכי יפה ווי עלטסטער רב און פאָרזיצענדער פון „ועד ארבע ארצות" איז געווען ר' יהושע פאלק הכהן

(געשטאָרבן אין 1616), רב אין לובלין און דערנאָך ראש ישיבה אין לעמ־בערג. ער איז באַרימט געוואָרן מיט זיין ווערק „ספר מאור עינים", אָדער סמ"ע, אַ פירוש צום „חשן משפט" פון ר' יוסף קאַרו. ער איז אויך געווען דער פאַרפאַסער פון דעם רוב תקנות, וואָס דער „ועד ארבע ארצות" האָט אַרויסגעגעבן פאַר די יידישע געמיינדעס.ר'מאיר פון לובלין (1554־1616), וואָס איז באַקאַנט מיט זיין נאָמען מהר"ם מלובלין, האָט זיך געהאַלטן אין אַן אַנדער סיסטעם. ביי אים איז געווען דער עיקר נישט די פּראַק־טישע נוצן פון דער תורה, נאָר די חקירה און פלפול אַליין און דעריבער האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג צו יענע גאונים, ווי ר' יוסף קאַרו און דעם רמ"א, וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע קלייניקייטן, ווי סיסטעמאַטיזירן דעם גרויסן באַרג דינים און הלכות. ווי רב פון קראָקע, לובלין און לעמבערג, האָט דער מהר"ם געלייענט לעקציעס פאַר אַ גרויסן אוידיטאָריום און דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן פיל שאַרפזין און זייער־קונ־ציקע פירושים צו די שווערסטע ערטער אין תלמוד. דעם זעלבן שאַרפזין האָט ער אַרויסגעוויזן אין זיינע ספרים „מאיר עיני חכמים" און „שאלות ותשובות מהר"ם", נאָר אומעטום האָט דער מהר"ם געשטרעבט ניט צו פּראַקטישע נוצן, נאָר צו חקירה לשם חקירה.אין זיינע פאָרשונגען געפינען זיך דעריבער ניט ווינציק קוריאָזן. אַזוי, למשל, האָט דער מהר"ם געפונען פאַר נייטיק אפילו אָנצושרייבן אַ גאַנצע חקירה וועגן דער פראַגע, צי קען מען האַלטן פאַר אַן עבירה, ווען אַ פרוי האָט געהאַט באַציאונגען מיט אַ שד, וואָס איז צו איר געקומען פריער אין געשטאַלט פון איר מאַן און דערנאָך אין געשטאַלט פון אַ פוילישן פריץ. — אַזאַ ליבהאָבער פון זיינע חקירות איז אויך געווען דער מהרש"א, ר' שמואל איידליש, רב אין פוזן, לובלין און אָסטראָוו. זיינע פירושים צו אַלע מסכתות פון תלמוד זיינען פול מיט קונציקע קשיות און תירוצים און זיינען נאָך ביז איצט זייער פּאָ־פּולער. דער גרעסטער טייל רבנים האָט זיך אָבער ווייטער געהאַלטן אין דעם וועג, אין וועלכן עס זיינען געגאַנגען דער רמ"א און ר' מרדכי יפה. די אויטאָריטעט פון „שלחן ערוך" איז אין פוילן אַלץ געבליבן גרויס און די רבנים האָבן פאָרגעזעצט די אַרבעט פון ר' יוסף קאַרו און ווייטער געפירט די אַרבעט פון סיסטעמאַטיזירן די דינים. איינער פון די אָנ־געזעענסטע רבנים אין יענער צייט, ר' יואל סירקיס, רב אין בריסק און קראָקע, האָט אָנגעשריבן אַ פירוש צו ם„טורים", „בית חדש" (קורץ: ב"ח),

וואו ער האָט געגעבן זיינע אייגענע הוספות צו די פאַרשונגען וועגן די געזעצן. די איבעריקע אָנגעזעענע געלערטע פון יענער צייט האָבן זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט דער באַאַרבעטונג פון „שלחן ערוך", באַזונ־דערס מיט דעם טייל „יורה דעה", וואו עס ווערן באַהאַנדלט די פראַגן וועגן כשר און טרף. אין 1646 זיינען דערשינען צוויי אויספירלעכע פירו־שים צום „יורה דעה": איינער פון זיי, מיטן נאָמען „טורי זהב", איז פאַרפאַסט דורך דעם רב ר' דוד הלוי; דער צווייטער, מיטן נאָמען „שפתי כהן", איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך דעם ווילנער גרויסן למדן ר' שבתי כהן. ביידע קאָמענטאַרן זיינען געדרוקט צוזאַמען מיט דעם „יורה דעה" ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון אים (באַקאַנט אונטער די ראשי תיבות ט"ז און ש"ך).

צוליב דער גרויסער אויפלעבונג אין דער רבנישער ליטעראַטור האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט די ביכער־דרוקערייען אין פּוילן, וואָס האָט אין דער הינזיכט פאַרנומען איינעם פון די ערשטע פּלעצער אין אייראָפּע. דער ערשטער יידישער ספר (חומש) איז געווען אָפּגעדרוקט אין קראָקע אין יאָר 1530. אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט האָבן שוין אין קראָקע און לובלין עקזיסטירט צוויי גרויסע יידישע דרוקערייען, וועלכע האָבן געדרוקט פיל אַלטע און נייע ספרים. אין 1566 האָט דער קעניג סיגיזמונד־אויגוסט געגעבן דעם יידן לעוויט מאָנאָפּאָל־רעכט אויף ארייננצופירן קיין פּוילן יידישע ספרים פון אויסלאַנד, נאָר ווען ארייננפירן ספרים פון אויסלאַנד איז געוואָרן שווערלעך, האָט אַן אַנדערער ייד, אַ געוויסער קלמן, באַקומען פון קעניג באַטאַרי אַ פּריווילעגיע צו דרוקן ספרים אין לובלין. צוליב דער פּויפּסטלעכער צענזור אויף דעם תלמוד אין איטאַליע האָט דאָס ספרים־דרוקן אין פּוילן זיך נאָך פאַרגרעסערט און די פּוילישע דרוקערייען האָבן שוין צוגעשטעלט ספרים נישט בלויז פאַר די פּוילישע יידן, נאָר אויך פאַר די יידן פון אַנדערע לענדער.

# קאַפּיטל זעקס

## פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט

נישט די אכזריות פון טאָרקוועמאַדע, נישט דער גיה״ש פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע יידן האָבן נישט געקענט אויסוואָרצלען די מאַראַנען, און זיי מאַכן פאַר טרייע דינער פון דער „הייליקער קירך". די יידן האָט מען פאַרטריבן, אָבער עס זיינען פאַרבליבן די מאַראַנען און די צענדליקע טויזנטער יידן, וואָס זיינען מיט געוואַלד געמאַכט געוואָרן פאַר קריסטן, זיינען אין האַרצן דאָך געבליבן טרייע זין פון זייער פאָלק און פון דור צו דור האָבן די פאַרבאָרגענע יידן איבערגעגעבן זייערע קינ־דער און אייניקלעך די צוואה, אַז זיי זאָלן בלייבן יידן אין האַרצן און נישט פאַרגעסן אין זייער שטאַם און רעליגיע. שוין כמעט דריי דורות זיינען אַוועק, זינט יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און די מאַראַנען זיינען געבליבן עלנט און אליין — און דאָך האָט זיך נישט איבערגעריסן דער באַנד צווישן די מאַראַנען און דער גערודפטער יידישער נאַציע. אין געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן זיינען די מאַ־ראַנען געוואָרן אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדן מיט דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג. זיי זיינען אַריינגעטרעטן אין די רייען פון די אַדליקע, באַאַמטע, אַפילו גייסטלעכע און אומעטום פאַרנומען אַן אַנגעזעען אָרט, אָבער דאָך האָבן פיל פון זיי נישט אויפגעהערט גלויבן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען זיי וועלן ווערן אויסגעלייזט און ווידער באַקומען די מעגלעכקייט צו בלייבן פרייע יידן. דאָס יידישע פאָלק האָט ווידער אַמאָל אַרויסגעוויזן זיין וואונדערבאַרע פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די אָרומיקע באַדינגונגען און אָפּהיטן זיין אינערלעכע זעלבסטשטענדיקייט. ביי אַזאַ גיהנם פון צרות און רדיפות, ביי דער הערשאַפט פון דער שרעקלעכער אינקוויזיציע, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון גלגולים און וואַנדערן האָבן דאָך די מאַראַנען באַוויזן די פעאיקייטן אויסערלעך זיך צונויפצוגיסן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און אינערלעך בלייבן יידן. די ענוים און רדיפות האָבן נאָר פאַרהייליקט פאַר די מאַראַנען די רעליגיע פון זייערע עלטערן און נאָר פאַרשטאַרקט

אין זיי די בענקשאַפט נאָך מאַרטירערטום. די מאַראַנען האָבן געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, ווען זיי זיינען גלייך פון דער קירך אַוועק ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל און דאָרט אויסגעגאָסן זייער האַרץ פאַר דעם גאָט, אין וועלכן זיי האָבן געגלויבט. די געפאַר אַרום איז געווען גרויס, די מאַראַנען האָבן געוואוסט, אַז אַרום לויערן שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציע און זיי דראָט יעדע מינוט די געפאַר צו ווערן אַרעסטירט און באַצאָלן מיטן לעבן, נאָר דאָס האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן און די שטענדיקע געפאַר האָט נאָר אַרויפגעלייגט אַ שטעמפּל פון קדושה אויף דער יידישער אמונה און זי געמאַכט טייערער און שענער אין די אויגן פון די מאַרטירער. לאַנג, לאַנג האָט געדויערט דער קאַמף מיט די מאַראַנען אין די לענדער פון דער אינקוויזיציע, און מיט דעם גירוש פון יידן האָט די יידן־פראַגע פאַר שפּאַניע און פּאָרטוגאַל זיך נאָך נישט געענדיקט. אין משך פון פיל יאָרן נאָך דעם גירוש גייט נאָך אַ העלדישער קאַמף צווישן דער קירך און די מאַראַנען; די ערשטע קעמפט מיט דעם שווערד אין דער האַנט, די לעצטע — מיט זייער עקשנות און מסירת־נפש, נאָרביידע ווילן זיך נישט אונטערגעבן און נאָך פיל טראַגישע אַקטן שפּילן זיך אָפּ אין די לענדער, איידער זיי ווערן פּטור פון די פאַרעקשנטע מאַראַנען.

אין שפּאַניע האָט די אַרבעט פון טאָרקוועמאַדאַ פאָרגעזעצט זיין פאַרטרעטער, דער גענעראַל־אינקוויזיטאָר דעזאַ. אַליין איז ער געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג (פון דער מוטערס צד — אַן אייניקל פון מאַראַנען), נאָר צו די מאַראַנען האָט ער אַרויסגעוויזן נישט ווייניקער אַכזריות, איידער טאָרקוועמאַדאַ. אין משך פון איין יאָר 1501 האָט דעזאַ איינגעאָרדנט אַ סך אויטאָ־דע־פעס: אין טאָלעדאָ האָט ער דעם 5טן מערץ פאַרברענט 38 מאַראַנען, אויפן צווייטן טאָג — 67 מאַראַנישע פרויען. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט ער אין דער זעלבער שטאָט פאַרברענט 9 מענער און פאַרמשפּט צו אייביקער תפיסה 140 יונגע מענער און פרויען. אין קאָרדאָבאַ האָט ער אין דעם זעלבן יאָר פאַרברענט אַן ערך 90 מאַראַנען און אין סעווילע 45.

די רעכטע האַנט פון דעזאַ איז געווען דער קאָרדאָבער אינקוויזיטאָר לוסעראָ, דער ליבלינג פון קעניג פערדינאַנד. לוסעראָס סיסטעם איז געווען אַריינצודרינגען אין די רייען פון דער העכסטער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע, דאָרט אַנטדעקן מאַראַנען, אָדער אַזעלכע, וואָס זיינען נוטה צו

דער יידישער אמונה, אַרעסטירן, פייניקן, פאַרמשפּטן צום טויט, דערנאָך דערלאַנגען דעם קעניג אַ טייל פון דעם פאַרמעגן וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן ביי די פאַרמשפּטע, און דערביי, נאַטירלעך, נעמען פאַר זיך אויך אַ שיינעם חלק. באַזונדערס פלייסיק האָט לוסערא געאַרבעט, כדי אויס־צוואָרצלען די אפיקורסישע עלעמענטן צווישן די גייסטלעכע. אַזוי האָט ער געפייניקט איינעם אַ זון פון אַ מאַראַן קאַסטראַ, וואָס האָט פאַרנומען די שטעלע פון אַ גייסטלעכן, האָט דורך ענוים אים געצוואונגען זיך מודה צו זיין אין „אומגלויבן”, דערנאָך אים פאַרמשפּט צום טויט און קאָנפיס־קירט זיין גאַנץ פאַרמעגן. אַזוי איז אויך פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דער טעאָלאָג מעמברען, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין פרעדיקן די יידישע אמונה: ער איז עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט די 107 פער־זאָן, וואָס האָבן אויסגעהערט זיינע דרשות. לוסערא האָט באַשולדיקט אין יידישקייט אפילו דעם אַרציבישאָף טאַלעווערא, דעם געוועזענעם גייסט־לעכן פון דער קעניגן. מען האָט אַרעסטירט זיינע קרובים, וואָס האָבן אָפּ־געשטאַמט פון יידן, זיי אַריינגעזעצט אין תפיסה, און אים אַליין האָט מען געצוואונגען צו גיין איבער דער שטאָט צוזאַמען מיט נאָך מאַראַנען אין אַ פּראָצעסיע באָרוועס און אָן אַ היטל, ווי תשובה אויף זיינע זינד. דער אַרציבישאָף האָט נישט אַריבערגעטראָגן דעם בזיון און אין עטלעכע טעג אַרום איז ער געשטאָרבן.

די אַכזריות פון דער אינקוויזיציע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די מאַראַנען האָבן געפּרואווט ביים קעניג פועלן פאַר הונדערט טויזנט דוקאַטן אָפּצושטעלן די אינקוויזיציע ווינציקסטנס אויף אַ קליינער צייט. דאָס האָט נישט געווירקט, אָבער דערפאַר האָבן געווירקט די פּראָטעסטן פון די אָנגעזעענסטע קריסטן, וועלכע האָבן שוין נישט געקענט אַריבער־טראָגן די אַכזריותדיקע מעשים פון לוסערא. דער קעניג האָט געמוזט אָפּ־זאָגן פון זיין שטעל דעם גענעראַל־אינקוויזיטאָר דעזאַ און צוזאַמען מיט אים איז אויך געפאַלן דער בייזער לוסערא. אים האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע און באַפרייט אַלע אַרעסטירטע, וואָס מען האָט חושד געווען אין געהערן צום יידנטום. אָנשטאָט דעזאַ איז ווי גענעראַל־אינקוויזיטאָר באַ־שטימט געוואָרן כימענעז, דער אַרציבישאָף פון טאָלעדאָ. ער האָט זיך אָפּ־געזאָגט פון סיסטעם צו אַרעסטירן און משפטן מענטשן אָן שום גרינטלעכע באַווייזן, בלויז ווי פאַרדעכטיקע, אָבער דערפאַר בנוגע צו די, קעגן וועל־

כע עס זיינען געווען באַשטימטע באַוויזן, איז כימענעז נישט געווען באַ־רעמהאַרציקער, איידער דעזאַ, און ער האָט אייניקע געמשפט מיט פייער, אַנדערע איינגעזעצט אין די טורמעס און אַרויפגעלייגט אויף זיי גרויסע שטראָפן.

ווען נאָכן טויט פון קעניג פערדינאַנד (1516) איז דער שפּאַנישער טראָן איבערגעגאַנגען צו זיין אייניקל קאַרל דעם ערשטן, שפּעטער קייסער פון דייטשלאַנד, האָבן די מאַראַנען געפּרואווט איבערקויפן דעם יונגן הער־שער. זיי האָבן אַוועקגעשיקט צום קעניג אַ דעפּוטאַציע מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל באַגרענעצן די רעכטן פון דער אינקוויזיציע און איינפירן באַשטימטע גאַראַנטיעס פון אַ גערעכטן משפט; דערפאַר האָט מען דעם קעניג פאַר־געלייגט 800 טויזנט טאָלער גאָלד. אין דער זעלבער צייט האָבן די שתד־לנים פון די מאַראַנען געפּרואווט ווירקן אויפן פויפּסט אין רוים. דער טאָ־לעראַנטער פויפּסט לעאָ דער צענטער איז שוין איינגעגאַנגען צו דערפילן די ביטע פון די מאַראַנען און אַרויסגעגעבן אַ געהעריקן באַפעל, נאָר דער קעניג, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון דער אינקוויזיציע, האָט מודיע געווען דעם פויפּסט, אַז די אָנקלאָגן פון די מאַראַנען פאַרדינען נישט קיין צוטרוי, אַז די מאַראַנען האָבן אים געוואָלט אונטערקויפן און אַז די אינקוויזיציע פירט זיך מיט גערעכטיקייט. דער פויפּסט האָט געמוזט נאָכ־געבן און די אינקוויזיציע האָט ווייטער אָן שטערונגען געפירט איר אַר־בעט. די אינקוויזיציע־געריכטן האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין קאָרדאָבאַ, טאָלעדאָ, סאַראַגאָסאַ, סעווילע, גראַנאַדאַ און אַנדערע שטעט.

די שנאה צו די מאַראַנען איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. באַזונדערס האָט די אינקוויזיטאָרן נישט געלאָזט רוען דער געדאַנק, אַז פיל אייניקלעך פון די מאַראַנען פאַרנעמען הויכע שטעלעס ווי גייסטלעכע, און די גאַנצע ענערגיע איז אָנגעווענדט געוואָרן דערויף, אַז מען זאָל אָפּרייניקן די קירך פון דעם גיפט פון יידנטום. פריער האָט מען אויפן גרונט פון דאָקומענטן און אַרכיוו פון דער אינקוויזיציע פאַרעפנטלעכט אַ בוך, וואו עס זיינען אויסגערעכנט געוואָרן אַלע פאַמיליעס פון די מאַראַנען, וואָס האָבן גע־דאַרפט געפינען זיך אין שטאַרקן פאַרדאַכט. דערנאָך האָט מען אָנגעווענדט אַ ניי מיטל: פאַרעפנטלעכט אַ געפעלשטע קאָרעספּאָנדענץ צווישן די מאַ־ראַנען און די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער יידן און דאָס האָט געדאַרפט שטאַרק קאָמפּראָמיטירן די מאַראַנען. די בלבול־מאַכער האָבן זיך נישט גענאַרט

אין זייער חשבון. די געפעלשטע קאָרעספאָנדענץ האָטווירקלעך געמאַכט אַ רושם. ווי אַן ענטפער אויף די בריוו פון די שפּאַנישע מאַראַנען, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער שווערער לאַגע, האָבן די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער יידן כלומרשט געענטפערט: „איר זאָגט, אַז דער שפּאַנישער קעניג צווינגט אייך צו ווערן קריסטן, — גיט זיך אונטער, ווייל קיין אַנדער ברירה האָט איר נישט. איר זאָגט אַז ביי אייך נעמט מען אָפּ אייער גוטס, — מאַכט אייערע קינדער פאַר סוחרים, כדי זיי זאָלן קענען אָפּנעמען ביי זיי (די קריסטן) זייער גוטס. זיי נעמען ביי אייך צו דאָס לעבן, — ווערט דאָקטוירים און אַפּטייקערס, כדי איר זאָלט קענען צונעמען דאָס לעבן ביי אייערע שונאים. זיי צעשטערן אייערע שולן, — מאַכט אייערע קינדער פאַר גלחים און טעאָלאָגן, — און איר וועט צעשטערן זייערע קירכעס. אייך פאַרשאַפט מען אַנדערע יסורים, — באַמיט זיך, אַז אייערע קינדער זאָלן ווערן אַדוואָקאַטן, פּראָקוראָרן, נאָטאַריוסן און באַאַמטע, כדי זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין די געזעלשאַפטלעכע ענינים, — און איר וועט זיך נוקם זיין אין אייערע שונאים דערמיט, וואָס איר וועט זיי פאַרשקלאַפן און באַהערשן דאָס לאַנד". די דאָזיקע פאַלסיפיקאַציע איז געווען אַ קונציקע, ווייל באמת האָבן די מאַראַנען פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין דעם קולטורעלן לעבן פון די קריסטן און דער געפעלשטער ראַט פון די טערקישע יידן האָט אויסגעזען ריכטיק. פיל קריסטן האָבן דעריבער געגלויבט אין דער קאָרעספּאָנדענץ און די רדיפות אויף די מאַראַנען האָבן זיך נאָך פאַרשטאַרקט. די מאַראַנען האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, זיך צוגעפּגעדריקט ווי אַ סטאַדע שעפּסן און שטילער געוואָרן. די אומפאָרזיכטיקע מאַראַנען האָט די אינקוויזיציע נאָך שטרענגער, ווי פריער, פאַרפאָלגט; יעדעס יאָר פלעגן אייגעאָרדנט ווערן אויטאָ־דאַ־פעס, און פאַר די שפּאַניער איז דאָס געווען אַ יום־טוב, אויף וועלכן עס פלעגן זיך צונויפפאָרן אָנגעזעענע קריסטן פון אַלע שטעט. דער פּלאַץ, וואו עס זיינען פאָרגעקומען די אויטאָ־דאַ־פעס, פלעגט זיין איבערפולט מיט מענטשן און פון די אָרומיקע הייזער, פון די פענצטער און באַלקאָנען האָט מען געקוקט און זיך געמאַכט לוסטיק אויף די אומגליקלעכע „אומגלויביקע", וואָס מען האָט געברענט אויפן פייער. פיל מאַראַנען האָבן פאַרלוירן די האָפענונג, אַז די לאַגע זאָל זיך פאַרבעסערן, און האָבן עמיגרירט קיין טערקיי, איטאַליע און אַנדערע לענדער. אייניקע האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע, וואָס איז צו יענער צייט

נאָר וואָס אַנטדעקט געוואָרן. אָבער אויך אַהין האָט זיי באַגלייט די שפּאַנישע אינקוויזיציע, און אין מעקסיקע און דרום־אַמעריקע, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון שפּאַניע, זיינען איינגעפירט געוואָרן די אינקוויזיציע־געריכטן, וועלכע האָבן אויך דאָרט פלייסיק געאַרבעט און אָפּגעזוכט זייערע קרבנות.

נאָך טראַגישער איז געווען די לאַגע פון די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען. די לעצטע האָבן זיך געהאַלטן גאָר אַנדערש, איידער די שפּאַנישע מאַראַנען. ווייל אויב די שפּאַנישע מאַראַנען זיינען אויסערלעך שוין לאַנג געווען פאַרדעכנט ווי אַ טייל פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און דערפילט אַלע קאַטוילישע געזעצן, זיינען די מאַראַנען אין פּאָרטוגאַל געווען אייגנטלעך יידן וואָס האָבן נאָר פּאָרלויפיק אויף זיך אַרויפגענומען די מאַסקע פון קריסטן און דערנאָך כמעט אָפּן אַראָפּגעוואָרפן זי פון זיך. דאָס זיינען געווען די שפּאַנישע מגורשים, וועלכע האָבן עמיגרירט פון שפּאַניע אין 1492 און געהאַפט צו געפינען אין פּאָרטוגאַל אַ בית־מקלט אויפן גרונט פון דער הבטחה פון קעניג עמאַנועל, וועלכער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז אין משך פון 20 יאָר וועלן זיי זיין פריי פון דעם אינקוויזיציע־געריכט. אַזוי ווי זיי האָבן געגלויבט אין דער הבטחה, האָבן די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען אויסגעפירט די געבאָטן פון דער יידישער אמונה כמעט אָפן, פיל דרייסטער, ווי זייערע ברידער אין שפּאַניע. אין אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט האָבן זיי אין ליסאַבאָן אפילו געהאַט זייער אייגענע שול און געלעבט אין אַ קאָמפּאַקטער מאַסע, אָפּגעזונדערט פון די קריסטן. צוליב דער דאָזיקער צווייזייטיקער ראָל זייערער זיינען די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען נאָך מער פאַרהאַסט געווען אין די אויגן פון די קריסטן. עס איז אַנטשטאַנען אַ טראַגישע לאַגע. דערלויבן די מאַראַנען פריי זיך האַלטן אין זייער רעליגיע און אין גאַנצן אַראָפּוואַרפן פון זיך די קריסטלעכע מאַסקע — אַזוי ווייט טאָלעראַנט און גערעכט האָט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג נישט געקענט זיין; אַרויסטרייבן זיי פון לאַנד האָט די רעגירונג אויך נישט געוואָלט, ווייל די יידישע באַנקירן, סוחרים, דאָקטוירים, טעכניקער אדג״ל זיינען געווען זייער נייטיק פאַר דעם אָרימען אומקולטורעלן פּאָרטוגאַל און דער קעניג האָט אפילו נישט דערלאָזט יידן עמיגרירן אין אַנדערע לענדער. די מאַראַנען זיינען פאַרבליבן אָפיציעל קריסטן און אינערלעך יידן, מיט דער דאָזיקער צווייזייטיקייט האָבן זיי אויפגעהעצט קעגן זיך די

קריסטלעכע באַפֿעלקערונג און דאָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ שרעק־לעכער קאַטאַסטראָפֿע. אין 1506 האָט מען אין ליסאַבאָן אין יידישן יום־טוב פּסח געפֿונען ביי אייניקע מאַראַנען פֿלייש, מצה און מרור. די פֿאַר־דעכטיקע מאַראַנען האָט מען אַרעסטירט, נאָר דערנאָך באַפֿרייט לויט דעם באַפֿעל פֿון קעניג. דאָס האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן די פֿרומע קאַטאָליקן און מען האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם. אין פּאַסכאַ האָבן די דאָמי־ניקאַנער מאָנאַכן אַרויסגעשטעלט אין איינער פֿון די קירכן קריסטוסעס בילד מיט דעם רעליקוויען־קאַסטן, פֿון וועלכן עס איז געגאַנגען עפּעס אַ געהיימנישפֿולע שיין. איינער פֿון די געבילדעטע מאַראַנען, וואָס איז גע־ווען דאָן אין קירך, האָט זיך דערלויבט אָפּשפּעטן פֿון דעם „נס" און גע־זאָגט, אַז דער וואונדער דערקלערט זיך פּשוט: פֿון אונטן שטייט ערגעץ אַ לאָמפּ און פֿון דאָרט שלאָגט זיך אָפּ די שיין. לויט אַן אַנדער נוסח, האָט דער מאַראַן געזאָגט אין שפּאַס, אַז אין יענער צייט, ווען עס איז אויף די פֿעלדער קיין רעגנס נישט געווען, וואָלט אַ וואַסער־נס געווען נייטיקער, איידער אַ פֿייער־נס. די אויפֿגעהעצטע קאַטאָליקן האָבן זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף דעם אַפּיקורסישן מאַראַן, אים אַרויסגעשלעפּט אויפֿן גאַס, און דאָרט דערהרגעט. די דאָמיניקאַנער האָבן זיך דאָן באַנוצט מיט דער אויפֿרע־גונג פֿון די מאַסן און איינגעאָרדנט אַ שרעקלעכע שחיטה. צוויי מאָנאַכן האָבן זיך געלאָזט איבער די גאַסן מיט דעם קרייץ אין די הענט און גע־שריגן: „אומגלויבן, אומגלויבן!" אַלע מאַראַנען. וואָס מען האָט אויפֿן וועג באַגעגנט, האָט מען דערהרגעט. אין ערשטן טאָג זיינען בסך־הכל דער־הרגעט און פֿאַרברענט געוואָרן העכער 500 מאַראַנען. אויפֿן צווייטן טאָג האָט דער פּאָגראָם זיך אָנגעהויבן מיט נאָך מער האַסטיקייט. מען האָט זיך אַריינגעריסן אין די הייזער פֿון די מאַראַנען, אַרויסגעשלעפּט די איינוואוי־נער און אַלט און יונג געוואָרפֿן אויפֿן פֿייער. די מעוברתע פֿרויען האָבן די מערדער אַרויסגעוואָרפֿן דורך די פֿענצטער אויף דער גאַס אַרויס און דאָרט האָט מען זיי אונטערגעכאַפּט מיט שפּיזן. איבער די גאַסן זיינען אַרומגעגאַנגען די מאָנאַכן מיט דעם קרייץ אין די הענט און געשריגן: „אַפּיקורסות!" ווער עס איז פֿאַרן קריסטלעכן גלויבן און הייליקן קרייץ, זאָל גיין מיט אונדז, כדי צו קעמפֿן מיט יידן און פֿאַרטיליקן זיי". אויפֿן דריטן טאָג האָט דער פּאָגראָם זיך אַריבערגעטראָגן אין דער אומגעגנט פֿון ליסאַבאָן, וואוהין די מאַראַנען זיינען אַנטלאָפֿן. בסך־הכל זיינען אין משך

פון די דריי טעג דערהרגעט געוואָרן העכער 2000 מאַראַנען, דערביי זיינען פאָרגעקומען מיאוסע געוואַלד־טאַטן אויף פרויען און מיידלעך. צווישן די קרבנות זיינען אויך געווען קריסטן, וועלכע מען האָט בטעות אָנגענומען פאַר מאַראַנען. די רעגירונג איז געווען אויפגעבראַכט אויף דעם פּאָגראָם. פיל פון די אונטערהעצער האָט מען געהאָנגען און געקעפּט, צוויי מאָנאַכן־אונטערהעצער האָט מען פאַרברענט אויפן פייער און אַנדערע האָט מען באַשטראָפט און קאָנפיסקירט זייער פאַרמעגן. נאָר פאַר יידן איז דאָס געווען אַ קנאַפּע נחמה און נאָך דער שרעקלעכער שחיטה האָבן פיל מאַראַנען אָנגעהויבן עמיגרירן פון פּאָרטוגאַל. דער קעניג האָט פריער דערלויבט די עמיגראַציע, נאָר דערנאָך זי פאַרבאָטן. ער האָט צוגעזאָגט די מאַראַנען באַפרייען זיי פון דער אינקוויזיציע נאָך אויף 16 יאָר, נאָר זיין וואָרט האָט ער נישט געהאַלטן, און שפּעטער האָט ער געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דעם פּויפּסט וועגן איינפירן אַן אינקוויזיציע פאַר די מאַראַנען. נאָר אויב עמאַנועל האָט זיך געהאַלטן בנוגע צו יידן פאַרהעלטנישמעסיק מיט חסד און זיי פון אינקוויזיציע פאַרט באַפרייט, האָט זיין זון יאָהאַן דער דריטער (1522 — 1557) שוין זיך באַצויגן צו יידן פיל שטרענגער און „פרומער", איידער זיין פאָטער.

ווען ער איז נאָך געווען אַ קרוינפּרינץ האָט יאָהאַן געהאַלטן, אַז זיין פאָטער איז צו־גוט צו יידן. ווען ער איז אַרויפגעטראָטן אויפן טראָן, האָט אים די קעניגן קאַטאַלינאַ אָנגעהויבן איינריידן, אַז ער זאָל איינפירן אַן אינקוויזיציע. פאַר דעם האָבן אויך שטאַרק אַגיטירט די דאָמיניקאַנער. דערצו האָט זיך נאָך געפונען איינער אַ פאַררעטער פון די מאַראַנען אַליין, ענריקע נוניעס, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן דער דאָזיקער אַגיטאַציע דורך שפּיאָנאַזש. אַזוי ווי ער האָט געהאַט צוטריט אין פיל מאַראַנישע הייזער, האָט ער דאָרט נאָכגעשפּיאָנירט די מאַראַנען און וועגן אַלץ געמאָלדן דעם קעניג. אויפן גרונט פון די מסירות האָט דער קעניג יאָהאַן אַרויסגעשיקט נוניעסן צום שפּאַנישן קעניג אויף צו פירן געהיימע אונטערהאַנדלונגען וועגן איינפירן די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל. די מאַראַנען האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט און באַשלאָסן נקמה נעמען פון דעם מוסר. צוויי פון זיי האָבן זיך איבערגעקליידט ווי מאָנאַכן, דעריאָגט דעם מוסר ביי דער שפּאַנישער גרעניץ, וואו זיי האָבן אים דערהרגעט און אָפּגענומען ביי אים די פּאַפּירן, וואָס ער האָט געפירט. די מערדער האָט מען אָבער אַנטדעקט

און פאַרמשפּט צו אַ שרעקלעכן טויט: זיי האָט מען אָפּגעהאַקט די הענט, צוגעבונדן צו די ווידלען פון פערד און געשלעפּט זיי צום עשאַפאָט. דעם שפּיאָן נוניעס האָבן די גייסטלעכע דערנאָך צוגערעכנט צו די קדושים. מיט דער דערמאָרדונג פון נוניעסן האָבן זיך באַנוצט די שונאים פון די מאַראַנען, און די אַגיטאַציע איז געוואָרן שטאַרקער. די „קאָרטעס" (פּאַר־לאַמענט) האָבן זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג, אַז די מאַראַנען האָבן פאַר־כאַפּט אין זייערע הענט די אַרענדע פון די גיטער און דעם תבואה־האַנדל, אַז דער גרעסטער פּראָצענט דאָקטוירים און אַפּטייקערס זיינען יידן און ווי אַזעלכע זיינען זיי געפערלעך פאַר די קריסטן. די מאַראַנען האָבן מיט אויפרעגונג געקוקט אויף דער אַגיטאַציע און געשפּירט, אַז אַ נייע כמאַ־רע רוקט זיך אָן אויף זייערע קעפּ.

אין יענער צייט האָט אויף אַ ווײַלע זיך באַוויזן די שיין פון האָפע־נונג פאַר די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען: קיין פּאָרטוגאַל איז אָנגעקומען דוד הראובני, וועלכער האָט פאַראינטערעסירט דעם פּאָרטוגעזישן קעניג מיט זיין פאַנטאַסטישן פּלאַן וועגן אַ מלחמה מיט טערקיי מיט דער שטיצע פון די יידן פון דער געהיימנישפולער מלוכה. די מאַראַנען האָבן געגלויבט אין די פאַנטאַזיעס פון דוד הראובני און געזען אין אים זייער מלאך הגואל. די משיח־באַוועגונג האָט אַרומגעכאַפּט די געפּלאָגטע יידן און אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג האָט זיך געשטעלט דער ענטוזיאַסטישער ר' שלמה מולכו. די התלהבות האָט די מאַראַנען אויפגעמונטערט אויף אַזוי פיל, אַז אַ גרופּע יונגע מאַראַנען איז אַוועק מיט געווער אין די הענט אין דער גרע־נעץ־שטאָט באַדאַכאָז און געפּרואווט באַפרייען די אַרעסטירטע יידן. אָבער אין גיכן האָט יאָהאַן אויפגעהערט גלויבן אין דער מיסיע פון דוד הראובני, אים דערווייטערט פון ליסאַבאָן און די פראַגע וועגן איינפירן אינקוויזיציע איז ווידער אַרויפגעשוואומען.

אין 1531 האָט דער קעניג יאָהאַן באַפולמעכטיקט זיין געזאַנדטן אין רוים זיך משתדל צו זיין ביים פּויפּסט וועגן גרינדן אַן אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל. אין ענטפער פון פּויפּסט צום קעניג איז מיט רמזים געוועזן געגעבן אָנצוהערעניש, אַז יאָהאַן איז ניט אַזוי אויסן די אינטערעסן פון דער קירכע, ווי זיינע פערזענלעכע אינטערעסן, ווייל אַ דאַנק דער אינקווי־זיציע וועט ער קענען קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון די מאַראַנען. נאָר דאָך האָט דער פּויפּסט סוף כל סוף מסכים געווען אויף דער בקשה פון קעניג.

ווען די מאַראַנען האָבן זיך ווענן דעם דערוואוסט האָבן זיי אויסגענוצט אַלערליי מיטלען, סיי מיט געלט, סיי מיט אַגיטאַציע דורך הויכגעשטעלטע לייט און דער ווייכהאַרציקער פויפּסט האָט געביטן זיין פריערדיקן באַשלוס. צוערשט האָט ער באַפוילן אויף אַ געוויסער צייט ניט אָנווענדן די בולאַ ווענן דער אינקוויזיציע און דערנאָך האָט ער אַרויסגעגעבן אַ „בולאַ פון מחילה", אין וועלכער ער האָט דערקלערט: היות די יידן וואָס זיינען אַמאָל מיט געוואַלד אָפּגעשמדט געוואָרן, קענען ניט גערעכנט ווערן ווי מיטגלידער פון דער קירכע און דעריבער קען מען זיי אַלזאָ אויך נישט משפּטן פאַר אומגלויביקע; זייערע קינדער ווידער, וואָס זיינען געטויפט געוואָרן ביים געבוירן, רעכענען זיך שוין פאַר קריסטן און דאַרפן פאַרבלייבן אין דער רעליגיע. מ׳דאַרף נעמען אין אַכט, אַז זיי זיינען דערצויגן געוואָרן אונטערן איינפלוס פון זייערע עלטערן־יידן, און מ׳טאָר זיך מיט זיי ניט באַגיין שטרענג דערפאַר, וואָס זיי זיינען נוטה צום יידנטום, נאָר מען דאַרף זיי מקרב זיין מיט גוטן.

די דאָזיקע „בולאַ פון מחילה", האָט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג ניט פאַרעפנטלעכט און אָנגעהויבן זיך באַמיען ביים פּויפּסט ווענן מבטל מאַכן די בולאַ. אין מיטן דער אַגיטאַציע פאַר און קעגן דער אינקוויזיציע איז דערווייל דער ליבעראַלער פּויפּסט קלימענט דער זיבעטער געשטאָרבן און ביי זיין פאַרטרעטער פּאַאול דעם דריטן האָט דער קאַמף אָנגענומען נאָך אַ שאַרפערן כאַראַקטער. די פאַרשטייער פון קעניג און די געשיקטע אַגענטן פון די מאַראַנען האָבן אין רוים אינטריגירט איינע קעגן די צווייטע. דער פּויפּסט האָט געהייסן איבערגעבן די פראַגע צו דער באַטראַכטונג פון אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעזאָגט לטובת די מאַראַנען. דערווייל האָט דער פּויפּסט באַקומען ידיעות פון פּאָרטוגאַל, אַז דער קעניג יאָהאַן האָט ניט געקוקט אויף דער „בולא פון מחילה" דאָך ניט באַפרייט די אַרעסטירטע מאַראַנען און אפילו געמאַכט נייע אַרעסטן. פּאַאול דער דריטער האָט דאַן פאַרגעלייגט דעם קעניג, אַז ער זאָל געבן אַמניסטיע אַלע מאַראַנען און דערלויבן זיי אין פאַרלויף פון אַ יאָר צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ווען יאָהאַן האָט אויך דעם באַפעל ניט דערפילט, האָט דער פּויפּסט ווידער אַרויסגעלאָזט אַ בולאַ (1535), אין וועלכער ער האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז די מאַראַנען זיינען פריי פון דעם אינקוויזיציע־געריכט און אַלע אורטיילן פון די טריבונאַלן קעגן זיי האָבן נישט קיין שום קראַפט.

דאָס מאָל האָט דער קעניג געמוזט נאָכגעבן און ער האָט באַפרייט אַן ערך 1800 אַרעסטירטע מאַראַנען.

נאָך דעם האָבן די אונטערהאַנדלונגען מכח דער אינקוויזיציע זיך ווידער אָנגעהויבן. דער פויפּסט האָט מסכים געווען איינצופירן די אינקוויזיציע אויף די ווייטערדיקע באַדינגונגען: אַז מען זאָל ניט פאַרפירן קיין אויספאָרשונג וועגן רעליגיעזן פאַרראַט בלויז אויפן גרונט פון עדות־זאָגן פון די הויז־באַדינטע אָדער פינצטערע לייט; אַז די עדות זאָלן אויסגעהערט ווערן ניט געהיים, נאָר אין אָנוועזנהייט פון די אַרעסטירטע; אַז מען זאָל דערלאָזן די אַרעסטירטע זען זיך מיט זייערע אייגענע; אַז דאָס פאַרמעגן פון די פאַרמשפּטע מאַראַנען זאָל ניט קאָנפיסקירט ווערן לטובת דער מלוכה, נאָר איבערגעגעבן ווערן די געזעצלעכע יורשים; אַז אויף דעם אורטייל פון דעם אינקוויזיציע־געריכט זאָל מען קענען אָנגעבן אַן אַפּעלאַציע צו דער רוימישער קוריע. דער קעניג יאָהאַן האָט אויף אַזעלכע באַדינגונגען ניט געקענט איינגיין און ער האָט זיך געווענדט נאָך שטיצע צום אַלמעכטיקן דייטשן קייסער קאַרל דעם פינפטן, וועלכער איז געווען אַן אָנהענגער פון אַ פּולקאַם־פרייער אינקוויזיציע לויט דעם שפּאַנישן מוסטער. קאַרל דער פינפטער האָט צו יענער צייט ערשט געהאַט אָפּגעהאַלטן זיין גלענצנדיקן נצחון איבער די טערקן, אַריינמאַרשירט קיין רוים ווי אַ זיגער און דער פויפּסט האָט ניט געהאַט די דרייסטקייט אָפּצוזאָגן זיין בקשה. ער האָט געמוזט מסכים זיין איינצופירן די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל און נאָר אויסגעדונגען די ווייטערדיקע הנחות פאַר די מאַראַנען: אַז די ערשטע דריי יאָר זאָלן די אינקוויזיציע־געריכטן אָפּהיטן די פאַרמעגן פון די ציווילע געריכטן; אַז די נעמען פון די באַשולדיקער און די עדות זאָלן באַוואוסט ווערן די באַשולדיקטע און אַז די ערשטע 10 יאָר זאָל דאָס פאַרמעגן פון די פאַרמשפּטע ניט קאָנפיסקירט ווערן לטובת דער מלוכה.

דער ערשטער גענעראַל־אינקוויזיטאָר פון פּאָרטוגאַל, דיעגאָ־דאַ־סילוואַ, האָט זיך נאָך געפירט מיט חסד און ווי ווייט מעגלעך אויסגעמיטן אַכזריותדיקע מעשים בנוגע די מאַראַנען. די מאַראַנען פון ליסאַבאָן האָבן ווידער געשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין רוים און צוגעשטעלט דעם פּויפּסט אַ דערקלערונג וואָס איז געשריבן געוואָרן אין אַן ענערגישן דרייסטן טאָן. „אויב אייער דורכלויכט — האָט זיך געזאָגט אין דער דערקלערונג — וועט זיך אָפּווענדן פון די בקשות און טרערן פון יידישן פאָלק, אָדער, וואָס

מיר דערוואַרטן נישט, וועט זיך אָפּזאָגן צו באַזייטיקן דאָס שלעכטס, פּראָטעסטירן מיר פאַר גאָט און מיט קרעכצן און יללות וועלן מיר אַרויסטרעטן פאַר דער גאַנצער וועלט. אַזוי ווי מיר האָבן נישט קיין איין אָרט, וואו מיר זאָלן קענען (מיט ריינעם געוויסן) אַריינטרעטן אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט; אַזוי ווי אונדזער לעבן, אונדזער ערע, אונדזערע קינדער געפינען זיך אין שטענדיקער סכנה, נישט געקוקט דערויף, וואָס מיר האָבן זיך באַמיט אויסערלעך זיך אָפּהאַלטן פון יידנטום, — דעריבער, אויב די טיראַניע וועט נישט אויפהערן, וועלן מיר טון דאָס וואָס קיינער פון אונדז וואָלט ביי אַן אַנדער לאַגע נישט געטון: מיר וועלן זיך אומקערן צו אונדזער יידישן גלויבן און זיך אָפּזאָגן פון קריסטנטום... מיר אַלע וועלן פאַרלאָזן אונדזערע אַלטע באַוואוינטע ערטער און גיין זוכן פאַר זיך שטיצע און זיכערקייט צווישן ווינציקער בייזע פעלקער". די דאָזיקע דערקלערונג האָט געווירקט און דער פּויפּסט האָט אַרויסגעשיקט קיין ליסאַבאָן אַ נייעם שליח, וועלכער האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז די מאַראַנען זאָל מען נישט אָנטון קיין אומזיסטע באַליידיקונגען און זיי לאָזן פריי עמיגרירן. נאָר אין גיכן איז פאָרגעקומען אַ צופאַל, וואָס האָט ווידער פאַרערגערט די לאַגע. אין פעברואַר 1539 האָט מען אויף די טויערן פון פיל קירכעס אין ליסאַבאָן געפונען אויפגעקלעפּט פּלאַקאַטן מיט אַזאַ אויפשריפט: „משיח איז נישט געקומען; יעזוס איז נישט געווען קיין אמתער משיח". דאָס פאָלק איז אויפגערעגט געוואָרן און דער קעניג האָט מודיע געווען, אַז ער וועט געבן אַ גרויסע מתנה דעם, וואָס וועט אַנטדעקן דעם מחבר פון דער דאָזיקער גאָט־לעסטערנדיקער אויפשריפט. כדי אָפּצוציען פון זיך די אויפמערקזאַמקייט, האָבן די מאַראַנען געהיים אַרויסגעהאָנגען אויף די קירכעס אַזאַ מעלדונג: „איך, דער מחבר, בין נישט קיין שפּאַניער, נישט קיין פּאָרטוגעזער, נאָר אַן ענגלענדער, — און ווען איר זאָלט אפילו אָנשטאָט צען טויזנט באַשטימען 20 טויזנט קרוזאַד ווי אַ באַלוינונג, וועט איר מיין נאָמען נישט אַנטדעקן". ניט געקוקט אויף דעם קונצשטיק האָט מען דעם מחבר דאָך אַנטדעקט: דאָס איז געווען אַ מאַראַן מיטן נאָמען מאַנועל דאַ־קאָסטאַ. ער האָט זיך מודה געווען אין פאַרברעכן און מען האָט אים עפנטלעך פאַרברענט. פון דעמאָלט אָן האָט די שנאה צו די מאַראַנען זיך פאַרשטאַרקט. דער ווייכהאַרציקער אינקוויזיטאָר דאַ־סילוואַ איז אַראָפּ פון דער שטעל און אויף זיין אָרט איז באַשטימט געוואָרן

דער ברודער פון קעניג, ענריקע, אַ פאַרביטערטער שונא פון די מאַראַנען. די טורמעס זיינען פול געוואָרן מיט אַרעסטירטע, די שייטערהויפנס האָבן געפלאַקערט. אומזיסט האָט דער פויפּסט פּראָטעסטירט און געטענהט, אַז ער האָט מסכים געווען איינצופירן די אינקוויזיציע נאָר ביי געוויסע גאַראַנטיעס פון גערעכטיקייט. עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות, און דער גענעראַל אינקוויזיטאָר האָט זיך געטון וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. די פּאָרטוגעזישע מאַראַנען זיינען ענדלעך אויסגעגלייכט געוואָרן אין די רעכטן מיט זייערע ברידער אין שפּאַניע.

וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטון אין פּאָרטוגאַל, קען מען זען פון דער גרויסער שריפטלעכער דערקלערונג, וואָס אַ דעפּוטאַציע פון די מאַראַנען האָט פאָרגעשטעלט דעם פּויפּסט אין 1544. די אַרעסטירטע מאַראַנען האָט מען געהאַלטן פאַרשמאַכט אין פינצטערע קעלערס; די ענוים, דורך וועלכע מען האָט געצוואונגען די אומגליקלעכע זיך מודה צו זיין אין פאַרברעכן, זיינען באַשטאַנען דערין, וואָס די אַרעסטירטע פלעגט מען שלאָגן מיט שטעקנס, אַראָפּשינדן די הויט, אונטערברענען די פּיאַטעס און נאָך אַזעלכע אַכזריותדיקע מיטלען. דער הויפּט־אינקוויזיטאָר פון ליסאַבאָן איז דעמאָלט געווען יאָהאַן דע־מעלאָ און ער האָט געהאַט אמת פאַרגעניגן, ווען ער האָט געקאָנט שיקן אַ מאַראַן אויפן פייער. דאָס קאָן מען זען פון דעם טאָן, אין וועלכן ער באַשרייבט אין אַ בריוו צום קעניג די פייערלעכע אויטאָ־דע־פע: „די פּראָצעסיע איז באַשטאַנען פון אַן ערך 100 פאַרמשפּטע. ווען מען איז צוגעקומען צום אָרט פון דעם טויט־שטראָף, האָט מען אָנגעהויבן זינגען דעם הימן: „וועני קרעאַטאָר ספּיריטוס".

איין מאָנאַך איז אַרויף אויף דער בינע, די דרשה איז געווען קורץ, ווייל אין דעם טאָג איז נאָך פאָרגעשטאַנען פיל אַרבעט. מען האָט אָנגעהויבן לייענען די אורטיילן, פריער פון די, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן אויף פאַרשיקונג, דערנאָך פון די פאַרמשפּטע אויף צייטווייליקער אָדער אייביקער תפיסה און ענדלעך פון די פאַרמשפּטע צום טויט. אַזעלכע זיינען געווען 20. 7 פרויען און 12 מענער זיינען צוגעבונדן געוואָרן צו סטויפּעס און לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. נאָר איין פרוי, וואָס האָט אין גאַנצן תשובה געטון, איז באַגנאַדיקט געוואָרן". — דער שפּיאָנאַזש האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און פיל מאַראַנען זיינען פאַרמשפּט געוואָרן בלויז אויפן גרונט פון די שפּיאָנישע עדות. איינער פון די

שפּיאָנען, אַ געוועזענער פאַרשיקטער, זשול, פלעגט באַנוצן אַזעלכע מיט־לען: אין קירך, בשעת זי איז געווען איבערפולט מיט מענטשן, האָט ער פלוצלינג פאַרמאַכט די טירן, באַפוילן די קריסטן זיך אָפּטיילן פון די מאַ־ראַנען און שטרענג געפאָדערט פון די קריסטן, אַז זיי זאָלן דערציילן אַלץ, וואָס זיי ווייסן וועגן די מאַראַנען. אויב נאָר עס האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט עפּעס געפונען אַ חטא אויף אַ מאַראַן, האָט מען דעם לעצטן גלייך פון קירך אַרויסגעשלעפּט אין תפיסה אַריין. אויב עס זיינען נישט געווען קיין שום באַווייזן, אפילו פאַלשע, קעגן די באַשולדיקטע האָט מען געפונען אַנדערע מיטלען. אַזוי, למשל, ווען דער אינקוויזיטאָר האָט באַ־שלאָסן פאַרברענען דעם רייכן מאַראַן שמעון אַלוואַרעס און זיין פרוי און עס איז, צום פאַרדרוס פון די ריכטער, פאַרט נישט געווען אפילו קיין איין עדות, וואָס זאָל זאָגן שלעכטס אויף די באַשולדיקטע, האָט מען גענומען דאָס זעקס יעריקע מיידעלע פון אַלוואַרעס, אַוועקגעשטעלט פאַר איר אַ שאָל מיט אָנגעגליטע קוילן און געסטראַשעט זי צו פאַרברענען איר הענטל אויף די קוילן, אויב זי וועט נישט זאָגן, אַז זי האָט געזען ווי די עלטערן אירע האָבן געשלאָגן מיט אַ שטעקן די פיגור פון געקרייצטן יעזוס. דאָס מיידעלע האָט געזאָגט אַלץ, וואָס מען האָט פון איר געפאָדערט, און אויפן גרונט פון דעם עדות־זאָגן האָט מען די אומגליקלעכע עלטערן פאַרברענט אויפן פייער.

דער פויפּסט פּאַאול דער דריטער האָט געוואוסט וועגן די שרעקלעכע מעשים פון דער אינקוויזיציע און ווידער אָנגעהויבן ענערגיש פאָדערן, אַז עס זאָלן אָפּגעהיט ווערן די גאַראַנטיעס לויט דער בולאַ פון 1536. דער קעניג האָט איינגעשטימט צו באַשטימען אַ קאָמיסיע פון 4 מאַראַנישע פאָרשטייער, וועלכע זאָלן אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי איינצואָרדע־נען די לאַגע פון די מאַראַנען. די קאָמיסיע האָט אַוועקגעשטעלט אירע פריערדיקע באַדינגונגען: אַלגעמיינע אַמנעסטיע פאַר די אַרעסטירטע און נישט דערלאָזן קיין פאַלשע אָדער געפעלשטע עדות, ווי אויך שווערע ענוים, ווי אַ מיטל צו צווינגען דעם באַשולדיקטן, ער זאָל זיך מודה זיין. אויף די דאָזיקע באַדינגונגען האָט דער קעניג נישט געוואָלט איינשטימען און נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען צווישן דעם קעניג און דעם פּויפּסט, איז דער לעצטער ענדלעך איינגעגאַנגען אויף אַזאַ פשרה: אַלע באַשולדיקטע מאַראַ־נען, וואָס וועלן זיך עפנטלעך מתודה זיין אין זייער חטא און צוזאָגן, אַז

אויף ווייטער וועלן זיי שוין זיין פרום און גוט, זאָלן באַפרייט ווערן, נאָר דערפאַר אויב זיי „זינדיקן" נאָך אַמאָל, געהערן זיי שוין צום געריכט פון דער אינקוויזיציע, וואָס דאַרף זיך מיט זיי נישט צערעמאָניען. אויפן גרונט פון דעם באַפעל (1548) זיינען טויזנטער מאַראַנען באַפרייט געוואָרן פון תפיסה. אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן זיך ווידער געפונען זינדיקע צווישן די מאַראַנען, וואָס האָבן תשובה געטאָן, און דאָסמאָל האָט די אינקוויזיציע מיט זיי שוין נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און די שייטער־הויפנס האָבן ווידער זיך פונאַנדערגעפלאַקערט. באַזונדערס האָט זיך פאַר־ערגערט די לאַגע ביים פויפסט פאַאול דעם פערטן, וועלכער האָט געהאַלטן מיט דער רעאַקציע און געווען אין אַלץ אייניק מיט די פּאָרטוגאַלישע קלע־ריקאַלן. נאָכן טויט פון יאָהאַן, אין 1557, איז קעניג פון פּאָרטוגאַל געוואָרן זיין ברודער דער געוועזענער גענעראַל־אינקוויזיטאָר ענריקע און דאַן איז די גאַנצע מלוכה־פירונג איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די דאָמיניקאַ־נער און יעזואיטן, וועלכע האָבן באַקומען פרייע פליגלען. ביים קעניג סע־באַסטיאַן האָבן די יידן אָפּגעקויפט פאַר אַ פירטל מיליאָן דוקאַטן די גאַ־ראַנטיע פון פאַרמעגנס־זיכערקייט אויף צען יאָר. נאָך דער פאַראייניקונג פון פּאָרטוגאַל מיט שפּאַניע אונטער דער מאַכט פון טיראַן פיליפּ דעם צווייטן (1580) האָט די הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע דערגרייכט צו איר העכסטן פונקט און די מאַראַנען האָבן שוין קיין קאָפּ נישט געקענט אויפהויבן. די צרות זיינען געווען אומדערטרעגלעך, קיין שום האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט איז שוין נישט געווען און דאַן האָבן די מאַראַ־נען אָנגעהויבן מאַסנווייז עמיגרירן קיין איטאַליע, טערקיי, אַפריקע און אַנדערע לענדער.

פונקט אין יענער צייט פון אומדערטרעגלעכע רדיפות אויף יידן, ווען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין איין לאַנד, וואו יידן זאָלן קענען זיין זיכער מיט זייער לעבן און פאַרמעגן, איז די הילף געקומען אומדערוואַרט גאָר פון אַן אַנדער זייט, פון אַ לאַנד, וואו יידן האָבן קיינמאָל ביז איצט נאָך נישט געוואוינט. דאָס איז געווען דאָס קליינע לאַנד האָלאַנד, וואו יידן האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן געניסן פון כמעט פולקאָמער גלייכבאַרעכטיקונג.

אין דעם דאָזיקן קליינעם ווינקל פון אייראָפּע איז ביז דעם זעכצנטן יאָרהונדערט כמעט קיין יידישער פוס נישט געווען. נאָר זעלטן פלעגן אַהין

קומען געציילטע יידן צוליב געשעפט, נאָר פון די האָט די געשיכטע קיין זכר נישט איבערגעלאָזט. ווען נידערלאַנד (האָלאַנד און בעלגיע) איז איינ־גענומען געוואָרן דורך דעם שפּאַנישן קעניג קאַרל דעם פינפטן, זיינען דאָרט איינגעפירט געוואָרן די אַלע רעאַקציאָנערע מלוכה־יסודות, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען די שפּאַנישע מלוכה, און צוזאַמען דערמיט איז אַהין אַריינגעפירט געוואָרן אויך די פאַרברענטע שנאה צו יידן. קאַרל האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל יידן נישט אַריינלאָזן קיין נידערלאַנד און דאָס ביסל יידן, וואָס געפינען זיך שוין דאָרט, זאָלן תיכף אַרויסגע־טריבן ווערן. יעדער בירגער איז געווען מחוייב צו מעלדן דעם קעניג וועגן יעדן יידן, וואָס וועט זיך דאָרט באַזעצן קעגן געזעץ. די מאַגיסטראַטן פון נידערלאַנד האָבן זיך באַמיט פּינקטלעך צו דערפילן די גזירות פון קעניג, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז צוליב יידן וועט אויך אין נידערלאַנד איינגעפירט ווערן די אינקוויזיציע, וועלכע האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק אויך אויף אַלע קריסטן. אָבער אין גיכן האָט נידערלאַנד אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט שפּאַניע און איינע פון די הויפּט־סיבות פון דעם אויפשטאַנד איז געווען דער פּחד פאַר דער שרעקלעכער אינקוויזיציע און די פּראָטעס־טאַנטישע לערע, וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין די מדינות פון נידער־לאַנד. די דאָזיקע קליינע מלוכה איז צו יענער צייט געוואָרן אַ נעסט פאַרן פּראָטעסטאַנטיזם און צווישן דעם פרייען, נאָר אָרימען נידערלאַנד און דעם שטאַרקן, נאָר פינצטערן שפּאַניע האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטער־טער קריג, וואָס האָט געדויערט צענדליקער יאָרן. די וועלט האָט געזען פאַר זיך אַ וואונדער און געוואָרן דערשטוינט: די אַלמעכטיקע שפּאַנישע מלוכה האָט נישט געקענט איינגעמען דאָס אָרעמע און קליינע פאָלק פון נידערלאַנד, וואָס איז געווען אָרעם אין געלט און אין מענטשן, אָבער רייך אין גייסט און אין העלדישקייט. פון דעם דאָזיקן לאַנגיעריקן קריג צווישן דעם ריזיקן שפּאַניע און קליינעם נידערלאַנד האָבן אויך יידן פיל נוצן געהאַט: נידערלאַנד איז געווען די ערשטע מלוכה, וואָס האָט יידן אויפגע־נומען באמת גאַסטפריינטלעך און זיי געשאַנקען כמעט גלייכע רעכטן. פון דער צווייטער זייט האָבן אויך די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, מיט זייער רייכטום און בילדונג פיל מיטגעהאָלפן צו דער אויפבליאונג פון נידערלאַנד און דעם נצחון אירן איבער שפּאַניע. דער דעספּאָט פיליפּ דער צווייטער האָט געקוקט אויף דעם דאָזיקן פאַרבאַנד צווישן די געפּלאָג־

טע יידן און דעם פראָטעסטאַנטישן נידערלאַנד מיט כעס און פאַרביטערונג, נאָר ער האָט גאָרנישט געקענט אויפטון. יידן זיינען געווען שטאַרק צופרידן מיט זייער נקמה, וואָס זיי האָבן דערלעבט אין זייערע שונאים: דאָס אַלמעכטיקע שפּאַניע האָט אָנגעהויבן פאַלן אַלץ נידעריקער און נידעריקער און האַלט נאָך אין פאַלן אויך ביי דער איצטיקער צייט, בשעת דאָס קליינע נידערלאַנד האָט אַ דאַנק יידן אָנגעהויבן בליען אַלץ מער און מער און געוואָרן אַ מלוכה פון ערשטן ראַנג.

די מאַראַנען אין פּאָרטוגאַל און אין שפּאַניע האָבן שוין לאַנג געהאָט געוואָרפן אַן אויג אויף נידערלאַנד. נאָך אין דער צייט, ווען נידערלאַנד האָט געפירט דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט מיט שפּאַניע, האָט איינער אַן אָנגעזעענער ייד, שמואל פּאַלאַכי, דער קאָנסול פון מאַראָקע אין נידערלאַנד, פאַרגעלייגט דעם מאַגיסטראַט פון מידעלבורג, אַז זיי זאָלן דערלויבן באַזעצן זיך דאָרט יידן, וועלכע וועלן געוויס מיט זייער עשירות און האַנדלס־פעאיקייטן רייך מאַכן די שטאָט. די שטאָט־געמיינדע האָט דערויף גערן מסכים געווען, אָבער קעגן דעם זיינען געווען די פּאַסטאָרן, וועלכע האָבן געקעמפט מיט דעם קאַטאָליציזם און דאָך אַליין געווען פאַנאַטיקער און זיך געהאַלטן אין די אַלטע אָבערגלויבנס וועגן יידן. ערשט ווען נידערלאַנד האָט ענדלעך געזיגט אין קאַמף מיט שפּאַניע און די האָלענדישע שטאַטן האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ פרייער רעפּובליק אונטער דער פירונג פון פרינץ הענריך פון אָראַניען (1579), איז האָלאַנד ביסלעכווייז געוואָרן אַ מקלט פאַר די געפּלאָגטע און גערודפטע מאַראַנען.

די אָנטשטייאונג פון דער יידישער קאָלאָניע אין אַמסטערדאַם, דער צענטער פון האָלאַנד, איז פאָרגעקומען כמעט אויף אַ ראָמאַנטישן אופן. וועגן דעם דערציילט מען אַזוי. אַ שיף מיט אַ קליינער גרופּע אַנטלאָפענע מאַראַנען איז געשוואומען פון פּאָרטוגאַל אונטער דער אָנפירונג פון איינעם פון זיי, יעקב טיראַדאָ. די אַנטלאָפענע האָבן זיך געלאָזט, וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן, אָן אַ ציל (1593). אין דעם שיף זיינען געזעסן די יונגע מיטגלידער פון אַ רייכער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע: מאַנועל לאָפּעז פּערייראַ, זיין שוועסטער, אַ באַרימטע שיינהייט, מאַריאַ נוניעס און זייער פעטער לאָפּעז האָמען, אַלע מאַראַנען. אויפן וועג איז זייער שיף געפאַנגען געוואָרן דורך ענגלענדער און געפירט געוואָרן קיין לאָנדאָן. דער שיפס־קאַפּיטאַן אַן ענגלענדער, איז געווען אַזוי באַצויבערט פון דער שיינ־

קייט פון מאַריאַ. אַז ער האָט איר פאַרגעלייגט חתונה האָבן מיט איר, נאָר דאָ האָט זי אים אַנטדעקט דעם סוד, אַז זי איז נישט קיין שפּאַניערין, נאָר אַ יידיש קינד, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע. אין לאָנדאָן איז די שיינע מאַריאַ אַריינגעפאַלן אין די אַריסטאָקראַטישע קרייזן און דאָרט באַרימט געוואָרן. ווענן איר האָט זיך דערוואוסט די קעניגן, וועלכע האָט זי איינגעלאַדן צו זיך אויף אַן אוידיענץ און דערנאָך געפאָרן מיט איר אין אַן אָפענער קאַרעטע איבער די גאַסן פון לאָנדאָן. ווי עס ווייזט אויס, האָט אָבער מאַריאַ אויסגעבעטן פאַר זיך און איר משפחה אַ דערלויבעניש צו פאָרן ווייטער. זיי האָבן זיך געלאָזט קיין האָלאַנד. נאָך אַ שווערן וועג אויפן ים איז זייער שיף אָנגעקומען אין פאָרט פון קליינעם שטעטל עמדען. דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און ווען זיי זיינען געגאַנגען איבער די גאַסן פון שטעטל האָבן זיי אויף איינעם פון די הייזער באַמערקט אַן אויפשריפט אויף העברעאיש און דערפון פאַרשטאַנען, אַז דאָרט וואוינט אַ ייד. דאָרט האָט געוואוינט דער רב ר׳ אורי הלוי. די וואַנדערער האָבן אים דערציילט, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, און געבעטן, אַז ער זאָל זיי מגייר זיין. דער רב האָט אָבער זיי דערקלערט, אַז דאָ איז אַ געפאַר דאָס צו טאָן, ווייל דאָס שטעטל איז קליין, און די קריסטלעכע באַפעלקערונג וועט זיך געוויס דערוויסן וועגן דעם. ער האָט זיי געראָטן צו פאָרן קיין אַמסטערדאַם, וואו די פרייהייט איז אַ גרעסערע און קיין סכנה איז נישטאָ. ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז נאָך דעם וועט ער אַליין אויך זיך אַריבערציען אַהין. די וואַנדערער זיינען אָפּגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם, אַהין זיינען אויך באַלד געקומען זייערע קרובים און נאָענטע, אַהין איז אויך געקומען ר׳ אורי הלוי און אויף אַזאַ אופן איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע קהלה. זייער גייסטיקער מנהיג איז געווען ר׳ אורי הלוי.

אויס שטענדיקער געוואוינהייט צו באַהאַלטן זיך פון פרעמדע אויגן, זיינען די מיטגלידער פון דער געמיינדע אויך אין אַמסטערדאַם נישט אַרויסגעטראָטן ווי אָפענע יידן. די האָלענדער האָבן פריער געמיינט, אַז אַז דאָס זיינען שפּאַנישע קאַטויליקן, נאָר די געהיימניספולע און פאַרבאָר־גענע מאַניערן האָבן אַרויסגערופן אַ חשד, אַז זיי זיינען פאַרמאַסקירטע פּאַפּיסטן פון שפּאַניע, און מען האָט אָנגעהויבן זיי נאָכשפּירן. איינמאָל, אין יום־כפור, ווען די מאַראַנען האָבן זיך פאַרזאַמלט תפילה צו טון, האָבן זיך אין זייער שיל אריינגעריסן סאָלדאַטן, געמאַכט אַ רעוויזיע און אַרעס־

טירט דעם רב ר׳ אורי הלוי. דעמאָלט איז יעקב טיראַדאָ אַוועק צו דער אַמסטערדאַמער מאַכט און אויף לאַטייניש מיט זיי זיך צונויפגערעדט, דערקלערט, אַז די עמיגראַנטן זיינען נישט קיין קאַטויליקן, נאָר יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע, אַז זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך גרויסע קאַפּיטאַלן, און אַז נאָך זיי וועלן קומען פרישע פּאַרטיעס עמיגראַנטן, וואָס וועלן מיטהעלפן צו דעם אויפבלי פון האָלענדישן האַנדל. דאַן האָט מען דעם אַרעסטירטן רב באַפרייט און אָנגעהויבן זיך באַציען צו די מאַראַנען מיט מער צוטרוי. די עמיגראַנטן ווידער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן האַלטן אָפן ווי יידן און אין גיכן איז דער צוטרוי צו זיי שוין געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן באַשלאָסן בעטן ביי דער אַמסטערדאַמער מאַכט אַ דערלויבעניש אויף צו בויען אַן אייגענע שיל. די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן און אין 1598 איז אין אַמסטערדאַם אויסגעבויט געוואָרן די ערשטע יידישע שיל מיט דעם נאָמען „בית יעקב״, צום אָנדענק פון איר גרינדער יעקב טיראַדאָ. דער רב ר׳ אורי הלוי, אַ דייטשער ייד, האָט דאָרט געהאַלטן זיינע דרשות אויף דייטש און זיין זון פלעגט זיי איבערזעצן פאַר די צוהערער אויף שפּאַניש.

די ידיעות וועגן דער יידישער געמיינדע אין האָלאַנד האָבן אַהין צוגעצויגן מאַסן אַנטלאָפענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. די מאַראַנען אין די לענדער פון דער אינקוויזיציע האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָרן שטאָלצער ביי זיך און ביי זיך אין דערהיים שוין אָנגעהויבן אָפענער און דרייסטער אַרויסצוטרעטן ווי יידן. נאָר טויזנטער מאַראַנען, ווען עס איז נמאס געוואָרן צו טראָגן אויף זיך אַ מאַסקע, האָבן אין גאַנצן פאַרלאָזן זייער פאָטערלאַנד און אריבערגעפאָרן קיין האָלאַנד, און זיי זיינען געוואָרן אָפענע יידן. אין אַ פּאָר צענדליק יאָר ארום איז אין אמסטערדאַם שוין געווען 400 יידישע פאַמיליעס. דאָס רוב פון זיי זיינען געווען פאַרטוגעזישע מאַראַנען און דעריבער האָט זיך די געמיינדע גערופן „פּאָרטוגעזישע״. אין 1608 האָט זיך אין אַמסטערדאַם געגרינדעט אַ נייע שיל מיטן נאָמען „נוה שלום״ און אין 10 יאָר שפּעטער האָט זיך געעפנט נאָך אַ דריטע שיל „בית ישראל״.

צווישן די מאַראַנען, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין האָלאַנד, זיינען געווען פיל גרויסע סוחרים, וועלכע האָבן נישט ווינציק מיטגעהאָלפן דערצו, אַז דאָס אָרעמע לאַנד, וואָס איז נאָך אָרעמער געוואָרן צוליב דער לאַנגיאָ־

ריקער מלחמה מיט שפּאַניע, זאָל אַזוי אויפבליען אין מסחר. זיי האָבן גע־פּירט, הויפּטזעכלעך, אַן עקספּאָרט־האַנדל מיט טערקיי און מאַראָקע, זיך באַטייליקט אין דער וועסט־אינדישער קאָמפּאַניע און זיך פאַרנומען מיט באַנק־אָפּעראַציעס. צווישן די מאַראַנען זיינען אויך געווען נישט ווינציק דאָקטוירים, יוריסטן און שריפטשטעלער. די האָלענדישע רעפּובליק האָט געגעבן די יידן פולקאָמע פרייהייט פון רעליגיע און פון געמיינדע־פאַר־וואַלטונג. זיי איז נאָר פאַרבאָטן געוואָרן חתונה צו האָבן מיט קריסטן און אָפן אַרויסצוטרעטן קעגן קריסטנטום.

די אָרדענונג פון דער געמיינדע־פאַרוואַלטונג איז געווען אַ מוסטער־האַפטע. די דריי אַמסטערדאַמער יידישע שילן זיינען פריער געווען דריי באַזונדערע קאָנגרעגאַציעס, וואָס יעדע פון זיי האָט געהאַט זייער רב אָדער „חכם". די ערשטע צייט זיינען צווישן די דריי שילן פאָרגעקומען רייבונ־גען, נאָר דערנאָך האָבן זיי זיך אַלע פאַראייניקט אין איין געמיינדע. די ספרדים מיט זייער ליבע צו אָרדענונג און זייער געבוירענער אינטעליגענץ האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער אָרגאַניזאַציע פון דער גע־מיינדע. עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן 42 באַזונדערע פּונקטן, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם מאַגיסטראַט. דער אָנפירער פון דער געמיינדע איז געווען דער ראַט (מעמד), וואָס איז באַשטאַנען פון רבנים און עלטסטע (פּרנסים); נאָר די רעליגיעזע פראַגן זיינען געלייזט געוואָרן בלויז דורך די רבנים אַליין. די אַרטיקע מאַכט האָט געגעבן דעם „מעמד" דאָס רעכט אַרויפצולייגן שטראָפן אויף די מיטגלידער פון דער געמיינדע, וואָס פאָלגן נישט דאָס יידישע געזעץ, און מיט דעם רעכט פלעגט די געמיינדע־פאַרוואַלטונג זיך נישט זעלטן באַנוצן. די אַמסטער־דאַמער יידן, געוועזענע מאַראַנען, האָבן אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט אָפּגעוואוינען פון זייערע קאַטוילישע שטימונגען, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון די לענדער פון דער אינקוויזיציע. אַזוי, למשל, האָבן די מאַראַנען געהאַט אַ לאַנגע צייט די קאַטוילישע געוואוינהייט צו קוקן אויף דעם רב, ווי אויף אַ גייסטלעכן, וואָס איז בכח צו פאַרגעבן די זינד. עס איז געווען נאָר זיך מתודה זיין פון צייט צו צייט און דאַן ווערן די זינד פאַרגעבן און מען קאָן איבעראַנייס אָנהויבן זינדיקן. אַזאַ שטאַנדפּונקט, לויט וועלכן די רעליגיעזע צערעמאָניע שטייט העכער פון די ריינע מדות, איז לחלוטין פרעמד דעם יידנטום. נאָר די מאַראַנען האָבן נישט ווילנדיק

זיך אייגעלעבט מיט די דאָזיקע קאַטוילישע געוואוינהייטן אין דער צייט, ווען זיי האָבן אויף זיך געטראָגן די מאַסקע פֿון קריסטן, און די רבנים האָבן דעריבער געמוזט האַרט קעמפֿן קעגן דעם. די ערשטע אַמסטערדאַמער רבנים ר׳ יוסף פֿאַרדאָ און ר׳ יהודה וויגאָ האָבן זיך נאָך גערעכנט אַ ביסל מיט די געוואוינהייטן פֿון די מאַראַנען און זיי נישט באַשטראָפֿט, גאָר דער דריטער רב ר׳ יצחק עוזיאל איז שוין ענערגיש אַרויסגעטראָטן קעגן דעם און געקעמפֿט קעגן די אַנטי־יידישע באַגריפֿן.

וואָס מער דער „מעמד" האָט זיך באַפֿעסטיקט, אַלץ שטרענגער זיינען געוואָרן די מיטלען קעגן די, וואָס האָבן זיך דערלויבט צו דענקען פֿריי אָדער אַנדערש פֿון דעם אָפֿיציעלן יידנטום. צום באַדויערן ,האָבן די מאַראַנען פֿון זייער פֿריערדיקן פֿאָטערלאַנד, וואו עס האָט געהערשט דער רעזשים פֿון אינקוויזיציע, אויך אַראָפּגעבראַכט די מיאוסע מדה פֿון פֿאַנאַטיזם און איבעריקער פֿאָרזיכטיקייט, וואָס זוכט אומעטום כפֿירה און איז אַלץ און אַלעמען חושד. דער אַמסטערדאַמער רבנים־קאָלעגיום, וואָס איז באַשטאַנען פֿון די רבנים: ר׳ דוד פֿאַרדאָ, ר׳ שאול מאָרטיירא, ר׳ יצחק אַבוהב דע־פֿאָנסעקאָ האָט געשפּילט אַ ראָליע פֿון אַ העכסטן גייסטיקן טריבונאַל, וואָס דאַרף שטרענג אַכטונג געבן, אַז די מיטגלידער פֿון דער געמיינדע זאָלן חלילה נישט אָפּטרעטן פֿון דער רעליגיע, און וואָס באַשטראָפֿט מיט חרם און אנדערע שטרענגע מיטלען פֿאַר יעדן פֿונק פֿון פֿרייען דענקען.

אַזוי ווי זיי האָבן זיך באַפֿרייט פֿון אויסערלעכן יאָך, איז די גייסטיקע ענערגיע פֿון די מאַראַנען אויך פֿריי געוואָרן און אין משך פֿון ערשטן העלפֿט יאָרהונדערט פֿון איר עקזיסטענץ האָט די האָלענדישע קאָלאָניע אַרויסגעוויזן אַן אינטענסיווע ענערגישע טעטיקייט אין דער ליטעראַטור און אין גייסטיקן לעבן. אין דער ליטעראַרישער שאַפֿונג פֿון די האָלענדישע יידן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צוויי פֿאַרשידענע שטרעמונגען: דאָ האָבן זיך באַגעגנט דער שמאָלער רעליגיעזער דאָגמאַטיזם מיט דעם עקסטרעמסטן פֿריידענקען, די אַבערגלויביקע קבלה מיט דער סקעפּטישער פֿילאָזאָפֿיע, דאָס פֿאָעטישע באַזינגען די יידישע מיסיע מיט דער שאַרפֿסטער קריטיק פֿון די יסודות פֿון יידנטום. אין די ליטעראַרישע ווערק פֿון דער ערשטער צייט פֿאַרנעמט נאָך ביי די יידישע שריפֿטשטעלער אין האָלאַנד דעם ערשטן פּלאַץ די ליריק און די מיסטישע שטימונג. אין זיי הערן זיך

די נאָכווייענישן פון דער שרעקלעכער דראַמע פון מאַראַנערטום. יעקב בעל־מאַנטע, איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער אמסטערדאמער יידישער קאַלאָניע, האָט אין פערזן באַזונגען אויף שפּאַניש דיליידן פון זיינע ברידער אונטער דער הערשאַפט פון דער אינקוויזיציע. דער פּאָעט דוד אַבענטאַר מעלאָ האָט איבערזעצט דעם תהלים אויף שפּאַניש; דערביי האָט דער איבערזעצער אין איניקע קאַפּיטלעך פון תהלים אַריינגעשטעלט זיין אייגענע ליריק וועגן דעם שיקזאַל פון יידישן פאָלק און וועגן זיינע פּערזענלעכע ליידן ווי אַ מאַראַן. אַ צווייטער פּאָעט, ישורון, אָדער פּאָאול דע־פּינאַ לויט זיין קריסטלעכן נאָמען, איז באַוואוסט נישט אַזוי מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, ווי מיט זיין לעבנס־געשיכטע. אַ געבוירענער פון ליסאַבאָן, אַן אייניקל פון אַ מאַראַנישער פאַמיליע, איז פּאָול דע־פּינאַ אין דער יוגנט געווען אַ גוטער קאַטוילִיקער און אפילו זיך געגרייט צו ווערן אַ מאָנאַך. ער איז צו דעם צוועק אָוועקגעפאָרן קיין רוים, נאָר דאָרט האָט ער זיך באַגעגנט מיט איינעם אַ געבילדעטן דאָקטאָר פון די מאַראַנען, וועלכער האָט אים דערפון אָפּגערעדט. דערוויל האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז איינער אַן אַלטער פראַנציסקאַנער האָט לויט זיין אינערלעכער איבערצייגונג אָנגעהויבן עפנטלעך פּרעדיקן די יידישע רעליגיע. דערפאַר איז ער אָפּגעזעסן אין תפיסה אַ לאַנגע צייט און ענדלעך לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן, און פאַרבליבן ביי זיין איבערצייגונג. די דאָזיקע געשיכטע האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף אַלע מאַראַנען און צווישן זיי אויך אויף פּאָאול דע־פּינאַ, וועלכער האָט פּערזענלעך געקענט דעם פראַנציסקאַנער. ער האָט באַשלאָסן זיך אומקערן צום יידנטום און איז אָפּגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם, וואו ער האָט זיך מגייר געווען. — צווישן די שריפטשטעלער פון יענער צייט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין הויכן יחוס און גייסטיקע פעאיקייטן אברהם דע־גערעראַ, אַן אייניקל פון באַרימטן גאָנזאַלאָ־דע־קאָרדאָוואַ, דער נעאַפּאָליטאַנער וויצע־קעניג. גערעראַ האָט זיך אַריינגעטאָן אין דער קבלה, וואָס ער האָט געלערנט ביי די תלמידים פון אר״י. אין זיין ווערק „שערי שמים" האָט ער דערקלערט דאָס סיסטעם פון דער פּראַקטישער קבלה אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פילאָזאָפיע. דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז געשריבן אויף שפּאַניש, איז דערנאָך איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש דורך דעם רב ר׳ יצחק אבוהב דע־פּאָנסעקאַ.

דאָס לעבן פון דעם לעצטן איז אויך געווען רייך אין פּאַסירונגען. אין די קינדער־יאָרן איז ער איבערגעפירט געוואָרן פון פּאָרטוגאַל קיין אַמסטערדאַם, וואו ער האָט געלערנט תורה ביים אַלטן חכם ר׳ יצחק עוזיאל. ער האָט געמאַכט אַזעלכע ריזיקע פאָרשריטן אין לערנען, אַז אויפן 21־טן יאָר האָט ער שוין אַליין באַקומען דעם טיטל „חכם". נאָך דער פאַרייני־קונג פון די דריי יידישע געמיינדעס אין אַמסטערדאַם איז ר׳ יצחק אבוהב געוואָרן איינער פון די טיכטיקסטע מיטגלידער צווישן די רבנים. אין 1642 איז ער אין דער שפּיץ פון אַ פּאַרטיע יידישע עמיגראַנטן אוועק קיין בראַ־זיל, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער הערשאַפט פון האָ־לאַנד. דאָרט איז ער געוואָרן רב אין דער שטאָט פערנאַמבוקאָ, וואו עס האָבן געוואוינט פיל פּאָרטוגעזישע מאַראַנען. נאָר נישט לאַנג איז אים אויסגעקומען צו בלייבן אויף זיין שטעל. אין 1646 איז צווישן פּאָרטוגאַל און האָלאַנד אויסגעבראָכן אַ מלחמה צוליב דער הערשאַפט איבער בראַ־זיל און מנצח געווען האָבן די פּאָרטוגעזער. די יידן האָבן זיך ווידער געפונען אין די נעגל פון דער אינקוויזיציע, צוליב וועלכער זיי זיינען אַנטלאָפן פון אייראָפּע, און די געמיינדע אין בראַזיל איז זיך צעפאַלן. ר׳ יצחק אבוהב איז אָפּגעפאָרן קיין אמסטערדאם און ווידער פאַרנומען די שטעל פון אַ חכם. מיט זיינע דרשות אין שיל האָט ער צוגעצויגן פיל צוהערער. ער האָט געלייענט לעקציעס אין דער אמסטערדאמער ישיבה, וואו מען האָט דאַן געלערנט תלמוד, ביבל, דקדוק און העברעאיש. דער טעקסט פלעגט איבערגעזעצט ווערן אויף פּאָרטוגעזיש, וואָס איז נאָך אויף אַ לאַנגע צייט פאַרבליבן די שפּראַך פון דעם גרעסטן טייל האָלענדישע יידן. אַן ערך 50 יאָר איז ר׳ יצחק אבוהב געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער „פּאָרטוגעזישער" געמיינדע אין אמסטערדאַם און געשטאָרבן אין טיפן עלטער (1693). ביי זיין לעבן זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן זיינע פירושים צום חומש און זיינע דרשות אויף דער שפּאַנישער שפּראַך. אויף העברעאיש האָט ער נאָר געשריבן זיינע דערינערונגען פון דער מלחמה צווישן האָלאַנד און פּאָרטוגאַל.

דער טיכטיקסטער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טוער פון יענער צייט איז געווען ר׳ מנשה בן ישראל (1604־57), אַ חבר פון ר׳ יעקב אבוהב. ער איז געווען אַ זון פון פּאָרטוגאַלישע מאַראַנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע קיין האָלאַנד. אים האָט מען גע־

בראַכט קיין אַמסטערדאַם נאָך אַ קינד. דאָרט האָט ער געלערנט ביי ר׳ יצחק אַבוהב. אין 1627 האָט ער געעפנט אַ יידישע דרוקעריי און שפעטער איז ער געוואָרן דער אָנפירער פון דער ישיבה, וואָס איז געגרינדעט גע־וואָרן אויף די מיטלען פון דער רייכער פאַמיליע פערייראַ. ר׳ מנשה בן ישראל האָט געהאָט אַ סך וויסנשאַפט, געוועזן דער פּראָדוקטיווסטער צווישן אַלע שריפטשטעלער פון יענער עפּאָכע, הגם ער איז נישט געווען קיין טי־פער מענטש. אַ דאַנק זיינע גרויסע קענטענישן האָט ער געהאַט פאַרביג־דונגען מיט די באַרימטסטע קריסטלעכע געלערטע פון יענער צייט. אַ געווי־סע צייט האָט ער אויך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דער שוועדישער קעניגן קריסטינאַ, וואָס אַז געווען אַ ליבהאָבערין פון דער וויסנשאַפט. באַ־זונדערס זיינען מיט אים געווען באַפריינדעט די פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגן און מיסטיקער. די דאָזיקע פּאָפּולאַריטעט האָט ר׳ מנשה בן ישראל דער־וואָרבן אַ דאַנק זיינע ווערק אויף לאַטייניש, שפּאַניש און העברעאיש. זיין גרויס ווערק *״Conciliador״* (דער שלום־מאַכער), אַ מיסטיש־פילאָזאָ־פישער פירוש צו דער ביבל, איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטייניש און ענגליש, הגם אין דעם ווערק איז דאָ ווינציק אָריגינעלע געדאַנקען. אין אַ צווייט גרויס ווערק, וואָס איז דערנאָך אָנגעשריבן געוואָרן אויף העברע־איש „נשמת חיים״, טרעט אַרויס ר׳ מנשה בן ישראל ווי אַ מקובל. דאָרט ווערן אָפט ציטירט די קריסטלעכע מיסטיקער און די יידישע מקובלים, דאָרט פיגורירן די אַלע פאַרשטעלונגען וועגן שדים, מכשפים, גלגולים און דבוקים אין אַ גאַנץ ערנסטן טאָן און דאָס באַווייזט, אַז נישט געקוקט אויף זיין ענציקלאָפּעדישער וויסנשאַפט, האָט ר׳ מנשה בן ישראל געפעלט דער קריטישער חוש און ער איז נישט ווייט אַוועקגעגאַנגען פון דעם ארי״ס תלמידים. אויף דעם סמך פון אַ דערציילונג פון עפּעס אַ רייזנדן אַוואַנטור־ריסט, אַז צווישן די אינדיאַנער אין אַמעריקע האָט ער געזען די ערשטן פון די פאַרלוירענע עשרת השבטים, האָט ר׳ מנשה בן ישראל געבויט אַ גאַנצן בנין און אָנגעשריבן אַ ווערק „תקות ישראל״, וואו ער באַווייזט, אַז די נבואה וועגן דער אייביקייט פון יידישן פאָלק איז שוין מקוים געוואָרן און דעריבער קאָן מען האָפן, אַז אין גיכן וועט משיח קומען. ביי די אַלע מיסטישע שטימונגען איז ר׳ מנשה בן ישראל אָבער אויך געווען אַ רעאַ־לער מענטש, נישט פאַרגעסן די ווירקלעכקייט און די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע וועגן דעם באַזעצן זיך פון

יידן אין ענגלאַנד. נאָר וועגן דעם — אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען. . .

אַזעלכע מענטשן מיט גרויסע קענטענישן, ווי ר׳ מנשה בן ישראל, האָט מען צווישן די האָלענדישע יידן געקענט געפינען נישט ווינציק. האָלאַנד איז געוואָרן אַ צענטער פון יידישער גייסטיקער טעטיקייט, די צאָל פון געלערטע און שריפטשטעלער איז געווען אַ באַדייטנדיקע, און פון דער דאָזיקער סביבה איז אויך אַרויסגעוואַקסן דער גייסטיקער ריז ברוך שפּינאָזאַ. אָבער נישט געקוקט אויף דער געבוירענער אינטעליגענץ פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אנוסים, נישט געקוקט אויף זייערע קענטענישן, זיינען זיי דאָך נישט דערוואַקסן צו דער שטופע פון רעליגיעזער פרייהייט און טאָלעראַנץ. פון זייער פאָטערלאַנד האָבן זיי אַהער אַראָפּגעבראַכט דעם גייסט פון דער אינקוויזיציע, די געוואוינהייט צו באַשטראָפן און רודפן יעדן, וואָס דערלויבט זיך אָפּצוטרעטן פון דער אָפיציעלער רעליגיע, און ווען זיי האָבן באַקומען פרייהייט פון רעליגיע און געמיינדע־אויטאָנאָמיע, זיינען די פירער פון יידנטום אליין געוואָרן אונטערדריקער פון יעדן פרייען פרייען גייסט און שטרענג באַשטראָפט די ,,אפּיקורסים״. דאָס האָט גע־בראַכט צו טראַגעדיעס, און איינער פון די קרבנות פון דער אָרדענונג איז געווען אוריאל אַקאָסטאַ.

אַקאָסטאַ איז געווען אַ מאַראַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אָפּאָרטאָ, פּאָרטוגאַל, אין יאָר 1590. אין דער יוגנט האָט ער באַקומען אַ שטרענג־קאַטוילישע דערציאונג, און צו 25 יאָר האָט ער אפילו פאַרנומען אַ שטעל פון אַ שמש אין איינער פון די קירכן אין זיין שטאָט. אָבער די לערע פון קריסטנטום האָט נישט באַפרידיקט זיין קריטישן שכל, וואָס האָט געזוכט דעם אַבסאָלוטן אמת. אַקאָסטאַ האָט זיך דאַן פאַרטיפט אין דערלערנען די ביבל און דאָס האָט אין אים דערוועקט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג, זיך אומצו־קערן צו דער רעליגיע פון זיינע עלטערן. מיט דער אידעע האָט ער געהיים פאַרלאָזט די שטאָט און אָוועק קיין אַמסטערדאַם, וואו ער האָט אָפן אָנגע־נומען די יידישע רעליגיע צוזאַמען מיט זיינע ברידער און מוטער, וועלכע ער האָט אָנגערעדט דערצו (1618). אין גיכן האָט ער זיך אָבער איבער־ציינגט, אַז דאָס אידעאַלע יידנטום, וועגן וועלכן אַקאָסטאַ האָט געטרוימט, איז זייער ווינציק ענלעך אויף דעם פּראַקטישן ווירקלעכן יידנטום, וואָס ער האָט פאַר זיך געזען אין אַמסטערדאַם. ער האָט דערזען, אַז דאָס יידנ־טום פון די רבנים באַשטייט נאָר אין אויסערלעכע דינים, אין אַ באַגרע־

נעצטן קוק אויף דער וועלט, און אַקאָסטאַ האָט ווידער אָנגעהויבן זוכן און פאָרשן. ער האָט אויפגעהערט מקיים צו זיין די יידישע דינים און פלעגט אפילו אָפן אַרויסטרעטן קעגן דער לערע פון רבנים, אָדער „צבועקעס“, ווי ער האָט זיי אָנגערופן, וואָס גייען, לויט זיין מיינונג, אויף אַ פאַלשן וועג. די אַמסטערדאַמער „חכמים“ האָבן מיט רעכט מורא געהאַט, אַז אַזאַ פּראָ־פּאַגאַנדע קען זיין געפערלעך ביי די דעמאָלטיקע באַדינגונגען, ווען די יידישע געמיינדע איז נאָך געווען יונג און נישט אָרגאַניזירט, ווען די מאַראַנען האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעוואוינט פון די קאַטוילישע מנהגים און באַגריפן. זיי האָבן דעריבער מזהיר געווען אַקאָסטאַן, אַז ער זאָל אָנהויבן זיך פירן בעסער, נאָר ער האָט נישט געפאָלגט. ווען אַקאָסטאַ איז דערנאָך אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער געמיינדע, האָט ער זיך באַשלאָסן אויף אַ געפערלעכן שריט: אַרויסצוטרעטן אָפן קעגן אָפיציעלן יידנטום אין דער לי־טעראַטור. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער אַמסטערדאַמער דאָקטאָר שמואל דאַ־סילוואַ האָט צו יענער צייט אַרויסגעגעבן אַ ביכל „אַ באַטראַכ־טונג וועגן השארת הנפש“, וואו ער איז שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן די באַ־גריפן פון די אפיקורסים, ווי אַקאָסטאַ, למשל. דאַן האָט אוריאל אַקאָסטאַ אָפּגעענטפערט מיט אַ ווערק אויף פּאָרטוגעזיש „אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די צבועשע טראַדיציעס אין פאַרגלייך מיט דער תורה שבכתב“. אין דעם ווערק האָט אַקאָסטאַ אָפּגעוואָרפן די תלמודישע טראַדיציעס און אויך באַוויזן, אַז די תורה אָנערקענט נישט קיין השארת הנפש און קיין שכר און עונש אויף יענער וועלט. אַזאַ אפיקורסות האָט אויפגעבראַכט אַלע רבנים. די פאַרוואַלטער פון דער געמיינדע האָבן געמסרט אַקאָסטאַן פאַר דער אָרטיקער מאַכט און אָנגעוויזן אויף דעם האָלענדישן געזעץ, לויט וועלכן עס ווערט פאַרבאָטן צו פאַרשפּרייטן אַנטי־רעליגיעזע אידעען. אַקאָסטאַן האָט מען אַרעסטירט, נאָר דערנאָך באַפרייט און נאָר אַרויפגעלייגט אויף אים אַ געלט־שטראָף. פון יענער צייט איז דאָס לעבן פון אַקאָסטאַן געוואָרן פאַר אים אַ גיהנום. ער איז געוואָרן עלנט, דערווייטערט פון אַלעמען און ווען אים איז נמאס געוואָרן זיין איינזאַמקייט און עלנט, איז ער איין מאָל אַוועק צו די רבנים און געבעטן מחילה. מען האָט אים מוחל געווען, נאָר אין גיכן איז אַקאָסטאַ ווידער אַריינגעפאַלן אין אפיקורסות און דאָס מאָל שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט שוין אויך געלייקנט אין דער תורה שבכתב, נישט געהאַלטן שבת, געגעסן טרפות אאַז״וו. עס זיינען געגאַנגען

קלאָגגען, אַז ער האָט אָפּגערעדט צוויי קריסטן, וואָס האָבן געוואָלט אָננע־
מען די יידישע רעליגיע. נאָך אַ הזהרה האָבן די רבנים ארייגגעלייגט דעם
געפערלעכן אפיקורס אין חרם אריין. אַלע האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון אים,
אפילו זיינע קרובים האָבן מיט אים נישט געוואָלט האָבן מיט אים קיין באַ־
ציאונגגען. זיין שרעקלעכע איינזאַמקייט און אָרעמקייט האָבן אים געוואונ־
גען ווידער תשובה טאָן און ער האָט געמוזט איינגיין אויף דער שרעקלע־
כער פּראָצעדור: עפנטלעך זיך מתודה זיין און ווערן באַליידיקט. אין שול
האָבן זיך פאַרזאַמלט די רבנים, די מיטגלידער פון דער געמיינדע און פיל
אַנדערע יידן. אַקאָסטאַ האָט אויף אַ הויך קול איבערגעלייענט די פאָרמעל
פון תשובה און זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע אפיקורסישע איבערצייגונגען;
נאָך דעם האָט מען אים געגעבן 39 מלקות, און ווען דאָס האָט זיך שוין
געענדיקט, האָט אַקאָסטאַ אַריבערגעטראָגן אַ נייע באַליידיקונג: זיך לייגן
מיטן פּנים אראָפּ אויף דער שוועל פון שול און יעדער זאָל אַריבערטרעטן
איבער זיין פּלייצע. אָט די אַלע באַליידיקונגען האָבן געמאַכט אַ שרעקלעכן
איינדרוק אויף דעם אומגליקלעכן פריידענקער און איין מאָל האָט ער,
אין אַ שטימונג פון פאַרצווייפלונג און צאָרן, זיך גענומען דאָס לעבן דורך
סמען (1640). פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעשריבן זיין אויטאָביאָגראַפיע,
אין וועלכער ער האָט אויסגעגאָסן זיין גאַנצן צאָרן אויף די, וואָס האָבן אים
געבראַכט צו אַזאַ שענדלעכער באַליידיקונג.

# קאַפּיטל זיבן

## דער קאַזאַקן־אויפשטאַנד און פּוילנס אונטערגאַנג

אין דער צייט, ווען די ספרדים אין מערב־אייראָפּע האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו־זיך צו קומען נאָך די שרעקלעכע חורבנות און אין האָלאַנד האָט ווידער אָנגעהויבן בויען זיך אַ נייער יידישער צענטער, איז אויף די אשכנזים, וואָס האָבן שוין געהאַט אויסגעבויט פֿאַר זיך אַ פעסטע נעסט אין פּוילן, געקומען אַן אומגעווייגלעכער אומגליק, וואָס האָט צו זיך כמעט קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון די יידישע רדיפות. דאָס איז געווען דער שרעקלעכער קאַזאַקן־אויפשטאַנד, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו דער פעסטקייט און גרויסקייט פון פּוילן און צוזאַמען חרוב געמאַכט דעם יידישן גרויסן צענטער אין פּוילן. דעם טרויער־צוג, וואָס זייערע ברידער אין מערב־אייראָפּע האָבן דורכגעמאַכט אין מיטלאַלטער, האָבן די פּוילישע יידן געמוזט דורכמאַכן איצט, אין 17־טן יאָרהונדערט און דער וועג איז געווען פול מיט מאַרטירער און קרבנות.

די סיבה פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן קריזיס איז געווען די עקאָנאָמישע לאַגע פון פּוילן בכלל און יידן בפרט. די יידישע לאַגע, ווי מיר האָבן אויבן געזען, איז אין פּוילן געווען אָפּהענגיק פון די פאַרשידענע קאָמבינאַציעס און צוזאַמענשטויסן פון די אָרומיקע קלאַסן. אויב דער קעניג און די גרויס־שליאַכטע האָבן ס׳רוב געשטיצט די יידן, צו וועלכע זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען אין עקאָנאָמישן לעבן, האָבן מיט די יידן שטענדיק געקעמפט זייערע קאָנקורענטן, די שטעט און די האַנטווערקער־צעכן. די גייסטלעכע ווידער האָבן פיינד געהאַט יידן ווי „אומגלויביקע" און געפירט קעגן זיי אַן אַגיטאַציע פון די קירך־טריבונעס. יידן איז דעריבער שטענדיק אויסגעקומען צו קאָמבינירן, זיך צופּאַסן צו די אַרומיקע באַדינגונגען און אויסנוצן אין זייער טובה אַלע גינסטיקע אומשטענדן. יידן האָבן שטענדיק געמוזט שטיין אויף דער וואך, שטענדיק פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן מיט דער הילף פון זייערע „בעלי טובות", דער קעניג און די שליאַכטע, און אין דעם קאַמף האָבן יידן נישט זעלטן געליטן צרות

און בזיונות, נישט איין מאָל איבערגעלעבט אַן עלילת־דם און טייער באַצאָלט פאַר דעם. זינט די גייסטלעכע האָבן אָנגעהויבן באַקומען אַ גרויסע השפּעה, באַזונדערס אין דער צייט פון פרומען קעניג סיגיזמונד דעם דריטן, זיינען די בלוט־בלבולים געוואָרן אַן אָפטע זאַך און די רדיפות אויף יידן האָבן זיך פאַרגרעסערט. אָבער נאָך דעם אַלעמען האָט יידן דאָך זיך געלעבט אין פוילן בעסער ,איידער אין מערב־אייראָפּע. דאָס רוב פון זיי האָבן דאָך געהאט פּרנסה בהרחבה, הגם זייער רייך זיינען זיי נישט געווען, און באַזונדערס פעסט זיינען די יידן געווען אײנערלעך, אַ דאַנק זייער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און זעלטענער אָרגאַניזאַציע. אָבער אויב אין די צענטראַל־געגנטן פון פוילן האָבן די יידן געפירט דעם קאַמף נאָר, אויף איין פראָנט און געהאַט אויף ווערן זיך אָנצושפּאַרן, ווי אויף פאַרטיידיקער פון זייערע אינטערעסן, איז דער דאָזיקער קאַמף געווען פיל קאָמפּליצירטער און שווערער אין די דרום־מזרחישע געגנטן פון פוילן ,אין אוקראַינע. דאָרט האָבן יידן שוין געהאַט צו טאָן נישט מיט די פּאַליאַקן, נאָר מיט אַ דריטן עלעמענט, די קאָזאַקישע פראַוואָסלאַווע פּויערים, וואָס זיינען געווען פרעמד אי די פּאָליאַקן, אי די יידן .די דאָזיקע קאָמפּליצירטע לאַגע האָט געמוזט פירן צו אַ גרויזאַמער טראַגעדיע.

בשעת ליטע האָט זיך פאַראייניקט מיט פוילן און געוואָרן איין מלוכה, זיינען צו פוילן איבערגעגאַנגען די געגנטן פון וואָלין, פּאָדאָליע און אוקראַינע. די דאָזיקע געגנטן זיינען פּאָליטיש געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע קיסרים ,און עקאָנאָמיש — אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע „פּריצים”. די פיל גיטער מיט די גרויסע דערפער, וואָס זיינען געווען באַזעצט דורך קאָזאַקן־פּויערים, האָבן זיך דאָ געפונען אין די הענט פון די פּוילישע מאַגנאַטן, וואָס זיינען געווען פולקאָמע הערשער איבער זייערע לייב־אייגענע. דאָ האָט געהערשט דיזעלבע שרעקלעכע עקאָנאָמישע אונטערדריקונג פון די שוואַכע, וואָס אין אַלע לענדער פון שקלאַפעריי, נאָר אויב ערגעץ־אַנדערש זיינען די ערד־באַזיצער געווען ווינציקסטנס פאַרבונדן מיט זייערע לייב־אייגענע דורך דער אַלגעמיינער רעליגיע, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט אַביסל דעם קלאַסן־קאַמף, האָט דאָ, אין אוקראַינע, דער עקאָנאָמישער דרוק געמוזט זיך פאַרשאַרפן ביז די אויסערסטע פאָרמען. די לייב־אייגענע פּויערים, אָדער „כלאָפּעס”, זיינען געווען פרעמד זייערע הערשער סיי לויט דער רעליגיע, סיי לויט דער נאַציע. די

פּראַוואָסלאַוויע איז פאַר די פּוילישע פּריצים געווען אַ „כלאָפּסקע רעלי־גיע", וועלכע מען האָט זיך געסטאַרעט אויסוואָרצלען דורך פאַרשידענע צוואַנגס־מיטלען. דער פּאָליאַק האָט געקוקט אויף די רוסן, ווי אויף אַ ני־דעריקערע ראַסע, וואָס פאַרדינט נישט קיין אַכטונג און קיין מיטלייד. אויסער דער געוויינלעכער „פּאַנשטשיזנאַ" האָבן די פּריצים נאָך אַרויפ־געלייגט אויף די פּויערים פאַרשידענע שטייערן און אָפּצאָלונגען. די פּוי־לישע פּריצים האָבן געוויינלעך געוואוינט ווייט פון זייערע גיטער, וועלכע זיי האָבן איבערגעגעבן אין רשות פון פאַרוואַלטער און אַרענדאַרן. צווישן די אַרענדאַרן זיינען געווען פיל יידן, וואָס פלעגן ס'רוב נעמען אין אַרענדע דאָס רעכט פון „פּראָפּינאַציע", ד. ה. האַנדלען מיט משקאות. צוזאַמען מיט דער אַרענדע איז צו יידן איבערגעגאַנגען אַ טייל פון די רעכטן, וואָס די פּריצים האָבן געהאַט איבער זייערע לייב־אייגענע. דערביי פלעגט דער יידי־שער אַרענדאַר געוויינלעך זיך באַמיען אַרויסצובאַקומען פון די גיטער וואָס מער הכנסות און שטאַרק עקספּלואַטירן די פּויערים. דער קליין־רוסישער פּויער האָט דעריבער געטראָגן אין האַרצן אַ טיפע שנאה צום פּוילישן ערד־באַזיצער, ווי אַ פּריץ און ווי אַ „ליאַך". אָבער נישט ווייניקער, און אפשר נאָך מער, האָט ער פיינד געהאַט דעם יידישן אַרענדאַר, מיט וועלכן עס איז אים אויסגעקומען צו טרעפן זיך, ווייל אין אים האָט ער געזען אי אַ בייזן שליח און פאַרטרעטער פון פּריץ, אי אַ „ניעכריסט", וואָס איז אים פרעמד לויט זיין רעליגיע און לויט זיין אַרט לעבן. יידן זיינען דאָ געשטאַנען צווישן צוויי פייערן: צווישן דעם פּאַן און כלאָפּ, קאַטאָליק און פּראַוואָ־סלאַוונעם. און עס איז געקומען די צייט, ווען דער אינערלעכער ברענענ־דיקער האַס אין די הערצער פון די פּויערים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטורעם און בשעת עס איז אויסגעבראָכן די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, זיינען יידן געשטאַנען אויפן ערשטן פייער און געליטן מער פון די פּריצים אליין.

די באַפעלקערונג פון דער אוקריינע, וואָס איז פּאָליטיש און עקאָ־נאָמיש געווען פאַרשקלאַפט ביי די פּאָליאַקן, איז כלל נישט געווען אַזאַ דערשלאָגענע סטאַדע, ווי מען האָט פון איר געוואָלט מאַכן. געוויסע היס־טאָרישע אומשטענדן האָבן געבראַכט דערצו, אַז די באַפעלקערונג זאָל ווערן אַ מיליטערישע מאַכט און אַז אין די שקלאַפן זאָל זיך אַנטוויקלען אַ שטאַר־קע שטרעבונג צו פרייהייט. אַ דאַנק דער נאָענטקייט צו די סטעפּעס און

צו קרים, פון וואַנען די טאַטאַרן פלעגן אָפט אָנפאַלן אויף די פוילישע גרעניץ־געגנטן, האָט די באַפעלקערונג פון אוקראַינע געמוזט זיך פאַראייניקן אין קאַמפס־דרוזשינעס, וואָס זאָלן קענען זיך פאַרטיידיקן פון די טאַטאַרן. די פוילישע רעגירונג האָט געשטיצט די דרוזשינעס, וואָס האָבן געהיט די גרענעץ. אַזוי ערנאָך זיינען אַנטשטאַנען די אוקראַאינער קאָזאַקן וואָס זיינען געוואָרן אַ האַלב־פּויערשער, האַלב־מיליטערישער קלאַס, מיט זייער באַזונדערן העטמאַן אין דער שפּיץ און מיט אַ באַזונדערער אויטאָנאָמיע. אויסער די אוקראַינער קאָזאַקן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער פוילישער רעגירונג, זיינען נאָך געווען קאָזאַקן פון „זאַפּאָראָזשיע" — אינגאַנצן פרייע מיליטער־לייט, וואָס האָבן געוואוינט אונטער דעם דניעפּער, אין די סטעפּעס, און געלעבט פון די אָפטע מלחמות און אָנפאַלן אויף די טאַטאַרן און טערקן. דאָס זיינען געווען אין גאַנצן פרייע מענטשן, וואָס האָבן נישט אנערקענט קיין שום הערשאַפט איבער זיך, געליבט נאָר די פרייהייט און געלעבט בלויז פון רויב און מלחמה. אין דער מחנה פון די זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן „סיעטש" פלעגן אַוועק פון אוקראַינע די אַלע פּויערים, וואָס האָבן געוואָלט בעסער פירן אַ פריי לעבן, איידער באַאַרבעטן די ערד; אַהין זיינען נישט דערלאָזן געוואָרן קיין פרויען און קינדער; די („סיעטש") איז געווען אַ מין אוראַלטע רעפּובליק, וואו מער פון אַלץ האָט מען געשעצט די העלדישקייט, גבורה און רויבעריי. די אוקריינער און זאַפּאָראָזשענער קאָזאַקן האָבן שטענדיק געהאַט באַציאונגען צווישן זיך און די פּויערישע אוקריינער באַפעלקערונג האָט מיט שטאָלץ און האָפענונג געקוקט אויף זייער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אין די גרויסע סטעפּעס, וואָס האָט סוף כל סוף געדאַרפט זיי אויסלייזן פון דער קנעכטשאַפט פון די „ליאכעס און זשידעס". די פוילישע רעגירונג האָט נישט פאַרשטאַנען ,אַז דאַרט קלייבט זיך אָן אַלץ מער אַ ברען־מאַטעריאַל, וואָס וועט מיט דער צייט זיין אַ סכנה פאַר דער גאַנצער מלוכה, און אויך די יידן האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז אויף זיי רוקט זיך אָן אַ גרויזאַמע קראַפט, וואָס וועט אריינשרייבן פיל נייע בלוטיקע בלעטלעך אין דער יידישער געשיכטע. פון צייט צו צייט האָט די אינערלעכע פאָלקס־אויפרעגונג געלאָזט צו וויסן געבן וועגן זיך דורך קליינע אַגראַרע אומרועך, און נאָך אין 1638 האָבן די זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן, אונטער דער אָנפירונג פון קאָזאַק פּאַווליוק, זיך אָביסל „פאַנאַנדערגעשפּילט" און אין לובני האָבן זיי חרוב

געמאַכט עטלעכע יידישע שולן און דערהרגעט אַן ערך 200 יידן, נאָר די רעכטע שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן פונקט אין 10 יאָר אַרום.

אין פרילינג 1648 איז אין טשיגרין אויפגעשטאַנען איינער פון די פּאָפּולערע קאָזאַקן, דער סאָטניק באָגדאַן כמעלניצקי. ער איז געווען רייך אין שאָף און רינדער, האָט באַזעסן אַ שטאַרקן ווילן, אַ גרויסע שטרעבונג צו מאַכט, געווען שלעכט און כיטרע, מיט אַ געבוירענעם טאַלאַנט צו פירן נאָך זיך גרויסע פאָלקס־מאַסן. אים איז באַשערט געווען אויפצוהויבן די פאָן פון אויפשטאַנד אין אוקראַיִנע און אין זאַפּאָראָזשע. די לעגענדע דער־ציילט, אַז דער פּאָדסטאַראָסטאַ טשאַפּלינסקי האָט צעראַבירט זיין גוט, צוגענומען ביי אים זיין געליבטע און דערהרגעט זיין זון. עס האָט זיך גע־פונען אַ ייד זכריה סאָבילענסקי, אַן אַרענדאַר, וואָס האָט איינגערעדט טשאַפּלינסקין, אַז ער זאָל מאַכן אַ בלבול אויף כמעלניצקין, כדי פּטור צו ווערן פון אים. דערזעלבער ייד האָט אויך אַנטדעקט, אַז כמעלניצקי מאַכט הכנות צו אַן אויפשטאַנד און מען האָט טאַקע כמעלניצקין געכאַפּט און אַרעסטירט. דאָ האָט זיך געפונען אַ צווייטער ייד, יעקב סאָבילענקי, כמעל־ניצקיס אַ גוטער פריינד, וועלכער האָט אים געהאָלפן אַנטלויפן פון תפיסה. מען האָט דעם אַנטלאָפענעם ווידער געכאַפּט און אַרעסטירט, נאָר ס׳איז אים נאָך אַמאָל געלונגען צו אַנטלויפן קיין זאַפּאָראָזשיע און פון דאָרטן האָט ער געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל צום אויפשטאַנד. „ווייסט און זעט, — האָט כמעלניצקי געשריבן אין זיין אויפרוף צו די קאָזאַקן, — אַז די דאָזיקע פוילישע אומה פאַרשטאַרקט זיך און פאַרשקלאַפּט אונדז אַלץ מער, אָבער נאָך ווינציק וואָס די פּאַנעס פאַרשקלאַפן אונדז, נאָר אויך די נידעריקסטע צווישן אַלע אומות (יידן) הערשן איבער אונדז". די אוקראַיִ־נער קאָזאַקן האָבן געהיים אויסגעקליבן כמעלניצקין ווי זייער העטמאַן און אים באַפולמעכטיקט צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די זאַפּאַראָזשער קאָ־זאַקן. ווען ער איז אָנגעקומען אין דער „סיטעטש", האָט כמעלניצקי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קאַמפּס־דרוזשינעס און געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם קרימער כאַן, וועלכער האָט זיך מתחייב געווען צוצושטעלן פיל מיליטער צו הילף. אין אַפּריל 1648 האָבן די פאַראייניקטע קאָזאַקן און טאַטאַרן זיך געלאָזט צו די גרענעצן פון אוקריינע. ביי „זשיאָלטי וואָדי" האָט כמעלניצקיס אַרמיי אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון. אויף דער אַרמיי פון פּאָטאָצקי און קאַלי־נאָווסקי, און דאָס האָט געדינט ווי אַ סיגנאַל צו אַן אויפשטאַנד אין גאַנץ

אוקריינע. די רוסישע פויערים און שטאָטישע לייט האָבן צעשטערט זייערע הייזער, חרוב געמאַכט די פּריצישע גיטער און דערהרגעט זייערע באַזיצער צוזאַמען מיט זייערע פאַרוואַלטער און יידישע אַרענדאַרן. אין פּערעיאַס־לאַוו, פּיראַטין, לאָסוויצי, לובני און אין די אומגעגנטן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן טויזנטער יידן און זייער פאַרמעגן איז צעראַבירט געוואָרן. די יידן פון אייניקע שטעט אין קיעווער ראַיאָן זיינען מיטן גוטן ווילן איבערגע־לאָפן אין לאַגער פון די טאַטאַרן און זיך געלאָזט נעמען אין געפענגעניש, ווייל די טאַטאַרן פלעגן ס'רוב נישט דערהרגענען זייערע געפאַנגענע, נאָר זיי אָפּשיקן קיין טערקיי און דאָרט זיי פאַרקויפן ווי שקלאַפן, און אין טערקיי האָבן די געפאַנגענע יידן געקענט האָפן אויסגעקויפט צו ווערן דורך די טערקישע יידן.

אין דערזעלבער צייט (מאַי) איז געשטאָרבן דער פוילישער קעניג וולאַדיסלאַוו דער פערטער און אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די אומר־רואיקע צייט פון קעניג־וואַלן. אין פוילן פלעגט דאָס לאַנג זיך פאַרציען ביז מען האָט אויסגעקליבן אַ נייעם קעניג און דערווייל זיינען פאַרגעקו־מען צווישן די מאַגנאַטן און פּריצים רייבונגען, אינטריגעס און סכסוכים. פאַר די אויפגעשטאַנענע איז דאָס געווען זייער גינסטיק און דער אויפ־שטאַנד האָט פאַרכאַפּט גאַנץ אוקריינע וואָלין און פּאָדאָל. די אָפּטיילונגען פון די קאָזאַקן און רוסישע פּויערים, אונטער דער אָנפירונג פון כמעלניצקיס מיטהעלפער, האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער די שטעט און מיט אכזריות דערהרגעט די פּאָליאַקן און יידן. דער רוסישער היסטאָריקער פון יענער צייט דערציילט: „די דערמאָרדונגען פלעגן אויסגעפירט ווערן דורך באַר־באַרישע ענויים: מען האָט אָראָפּגעשינדן די הויט פון די לעבעדיקע, צע־שניטן די קערפּערס אויף צוויי העלפטן, אַריינגעקלאַפּט פלאָקנס, געבראָטן אויף קוילן, אָפּגעגאָסן מיט זודיקן וואַסער: מען האָט נישט געשאָנקען דאָס לעבן אפילו די זויג־קינדער. די שרעקלעכסטע אכזריות האָט דאָס פאָלק אַרויסגעוויזן בנוגע צו יידן: זיי זיינען געווען פאַרמשפּעט אויף פולקאָ־מער פאַרניכטונג, און יעדע רחמנות אויף זיי האָט זיך גערעכנט פאַר אַ פאַראַט. די ספרי־תורות זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די שולן; די קאָזאַקן האָבן אויף זיי געטרונקען בראָנפן און געטאַנצט, דערנאָך גע־וואָרפן אויף זיי די יידן און געשאָכטן אָן רחמנות. טויזנטער יידישע קינ־דער זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גריבער און פאַרשיט געוואָרן מיט

ערד". דער יידישער היסטאָריקער פון יענער צייט איז מוסיף, אַז די ווילדע חיות האָבן בכיוון נישט דערהרגעט זייערע קרבנות מיט איין מאָל, כדי זיי זאָלן וואָס מער זיך מוטשען; האָבן זיי אָפּגעהאַקט די הענט און די פיס, געבראָטן די קינדער אויפן פייער, אויפגעעפנט די בייכער פון די פרויען, דאָרט אריינגעלייגט אַ לעבעדיקע קאַץ און דערנאָך צוריק פאַרנייט.

באַזונדערס טראַגיש איז געווען די לאַגע פון די יידן, וואָס זיינען זיך אַנגעלאָפן פון די שטעטלעך און דערפער אין די פאַרפעסטיקטע שטעט, און געהאָפט צו געפינען דאָרט אַ גרעסערע שוץ.. ווען כמעלניצקי האָט זיך דערוואוסט,אַז אין נעמיראָוו, אין פאָדאָל, האָבן זיך פאַרפעסטיקט עטלעכע טויזנט יידן, האָט ער אַהין אַרויסגעשיקט אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן אונטער דער אָנפירונג פון קאָזאַק האָניאַ. אַזוי ווי די שטאָט איז געווען גוט באַפעסטיקט און איינצונעמען זי מיט אַטאַקע איז געווען שווער, האָבן די קאָזאַקן אָנגעווענדעט אַ כיטרע מיטל: זיי זיינען צוגעקומען צו דער פעסטונג מיט פוילישע פענער און געבעטן זיי עפענען. די יידן האָבן געמיינט, אַז דאָס איז פויליש מיליטער, וואָס גייט זיי צו הילף, און זיי אריינגעלאָזט. דעמאָלט (כ׳ סיון) האָבן די קאָזאַקן געמאַכט דאָרט אַ שרעקלעכן חורבן. די מענער האָט מען אַלע אויסגעשאָכטן; די פרויען האָט מען מאַנס געווען. דער נעמיראָווער רב און ראש־ישיבה ר׳ יחיאל מיכל בן אליעזר מיט זיין אַלטער מוטער האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בית־הקברות, זיי האָבן געוואָלט לכל הפּחות צו קבורה קומען נאָכן טויט. דאָרט האָט זיי געטראָפן איינער פון די פּאָגראָמטשיקעס און מיט אַ שטיק האָלץ אומענטשלעך דערהרגעט פריער דעם רב, דערנאָך די מוטער. די יידישע יונגע פרויען האָבן די קאָזאַקן אָפט געלאָזט לעבן, זיי אָפּגעשמדט און דערנאָך גענומען פאַר ווייבער. אָבער נישט פיל זיינען געבליבן אין זייערע הענט. איינע אַ שיין יידיש מיידל, וואָס אַ קאָזאַק האָט זי פאַר אַ ווייב געוואָלט נעמען, האָט אים איינגערעדט, אַז זי ווייסט אַזאַ כשוף, וואָס פאַרהיט פון יעדער קויל און כדי איבערצוצייגן אים, האָט זי געבעטן, ער זאָל אין איר שיסן. דער קאָזאַק האָט געשאָסן און דאָס שיינע מיידל איז געפאַלן טויט. אַ צווייטע יידיש מיידל האָט זיך געקויפט דעם טויט דורך אַן אַנדער כיטרע מיטל. זי האָט געפועלט ביי איר קינפטיקן מאַן, אַז ער זאָל פאָרן מיט איר זי אָפּשמדן דורך אַ וואַסער און ווען ער איז פאַרבייגעפאָרן דעם בריק האָט

זי זיך געוואָרפן אין וואַסער און געוואָרן דערטרונקען. בסך־הכל זיינען אין נעמיראָוו דערהרגעט געוואָרן 6.000 יידן.

נאָך אַ שרעקלעכערע דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם באַ־לאַגערטן טולטשין, וואוהין יידן זיינען אַנטלאָפן פון די קאָזאַקן. אין טול־טשין, וואָס איז געווען באַלאַגערט דורך אַ גרויסער אָפּטיילונג קאָזאַקן, האָבן זיך געפונען 2 טויזנט יידן און עטלעכע הונדערט פּאָליאַקן. די יידן און די פּאָליאַקן האָבן געשוואוירן, אַז זיי וועלן נישט פאַרלאָזן איינע די צווייטע און זיך שלאָגן ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט. די יידן האָבן די פעסטונג פאַרטיידיקט מוטיק און נישט צוגעלאָזט דעם שונא נאָענט צו דער שטאָט. נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג האָבן די קאָזאַקן באַשלאָסן אויף אַזאַ מיטל: זיי האָבן געלאָזט וויסן די פּאָליאַקן, אַז זיי זיינען אויסן נאָר די יידן און אויב די פּאָליאַקן וועלן זיי אַרויסגעבן די יידן, וועט מען די פּאָליאַקן לאָזן צורו. די פּוילישע פּריצים, וואָס אין זייער שפּיץ איז גע־שטאַנען דער פירשט טשעטווערטינסקי, האָבן פאַרגעסן אָן זייער שבועה און געוואָלט אַרויסגעבן די יידן. די לעצטע האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם פאַראַט און געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט די פאַרעטער ,וואָס זיינען געווען אין דער מינדערהייט. נאָר דער ראש הישיבה ר׳ אהרן האָט זיך ביי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן דאָס נישט טאָן לטובת די אינטערעסן פון די איבעריקע יידן, אָן וועלכע די פּאָליאַקן וועלן שפּעטער געוויס זיך נוקם זיין. „לאָמיר בעסער שטאַרבן — האָט דער פרומער ר׳ אהרן זיך געבעטן, — ווי אונדזערע נעמיראָווער ברידער זיינען געשטאָרבן, נאָר לאָמיר ניט שטעלן אין סכנה אונדזערע ברידער אין גלות״. די יידן האָבן זיך אונטער־געגעבן: זיי האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנצן פאַרמעגן דעם פירשט טשעטווער־טינסקי, וועלכער זאָל דאָס געבן די קאָזאַקן ווי אַן אויסקויף פאַר זייער לעבן. ווען די קאָזאַקן האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט אַריין, האָבן זיי פריער צוגענומען דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן, דערנאָך פאַרטריבן אַלע יידן אין אַ גאָרטן אריין, דאָרט אריינגעשטעקט אַ פאָן און דערקלערט: ווער עס וויל בלייבן לעבן, זאָל זיך שטעלן אונטער דער פאָן און זיך אָפּשמדן. די רבנים זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן די יידן און איינגערעדט, אַז מען זאָל בעסער אָננעמען אַ מאַרטירער־טויט און נישט פאַראַטן די יידישע רעליגיע. עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין און איינציקער פאַ־רעטער און 1.500 יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן

אופן. די קאָזאַקן האָבן אויך נישט געשאָנקען די פּאָליאַקן און אויסגעהר־געט אַלע, צווישן זיי אויך דעם פירשט טשעטווערטינסקי. די פּאָליאַקן האָט מען פאַר פאַראַט באַצאָלט מיט פאַראַט.

פון פּאָדאָל זיינען די קאָזאַקן אַוועק קיין וואָלין און דאָרט האָט די שחיטה געדויערט דעם גאַנצן זומער און האַרבסט פון 1648. אין פּאָלאָנאָיע זיינען געפאַלן הרוגים און גענומען געוואָרן אין געפענגעניש ביז 16 טויזנט יידן. צווישן די דערהרגעטע איז געווען דער פּאָפּולערער מקובל ר׳ שמשון אָסטראָפּאָלער. ער, צוזאַמען מיט נאָך 300 יידן האָבן זיך אָנגעטאָן קיטלען און טליתים, אַוועק אין שול אריין און דאָרט דערוואַרט דעם שונא. דאָרט זיינען זיי טאַקע אַלע ביז איינעם געוואָרן אויסגעהרגעט. אַזעלכע שחיטות זיינען אויך פאָרגעקומען אין זאַסלאַוו, אָסטראָוו, באַר, אַלט־קאָנסטאַנטין, קרעמעניץ און פיל אַנדערע שטעט.

דאָס פּוילישע מיליטער האָט אין איינצלנע ערטער איינגעשטילט דעם בונט און געצייילטע באַנדעס פון די קאָזאַקן און פּויערים אויסגעראַמט. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער ענערגישער און טאַלאַנטפולער פירשט ווישניעוועצקי, וועלכער איז געווען אַ גרויזאַמע קראַפט פאַר די קאָזאַקן. ווי עס דערציילט דער יידישער היסטאָריקער, האָט ווישניעוועצקי, זיך באַצויגן צו יידן, „ווי אַ פאָטער צו קינדער", און אומעטום, וואוהין עס איז אריינגעטראָטן זיין מיליטער, זיינען יידן געווען אויסער געפאַר. אָבער ווישניעוועצקי איז געווען נאָר איינער און ער איז נישט אימשטאַנד געווען אליין צו דערשטיקן דעם בונט; די הויפּט־אָנפירער פון דער פּוילי־שער אַרמיי האָבן געהאַלטן אין איין אַרומרייסן צווישן זיך, מקנא געווען ווישניעוועצקין פאַר זיינע נצחונות, נישט אַרויסגעוויזן די נייטיקע ענערגיע און טאַלאַנט און כמעלניצקי איז געווען געדערכט, ווען ער האָט זיי געגעבן אַזאַ כאַראַקטעריסטיק: „פּערינאַ" (פּערענע), „דעטינאַ" (קינד), „לאַטינאַ" (געלערטער), ד״ה, אייניקע פון זיי זיינען פויל און צאַרט, אַנדערע זיינען נאַיוו ווי קינדער, די דריטע זיינען געלערטע, מענטשן פון קאַבינעט און טויגן גאָרנישט צו פירן קיין מלחמות.

פון אוקריינע איז אַ באַנדע פּויערים אָדער „היידאַמאַקעס" אריינגע־דרונגען אין די דערבייאיקע שטעט פון ווייס־רוסלאַנד און ליטע. פון טשער־ניגאָוו און סטאַראָדוב, וואו מען האָט אויסגעהרגעט די יידישע איינוואוי־נער, זיינען די רויבער געגאַנגען אויף האָמעל, און דאָ איז פאָרגעקומען

א שרעקלעכער שחיטה, וועגן וועלכער דער היסטאָריקער פון יענער צייט דערציילט: „די בונטאַווטשיקעס האָבן איבערגעקויפט דעם נאַטשאַלניק פון שטאָט... און יענער האָט אַרויסגעגעבן די יידן. עס האָבן זיי אַרומגע־רינגלט די פּראַוואָסלאַוונע מיט אַנטבלויזטע שווערדן, מעסערס און שפּיזן און געזאָגט: „פּארוואָס גלויבט איר אין אייער גאָט, וואָס האָט נישט קיין רחמנות אויף זיין ליידנדיקן פאָלק און ראטעוועט אים נישט פון אונדזערע הענט? זאָגט זיך אָפּ פון אייער גאָט — וועט איר ווערן האַרן!... איר אַלע וועט אומקומען, אויב איר וועט זיך האַלטן אין דער אמונה פון אייערע עלטערן, ווי עס זיינען אומגעקומען אייערע ברידער אין אוקריינע, פּאָקוטיא און ליטאָ"... דעמאָלט האָט אויסגעשריען ר' אליעזר, דער מנהיג אונדזערער, דער ראש בית־דין: „ברידער, דערמאָנט זיך אין טויט פון אונדזערע ברי־דער, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קדוש־השם! לאָמיר אויך אויסשטרעקן אונדזערע העלדזער צום שווערד פון שונא! קוקט אויף מיר און טוט, ווי איך!" און תיכף האָבן טויזנטער זיך אָפּגעזאָגט פון לעבן, פאַרהאַסט די וועלט און מקדש השם געווען. דער ראש־ישיבה האָט דער ערשטער אָפּגע־געבן זיין קערפּער ווי אַ קרבן... די זקנים און יונגעלייט, אינגלעך און מייד־לעך האָבן געזונגען די ענויים, ליידן און וואונדן פון רבין, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט רופן צו זיי, אַז זיי זאָלן אויך אָננעמען דעם מאַרטירער־טויט אין נאָמען פון דעם, וואָס האָט די וועלט באַשאַפן. אַלע, ווי איין מענטש, האָבן אויסגעשריען: „לאָמיר איינער דעם אַנדערן מוחל זיין די פערזענ־לעכע באַליידיקונגען, לאָמיר אָפּגעבן אונדזער נשמה דעם באַשעפער, און דעם קערפּער — דער ווילדער סטיכיע, אונדזערע שונאים, די פּראַוואָ־סלאַוונע"... ווען זיי האָבן געהערט די רייד, האָבן די שונאים געמאַכט אַ שרעקלעכע שחיטה; זיי האָבן געשלאָגן די אומגליקלעכע מיט העלצער, כדי זיי זאָלן שטאַרבן לאַנגזאַם. הויפנס זיינען געפאַלן, מענער, פרויען, קינדער. און זיי זיינען נישט געקומען צו קבורה, און הינט און חזירים האָבן געגעסן די טויטע קערפּערס".

אין סעפּטעמבער איז כמעלניצקי אַליין, אין שפּיץ פון די קאָזאַקן, צוזאָמען מיט די טאָטאַרן, צוגעגאַנגען צו די מויערן פון דער גאַליציאַנער הויפּט־שטאָט לעמבערג און זי באַלאַגערט. די קאָזאַקן האָבן זיך ארייננעריסן אין דער פאָרשטאָט און זי צעראַבירט, נאָר דער צענטער פון שטאָט איז גע־ווען גוט באַפעסטיקט און אַהין האָבן די קאָזאַקן נישט געקענט אריינדריג־

גען. כמעלניצקי האָט פאַרגעלייגט דעם מאַגיסטראַט, ער זאָל אַרויסגעבן אַלע יידן און זייער פאַרמעגן און דאַן וועט ער אָפּטרעטן פון שטאָט. נאָר דאָס מאָל האָט דער מאַגיסטראַט געהאַלטן מיט יידן און דאַן האָט כמעל־ניצקי איינגעשטימט אָפּצוטרעטן פון שטאָט פאַר אַ גרויסער סומע אויסקויף־געלט, וואָס דעם גרעסטן טייל פון איר האָבן געגעבן יידן. פון לעמבערג איז כמעלניצקי מיטן מיליטער אַוועק קיין זאַמאָשטש און לובלין, און זיך דערנענטערט צו וואַרשע, וואו עס איז דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ קעניג דער קאַרדינאַל יאַן־קאַזימיר, דער ברודער פון וולאַדיסלאַוו דעם 4־טן. דער נייער קעניג האָט אָנגעהויבן פירן מיט כמעלניצקין אונטער־האַנדלונגען וועגן שלום, נאָר אַזוי ווי די קאָזאַקן האָבן געשטעלט גרויסע פאָדערונגען, זיינען די אונטערהאַנדלונגען איבערגעריסן געוואָרן און אין פרילינג 1649 האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די בלוטיקע מלחמה און ווידער זיינען חרוב געוואָרן עטלעכע יידישע שטעט. נאָך אַ רייע מפּלות פון פוי־לישן מיליטער איז ענדלעך געשלאָסן געוואָרן אין זבאָראָוו אַ שלום, וואָס איז געווען גינסטיק פאַר די קאָזאַקן. אין דעם אָפּמאַך וועגן שלום איז אויך געווען לויט דער פאָדערונג פון די קאָזאַקן, אַ פונקט, אַז יידן טאָרן ניט וואוינען אין דער קאָזאַקן־אוקריינע, ד״ה אין טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער, קיעווער און אַ טייל פּאָדאָלער ראַיאָנען.

נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר פון צרות און שחיטות האָבן די יידן ענדלעך פרייער אָפּגעעטעמט. דער קעניג יאַן־קאַזימיר האָט דערלויבט די יידן, וואָס האָבן אָנגענומען דעם קריסטנטום צוליב פּחד פאַרן טויט, ווידער זיך אומקערן צום יידנטום. מאַסן יידישע טעכטער, וואָס זיינען מיט געוואַלט אָפּגעשמדט געוואָרן, זיינען אַנטלאָפן פון זייערע געצוואונגענע מענער, די קאָזאַקן, און זיך אומגעקערט צו זייערע פאַמיליעס. דער „ועד ארבע ארצות״, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען ווינטער 1650 אין לובלין, האָט אויסגעאַרבעט אַ רייע תקנות, כדי צו ברענגען אין אָרדענונג דאָס געזעלשאַפטלעכע און פאַמיליען־לעבן פון די יידן. דער טאָג פון דער נע־מיראָווער שחיטה (כ׳ סיון), וואָס איז שוין לאַנג אַ תענית־טאָג, צום אָנ־דענק פון די מאַרטירער בעת די קרייץ־צוגן, איז אַנערקענט געוואָרן פאַר אַ טרויער־טאָג אויך צום אָנדענק פון די קרבנות פון דעם קאָזאַקן־אויפ־שטאַנד. די רבנים פון יענער צייט האָבן מחבר געווען אַ ריי תפילות און האַרצרייסנדיקע סליחות, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן אין די יידישע

שולן אין יענעם טרויער־טאָג. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דער שטיל־שטאַנד. דער שלום אין זבאָראָוואָ האָט נישט צופרידנגעשטעלט נישט די קאָזאַקן, נישט די פּאָליאַקן, די קעגנזייטיקע שנאה האָט געבראַכט צו נייע צוזאַמענשטויסן און אין 1651 האָט די מלחמה ווידער אויפגעפלאַקערט. די פּוילישע רעגירונג האָט מאָביליזירט אַ גרויסע אַרמיי, אין וועלכער עס איז אריינגעגאנגען אויך אַ יידישע אָפּטיילונג פון 1000 מענטשן. דאָס מאָל האָבן די פּאָליאַקן גובר געווען און אין סעפּטעמבער 1651 איז ביי בעלאָצערקאָוו געשלאָסן געוואָרן אַ שלום,, וואָס איז געווען גינסטיק פאַר די פּאָליאַקן. לויט דעם שלום זיינען פיל פריערדיקע פאָדערונגען פון די קאָזאַקן אָפּגעוואָרפן געוואָרן און צווישן אַנדערעס איז אויך צוריקגע־שטעלט געוואָרן דאָס רעכט פון יידן צו וואוינען אין אוקריינע. דעמאָלט האָבן די אומרוען צווישן די קאָזאַקן און פּראָוואָסלאַווע פּויערים זיך ווי־דער אָנגעהויבן. כמעלניצקי האָט אָנגעהויבן פירן אונטערהאנדלונגען מיט דעם רוסישן צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש וועגן פאַראייניקן, אויף אוי־טאָנאָמישע יסודות, די קאָזאַקן־אוקריינע צו דער מאָסקווער מלוכה, מיטן נאָמען קליין־רוסלאַנד. דער אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן אין 1654 און אין דעם זעלבן יאָר האָט דאָס רוסישע מיליטער אָנגעהויבן פירן אַ מלחמה מיט פּוילן. איצט איז געקומען די צייט פון הריגות און שחיטות פאַר די יידן פון ביעלאָרוסיע און ליטע.

דאָס רוסישע מיליטער, צוזאַמען מיט די קאָזאַקן האָבן אין פאַרלויף פון צוויי יאָר געבאַלעבאָטעוועט איבער ליטע און ווייסרוסלאַנד און דאָרט געמאַכט שרעקלעכע חורבנות. ווען עס זיינען איינגענומען געוואָרן די הויפּטשטעט, האָט מען שטענדיק די יידן פון דאָרטן אַרויסגעטריבן אָדער אויסגעהרגעט. ווען עס איז איינגענומען געוואָרן די שטאָט מאָהילעוו, האָט דער רוסישער צאַר געהייסן אַרויסטרייבן פון דאָרטן אַלע יידן און זייערע הייזער צעטיילן צווישן דעם מאַגיסטראָט און דער רוסישער מאַכט. די יידן האָבן געהאָפט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער וועט צוריק אָפּשלאָגן די שטאָט, און זיי האָבן דעריבער נישט תיכף זיך אַרויסגעצויגן פון שטאָט. נאָר דערפאַר האָבן זיי טייער באַצאָלט. ענדע זומער 1655 האָט דער נאַ־טשאַלניק פון רוסישן גאַרניזאָן אין מאָהילעוו, פּאָלקאָווניק פּאָקלאָנסקי, אַז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז צו דער שטאָט גייט דאָס פּוילישע מיליטער, באַפוילן די יידן פאַרנעמען זייער האָב און גוטס און אַרויסטרעטן פון

שטאָט. אָבער ווי נאָר די יידן זיינען אַרויס פון שטאָט און זיך געלאָזט אין לאַגער פון פוילישן מיליטער, זיינען די רוסישע סאָלדאַטן, לויט דעם באַפעל פון פּאָקלאָנסקי, באַפאַלן די יידן, צוגעראַבעוועט זייער גאַנץ פאַר־מעגן און כמעט אַלע אויסגעהרגעט.

אין וויטעבסק האָבן יידן גענומען אַן ענערגישן אנטייל אין דער פאַר־טיידיקונג פון שטאָט. זיי האָבן געגראָבן גריבער, פאַרפעסטיקט די ווענט, צוגעשטעלט געווער און פערד, נאָר דערפאַר ווען די שטאָט איז ענדלעך איינגענומען געוואָרן דורך דעם רוסישן מיליטער, זיינען די יידן אינגאַנצן צעראַבירט געוואָרן; אַ טייל פון זיי זיינען מיט געוואַלט אָפּגעשמדט גע־וואָרן און אַ טייל זיינען פאַרשיקט געוואָרן אין די רוסישע גובערניעס ווי געפאַנגענע. נישט ווינציק האָבן יידן אויך געליטן, ווען עס איז איינ־גענומען געוואָרן די הויפּטשטאָט פון ליטע, ווילנע. דאָרט האָבן די קאָ־זאַקן געמאַכט אַ שרעקלעכן פּאָגראָם און אויסגעהרגעט 25 טויזנט פּאָ־ליאַקן. פון די יידן האָט דער גרעסטער טייל זיך געראַטעוועט דורך אַנט־לויפן, נאָר די איבערגעבליבענע זיינען אָדער אַרויסגעטריבן אָדער אויס־געהרגעט געוואָרן.

נאָך ווינציק זיינען געווען די אומגליקן, וואָס זיינען געקומען אויף יידן פון די קאָזאַקן, רוסן און טאָטאַרן, — איז נאָך צוגעקומען אַ נייער שונא, דער שוועדישער קעניג קאַרל דער צענטער, וועלכער האָט זיך אריינ־געריסן קיין פוילן פון צפון־זייט, אין סאַמע צענטער פון לאַנד. דער שווע־דישער קעניג האָט איינגענומען איין שטאָט נאָך דער אַנדערער; אים האָבן זיך אויך אונטערגעגעבן די פוילישע רעזידענץ־שטעט קראָקע און וואַרשע. דער גרעסטער טייל פון גרויס־ און קליין־פוילן איז געווען אין די הענט פון די שוועדן און דער קעניג יאַן־קאַזימיר האָט געמוזט אַנטלויפן קיין שלעזיען. פוילן איז געוואָרן אַ מין גיהנם, וואו עס האָבן זיך צונויפגע־מישט פאַרשידענע פעלקער: קאָזאַקן, רוסן, שוועדן, טאָטאַרן און יעדער איינציקער האָט געוואָלט אָפּרייסן אַ חלק פאַר זיך. עס איז כמעט געווען בולט, אַז די היסטאָריע האָט שוין פאַרמשפט דאָס אַמאָליקע שטאַרקע פוילן צום אונטערגאַנג. פון דער שוועדישער אַרמיי האָבן יידן געליטן צו־גלייך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, אָבער אויף זייער חלק זיינען אויסגעפאַלן אויך ספּעציעלע ליידן. דער אָנפירער פון דער פוילישער אַרמיי, דער בייזער דיקטאַטאָר טשערנעצקי, איז געווען אַ שונא־ישראל

און זיך באַגאַנגען מיט זיי אכזריותדיק. יידן האָט מען באַשולדיקט אין גע־היימע באַציאונגען מיט די שוועדן און זיך אָן זיי נוקם געווען דערפאַר, אַזוי אַז די יידן זיינען געשטאַנען צווישן צוויי פייערן: דאָרט, וואו די שוועדן האָבן זיי געלאָזט צורו, זיינען זיי באַפאַלן געוואָרן פון די פּאָ־ליאַקן. צו דער שרעקלעכער מלחמה איז נאָך צוגעקומען די דזשומאַ, וועל־כע האָט דעמאָלט געהערשט אין פּוילן. די יידן פון קראָקעווער, פּויזנער, קאַלישער, פּעטראָקאָווער און לובלינער געגנטן, וואָס זיינען געווען אויס־געמוטשעט פון דער מלחמה, זיינען מאַסנווייז אויסגעשטאָרבן פון דזשומאַ. ערשט אין 1658, נאָך גרויסע פּאַרלוסטן און בזיונות, האָט פּוילן געשלאָסן אַ שלום מיט גרויסע הנחות פאַר רוסלאַנד און שוועדן, און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך באַרואיקן.

די רעזולטאַטן פון די בלוטיקע 10 יאָר (1648־1658) זיינען פאַר יידן געווען שרעקלעכע. לויט דער מיינונג פון יידישן היסטאָריקער פון יענער צייט, זיינען דעמאָלט אומגעקומען העכער אַ האַלבער מיליאָן יידן. ווען מען זאָל נאָר אפילו די ציפער פאַרקלענערן אויף אַ העלפט, וועט דאָך בלייבן אַ ריזיקע צאָל קרבנות. אַזאַ גרויסן אומגליק האָבן יידן נישט גע־האַט אפילו בעת די קרייץ־צוגן און דעם „שוואַרצן טויט" אין מערב־אײ־ראָפּע. אָן ערך 700 יידישע קהלות זיינען דעמאָלט חרוב געוואָרן. אין די שטעט פון קאָזאַקן־אוקראַינע זיינען די יידישע געמיינדעס אין גאַנצן געוואָרן פאַרניכטעט. אין וואָלין און פּאָראָל איז געבליבן גאַנץ אַן ערך אַ צענטל פון דער יידישער באַפעלקערונג. די איבעריקע זיינען אָדער אומ־געקומען בעת דעם אויפשטאַנד, אָדער זיינען געגומען געוואָרן אין געפענ־געניש און אָפּגעפירט געוואָרן קיין טערקיי, אָדער אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער. אין אַלע לענדער פון אַזיע און אייראָפּע האָט מען אין יענער צייט געקענט טרעפן אַנטלאָפענע יידן פון פּוילן, וואָס האָבן דערציילט האַרצ־רייסנדיקע סצענעס וועגן זייערע ברידער אין דעם פּוילישן גיהנם.

איינער פון די, וואָס האָבן אליין איבערגעלעבט די שרעקלעכע שחיטה אין אוקראַינע, ר' נתן נטע האַנאָווער פון זאַסלאַוו, האָט אונדז איבערגעלאָזט אַן אויסגעצייכנטע כראָניק פון יענער צייט אין זיין ווערק „יון מצולה". דער גאון ר' שבתי כהן (ש"ך) האָט זיך געווענדעט מיט אַן אויפרוף וועגן דער שחיטה אין פּוילן צו אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט און צום אויפ־רוף זיינען בייגעלייגט געוואָרן תפלות צום אָנדענק פון די קדושים. פיל

אָנגעזעענע רבנים פון יענער צייט, ווי ר' ליפּמאַן העלער, ר' שעפטל האָר־וויץ, ר' מאיר פון שעברשין און ר' גבריאל שוסבורג האָבן אין האַרצ־רייסנדיקע חבורים באַוויינט דעם חורבן פון די פוילישע יידן, און אַ טיפע פאַרצווייפלונג הערט זיך פון זייערע פאַרפאַסטע תפילות און סליחות: עס האָט אויסגעזען, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן, אַז דער יידישער צענ־טער אין פוילן איז שוין אויף שטענדיק חרוב און קיין מאָל וועלן יידן דאָרט שוין נישט אויפגעבויט ווערן צוריק.

די נבואה פון די קלאָגערס איז נישט מקוים געוואָרן. די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן איז פאַראָרעמט און פאַרקלענערט געוואָרן, אָבער פאַרניכטעט זיינען זיי נישט געוואָרן און דער הויפּט־צענטער פון די יידן איז דאָך געבליבן פוילן. עס האָט זיך אַן איבעריק מאָל אַרויסגעוויזן, ווי ווייט די יידישע נאַציע איז לעבנס־פעאיק: ווי נאָר אין לאַנד האָבן אויפ־געהערט די מהומות, האָבן די יידן זיך אומגעקערט אין זייערע צעשטערטע נעסטן, אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויפבויען זייערע חורבות און אַ קליינע צייט נאָך דעם שרעקלעכן אומגליק זיינען די יידן ווידער געקומען צו זיך. דער קעניג יאַן־קאַזימיר, וואָס האָט זיך אומגעקערט און ווידער גענומען די ממשלה אין זיינע הענט, האָט אין אַ באַפעל וועגן פרייהייט פון האַנדל פאַר די יידן אין קראָקע דערקלערט, אַז זיין הויפּט־זאָרג איז כאָטש מיט עפּעס באַלוינען די באַפעלקערונג פאַר די צרות, וואָס זי האָט איבער־געלעבט, און מיטהעלפן איר אויפצובויען אירע חורבות. פיל יידישע שטעט, וואָס האָבן אמייסטן געליטן פון די מלחמות, האָבן באַקומען פאַרשידענע פּריווילעגיעס און עס איז פאַר זיי אויך פאַרלייכטערט געוואָרן דאָס צאָלן שטייערן. דאָס האָט אַביסל פאַרלייכטערט די לאַגע, אָבער דער קריזיס האָט דאָך איבערגעלאָזט גרויסע שפּורן, און נישט אַזוי גיך האָבן יידן זיך ווידער איינגעאָרדנט. באַזונדערס בולט זיינען געווען די רעזולטאַטן פון קריזיס אין דרום, אין ראַיאָן פון דעם אויפשטאַנד. לויט דעם אָפּמאַך אין אַנדרוסאָוואָ, ביי סמאָלענסק (1667), האָבן פוילן און רוסלאַנד איינגעטיילט צווישן זיך אוקריינע, אַזוי אַז וואָלין און פּאָדאָל זיינען פאַרבליבן ביי פוילן און פּאָלטאַווער, טשערניגאָווער און אַ טייל פון קיעווער ראַיאָן זיינען איבערגעגאַנגען צו מאָסקווע. די קאָזאַקן אליין האָבן געהאַלטן אין איין אַרומרייסן זיך, ווייל אייניקע האָבן געצויגן צו פוילן, אַנדערע — צו רוסלאַנד, אַזוי אַז אוקריינע איז נאָך אַ לאַנגע צייט געווען אַן אָרט פון

אינטריגעס און צוזאַמענשטויסן. יידן האָבן פון די אַלע רייבונגען און צו־זאַמענשטויסן, נאַטירלעך, נאָר פאַרלוירן. פון קליין רוסלאַנד זיינען יידן אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן און אין דעם טייל אוקריינע, וואָס האָט געהערט צו פוילן, זיינען יידן געוואָרן זייער פאַראָרעמט. אין אַלגעמיין איז דער צענטער פון די יידן אין פוילן איבערגערוקט געוואָרן פון דרום־מערב־ראַיאָן צו ביעלאָרוסיע און ליטע, וועלכע האָבן פיל ווינציקער געליטן פון די אומרוען. דער דרום־מערב־ראַיאָן, וואו יידן האָט זיך אַמאָל געלעבט אַזוי גוט, האָט געהאַלטן אין איין פאַלן.

אין 1669 האָט יאַן־קאַזימיר זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן און ווי אַ פוילישער קעניג איז אויסגעקליבן געוואָרן מיכאַאיל ווישניעוועצקי, דער זון פון פוילישן העלד יערעמיע ווישניעוועצקי. ווי זיין פאָטער, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט פון חורבן נישט איין יידישע געמיינדע, האָט אויך דער נייער קעניג זיך באַצויגן צו יידן פריינטלעך און אין קאָראָנאַציע־סיים האָט ער באַשטעטיקט אַלע פּריווילעגיעס פון די פוילישע און ליטווישע יידן. אָבער די ערלעכע שטרעבונגען פון קעניג האָט געשטערט דער פּוילי־שער סיים, אויף וועלכן עס האָט זיך געלאָזט דייטלעך הערן די שטימע פון די קאַטוילישע גייסטלעכע מיט זייער אַלטער שנאה צו יידן. אויף דעם סיים פון 1670 זיינען אָפּגעפרישט געוואָרן די אַלטע באַגרעניצונגען פאַר יידן: נישט צו האַלטן קיין קריסטלעכע דינערשאַפט און נישט אַרויסצו־גיין פון די הייזער בעת די קריסטלעכע פּראָצעסיעס. און דאָס אַלץ האָט דער סיים געטאָן אין אַ צייט, ווען די מלוכה האָט געהאַט פאַר זיך פיל וויכטיקע אויפגאַבן, אין אַ צייט, ווען דאָס לאַנד איז געווען צעריסן אויף שטיקער, און די גרויזאַמע שונאים ... די געזעצגעבער וואָלט, דאַכט זיך, נישט געדאַרפט ליגן אין קאָפּ די דאגה וועגן יידישע באַגרענעצונגען!

דער לעצטער פוילישער קעניג, וואָס האָט ווירקלעך געשיצט די יידן, איז געווען יאַן סאָביעסקי (1674 - 1696), דער פוילישער העלד, וואָס האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם פוילישן פּרעסטיזש אין אייראָפּע. אים איז אויסגעקומען אָפט צו קעמפן קעגן די יידנפיינטלעכע שטימונגען פון דער שליאַכטע, פון די מאַגיסטראַטן און צעכן. אין 1681 איז אין ווילנע פאָר־געקומען אַזאַ פאַל: דאָרט איז געמאַכט געוואָרן אַ פאָלקס־ציילונג, און דער ווילנער מאַגיסטראַט האָט באַפוילן די יידן אַרויסצוגיין הינטער דער שטאָט און דאָרט ווערן געציילט צוזאַמען מיט די קריסטן. די יידן האָט

מען פאַרזיכערט, אַז זיי וועט היטער דער שטאַט נישט געשען קיין שלעכטס. אָבער ווי נאָר זיי זענען אַרויס אויפן פעלד, זיינען אויף זיי אָנ־געפאַלן די קריסטן, אָנגעהויבן שיסן אויף זיי, שלאָגן און באַראַבעווען. דער מאַגיסטראַט האָט נישט בלויז נישט געשטערט, נאָר אויך געקוקט אויף דער הריגה מיט פאַרגעניגן, און יידן וואָלטן דעמאָלט געווען אָפּגע־שניטן זייער שלעכט, ווען אויף זיי זאָלן זיך נישט געווען דערבאַרעמען די שילער פון די יעזואיטישע שולן, וואָס האָבן זיי אַרויסגעראַטעוועט פון המון. נישט שטענדיק זיינען אָבער די יעזואיטישע שילער געווען אַזעלכע רחמנים און נישט זעלטן זיינען זיי אַליין געווען די איניציאַטאָרן פון פיל אומרוען אין די יידישע קוואַרטאַלן. די „שילער־געלויפן" זיינען דעמאָלט געווען אַ געוויינלעכע דערשיינונג אין די פוילישע שטעט: די שילער פלעגן פאַרטשעפּען די יידן אויף דער גאַס, מאַכן סקאַנדאַלן און אויך זיך אַריינרייסן אין די יידישע קוואַרטאַלן און מאַכן קליינע פּאָגראָ־מען. אַזעלכע אומרוען פלעגן ס'רוב פאָרקומען דורך די יעזואיטישע שילער אין פויזן, לעמבערג, ווילנע און בריסק. די אָרטיקע מאַכט האָט געקוקט דורך די פינגער אויף דער דאָזיקער „שטיפעריי" פון דער יוגנט וועלכע האָט אָפט אָנגענומען אַ געפערלעכן כאַראַקטער. אין 1687 האָט אין פויזן צו די „שטיפערישע" שילער זיך פאַרייניקט דער פשוטער המון, און די איינוואוינער פון יידישן קוואַרטאַל האָבן געמוזט מיט געווער אין די הענט זיך פאַרטיידיקן אין משך פון דריי טעג. כדי צו פאַרהיטן זיך פון אַזעלכע אָנפאַלן, האָבן די יידישע געמיינדעס פון פיל שטעט געצאָלט אַ יערלעכן צינדז לטובת די קאַטוילישע שולן, און דער שטייער איז געוואָרן אַ געזעצ־לעכע זאַך. די סיימען פלעגן אַפילו אַרויסטרעטן קעגן אַזעלכע אָנפאַלן און צוזאָגן יידן פרייהייט פון פערזאָן, באַזונדערס ווען מען האָט געדאַרפט איינפירן נייע אָדער פאַרגרעסערן די אַלטע שטייערן. אָבער דער פאַקטי־שער פאַרטיידיקער פון יידן איז געווען נאָר דער קעניג אַליין. אין קעניג־לעכן הויף פלעגן קומען באַפולמעכטיקטע פון די יידישע געמיינדעס מיט פאַרשידענע ביטעס און ווי ווייט מעגלעך פלעגט יאַן סאָביעסקי דערפילן די בקשות. אין סענאַט און אויף די סיימען פלעגט מען דעם קעניג אויפ־וואַרפן, וואָס ער איז אַזאַ יידנפריינט. אין 1693 האָט מען אויפן סיים אין גראָדנע אויף דעם קעניגס ליבלינג, דעם ייד בצלאל, וואָס פלעגט אָפּנעמען אין אַרענדע די מלוכה־אָפּצאָלונגען, אַרויפגעוואָרפן אַ ריי באַשולדיקונגען

אין באַרויבן די מלוכה, אין גאָט־לעסטערונג אדג״ל. דאָס האָט מען געטון אויף להכעיס דעם קעניג. נאָר יאַן סאָביעסקי האָט געפּאָדערט, אַז מען זאָל דעם ייד בצלאל דערלויבן דורך אַ שבועה אראָפּוואַרפן פון זיך די באַשולדיקונגען, און נאָך הייסע דעבאַטן האָט דער קעניג אויסגעפירט.

אויב ביי יאַן סאָביעסקי האָבן די יידן זיך צוריק דערהאָלט נאָך דער שווערער עפּאָכע פון שחיטות און הריגות, האָט די יידישע לאָגע זיך ווידער פאַרערגערט ביי די קעניגן פון דער זאַקסישער דינאַסטיע, אויגוסט דער צווייטער און דער דריטער (1697 - 1763). די פּאָליטישע אַנאַרכיע צוזאַמען מיט די מפּלות אין דער מלחמה מיט שוועדן האָבן אַרויסגעוויזן, אַז די מלוכה, וואָס באַזירט זיך אויף פּריצישע אינטערעסן, אויף דעם קאַפּריז פון אויבן, און שקלאַפעריי פון אונטן, איז אינערלעך דורך און דורך פאַרפוילט. די ירידה פון דער פּוילישער מלוכה האָט אָנגענומען אַ גרויזאַמען כאַראַקטער. אין אַ לאַנד, וואו יעדער קלאַס האָט אין זינען געהאַט נאָר זיינע שמאָלע עגאָאיסטישע אינטערעסן, וואו די באַשלוסן פון סיים האָבן געקענט בטל ווערן, ווען נאָר איין דעפּוטאַט האָט נישט איינגעשטימט צו זיי (וועטאָ־רעכט), אין אַזאַ לאַנד האָט אויך די רעגי־רונג נישט געזאָרגט זיך וועגן די אַלגעמיינע אינטערעסן, נאָר וועגן איר פּערזענלעכער טובה. נאַטירלעך, זיינען ביי אַזאַ אָרדענונג די יידן געווען שוצלאָזער און מאַכטלאָזער פון אַלע. אויגוסט דער צווייטער און דער דריי־טער האָבן אַפילו אָפיציעל באַשטעטיקט די יידישע רעכט, אָבער ביי דער אַלגעמיינער מהומה און אַנאַרכיע אין לאַנד איז אַזאַ אָפיציעלע באַשטע־טיקונג בלויז אויפן פּאַפּיר געווען ווינציק. עס איז געווען נייטיק, אַז די העכערע מאַכט זאָל פאַרטיידיקן די יידישע רעכט פון די פיינטלעכע עלעמענטן נישט בלויז אויפן פּאַפּיר, נאָר אין לעבן; אָבער די קעניגן פון דער זאַקסישער דינאַסטיע, וואָס האָבן אפילו די אלגעמיינע מלוכה־אינ־טערעסן נישט געהאַט אין זינען, האָבן נאָך ווינציקער, נאַטירלעך, געקענט טראַכטן וועגן די יידישע אינטערעסן. די קעניגן האָבן זיך נאָר געזאָרגט, אַז די יידן זאָלן פּינקטלעך צאָלן זייערע שטייערן און ניט געקוקט דערויף, וואָס צוליב די מהומות זיינען יידן געוואָרן רואינירט, האָט מען די שטייערן נאָך פאַרגרעסערט.

די אַגענטן פון דער רעגירונג, די וואָיעוואָדעס און סטאַראָסטעס, זיינען געווען די אומברחמנותדיקסטע אונטערדריקער פון דער יידישער

באַפעלקערונג. זיי האָבן געקוקט אויף יידן, ווי אויף אַ מעלקנדיקער קו, און אויב אַ סטאַראָסטע האָט זיך געניייטיקט אין געלט, האָט ער פּשוט זיך געווענדעט צום יידישן קהל מיט א דראָאונג, אַז אויב די נייטיקע סומע וועט אים נישט צוגעשטעלט ווערן, וועט ער אָנווענדן רעפּרעסיעס. נאַטירלעך, האָט די דראָאונג געהאָלפן און קהל האָט באלד אַריינגעטראָגן די נייטיקע סומע. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אונטערדריקט יידן נישט צוליב געלט, נאָר צוליב פאַרגעניגן, צוליבן פּשוטן קאַפּריז. אַזוי, למשל, האָט דער קאַניעווער סטאַראָסטאַ זיך אַמאָל דערלויבט אָנ־צוזאַוואַרפן אַ הויפן יידן אויף אַ פור, צופירן זיי צום הויז פון זיינעם אַ פריינד אַ גוט־באַזיצער און דאָרט זיי אויסשיטן, ווי מען שיט זעק מיט קאַרטאָפל. דער זעלבער סטאַראָסטאַ פלעגט אָפּט זיך מאַכן אַזאַ ,,פאַר־געשאַסן: די פרויען זיינען פאַרוואונדעטע געפאַלן פון בוים און דער פריץ צוקריכן אויף אַ בוים און שרייען ,,קוקו", און דערנאָך האָט ער אין זיי געשאָסן; די פרויען זיינען פאַרוואונדעטע געפאַלן פון בוים און דער פּריץ האָט פריילעך געלאַכט און זיי געוואָרפן גאָלד.

דער שטאַרקסטער קלאַס אין דער מלוכה, די שליאַכטע, האָט גע־שטיצט יידן נאָר דאָרט, וואו זי האָט זיך אין זיי גענייטיקט. אויף די יידן האָבן די פּריצים געקוקט, ווי אויף זייערע שקלאַפן, לייבאייגענע. פּונקט ווי דער פויער האָט באַאַרבעט די ערד פון פּריץ, אַזוי האָט דער יידישער אַרענדאַר פאַרוואַלטעט די בעל־הבתישקייט פון פּריץ און פאַקטיש איז צווישן זיי ביידע נישט געווען קיין גרויסער אונטערשיד. די פּריצים האָבן אַפילו געוואָלט פאַרשקלאַפן די יידן אויפן געזעצגעבערישן אופן און אויפן סיים פון 1710 האָבן די אַדעליקע אַריינגעטראָגן אַ פּראָיעקט, אַז די יידן, וואָס וואוינען אין די גיטער פון די פּריצים, זאָלן אָנערקענט ווערן ווי זייער אייגנטום, וואָס גייט־איבער בירושה פון דור צו דור. דער דאָ־זיקער ווילדער פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, אָבער פאַקטיש איז דער ייד געווען אַן עבד נאמן ביים פּריץ. ביי די דעמאָלטיקע ווילדע אָר־דענונגען, ווען איין פּריץ מיט זיין סוויטע פלעגט פּלוצים אָנפאַלן אויפן גוט פון צווייטן פּריץ, פלעגן מער פון אַלץ ליידן די יידן. דער פּריץ האָט געהאַט דאָס רעכט צו משפּטן זיינע יידן און טאָן מיט זיי, וואָס זיין האַרץ באַגערט. בעת די פּראָווינציעלע סיימען און צוזאַמענפאָרן פון דער שליאַכ־טע איז איינגעפירט געוואָרן א מנהג צו ,,פאַרוויילן זיך" דורך אָנפאַלן

אויף די יידישע הייזער און שילן. קעגן די דאָזיקע פּאַרוויילונגען האָט שאַרף פּראָטעסטירט דער וואַרשעווער סיים פון 1717 און געדראָט מיט באַשטראָפונגען, אָבער נישט אַזוי לייכט איז געווען אויסצואוואָרצלען דעם דאָזיקן מנהג.

אין די שטעט ווידער האָט זיך געפירט דער אַלטער קאַמף צווישן די יידן און די קריסטלעכע סוחרים און האַנטווערקער. כדי צו קאָנקורירן מיט די יידישע הענדלער און בעלי־מלאכות, האָבן די קריסטן צוגעגעבן זייער קאַמף אַ רעליגיעזן כאַראַקטער און אָפּט אָנגערייצט דעם המון קעגן די יידן. זיי צו הילף איז געקומען דער אַלטער שונא פון יידן: די גייסטלעכע. דער זאָמען, וואָס די יעזואיטן האָבן פאַרזייט, האָט געגעבן גוטע פּרוכטן. די אַגיטאַציע קעגן די „אומגלויביקע" איז געוואָרן איינע פון די הויפּט־כוחות אין דער אינערלעכער פּאָליטיק פון פוילן אין יענער צייט. די באַשלוסן פון די קאַטוילישע סינאָדן זיינען לויט זייער טאָן און אינהאַלט דורכגעדרונגען מיט פאַרביסענער שנאה צו יידן. דער לאָוויטשער סינאָד פון 1720 האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל „אַז די יידן זאָלן זיך נישט דערוועגן אין ערגעץ צו בויען נייע שילן און רעמאָנטירן די אַלטע", אַזוי אַז אין משך פון א געוויסער צייט זאָלן די יידישע שילן אין גאַנצן פאַרשווינדן ווערן דורך שרפות אָדער דורך איינפאַלן. פון סוף 17־טן יאָרהונדערט זיינען זייער אָפּט אַנטשטאַנען די בלוט־בלבולים אויף יידן און נישט־זעלטן זיינען די בלבולים פּראָוואָצירט געוואָרן דורך דער קלעריקאַלער פּאַרטיי. די ריטועלע פּראָצעסן פלעגן באַטראַכט ווערן אין העכסטן געריכט — אין לובלינער טריבונאַל, און נישט זעלטן האָבן זיי זיך געענדיקט מיט טויט־שטראָף פאַר אומשולדיקע מענטשן.

די גרעסטע פּראָצעסן פון דעם סאָרט (דער סאַנדאָמירער 1698 - 1710, פּויזנער 1736, זשיטאָמירער 1753, וואָיסלאַוויצער 1760) זיינען געפירט געוואָרן אויפן שטייגער פון דער אינקוויזיציע. דער סאַנדאָמירער פּראָצעס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס אַ קריסטן האָט אונטערגעוואָרפן איר נישט־געזעצלעך געבוירן קינד הינטער דער טיר פון אַ יידן און געגעבן די גייסטלעכע אַ מעגלעכקייט צו פאַרפירן אַ פּראָצעס וועגן א כלומרשט ריטועלער דערמאָרדונג. דער פּראָצעס איז דורכגעגאַנגען אַלע געריכט־אינסטאַנצן און שטאַרק פאַרפלאָנטערט געוואָרן אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון פאַנאַטישן קסיאָנדז סטעפאַן זשוכאָווסקי. אין

פּויזן האָט דער פּראָצעס וועגן בלוט־בלבול זיך געצויגן גאַנצע 4 יאָר. אין דער דערמאָרדונג זיינען באַשולדיקט געוואָרן 2 פּרנסים פון קהל, אַ שתדלן און אַ בעל־דרשן. די אַלע 4 האָט מען אַרעסטירט און שרעקלעך געפּייניקט. דער שתדלן און דער דרשן זיינען פון די ענוים געשטאָרבן אין תפיסה, די איבעריקע זיינען דורכן וואַרשעווער געריכט געוואָרן פריי־געשפּראָכן, מיט דעם תנאי, אַז זיי און נאָך דריי אָנגעוויזענע קריסטן זאָלן שווערן, אַז יידן באַנוצן נישט קיין קריסטלעך בלוט צו די מצות. אין זשיטאָמירער פּראָצעס זיינען געווען אָנגעקלאָגטע 24 יידן; זיי האָט מען אַזוי לאַנג געפּייניקט, ביז זיי האָבן זיך מודה געווען אין פאַרברעכן, וואָס זיי זיינען נישט באַגאַנגען, און זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. 11 פון זיי האָט מען אָפּגעשונדן די הויט לעבעדיקערהייט, די איבעריקע האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּ־געשמדט. אין וואָיסלאַוויצער פּראָצעס זיינען שוין ווי באַשולדיקטע אַרויס־געטראָטן דאָס גאַנצע קהל. צום געריכט האָט מען אָנגעקלאָגט די רבנים און די פירער פון קהל. איינער פון די באַשולדיקטע, אַ רב, האָט אין טורמע זיך גענומען דאָס לעבן, די איבעריקע פיר זיינען פאַרמשפּט גע־וואָרן צום טויט. פאַרן טויט האָבן די גלחים איינגערעדט די געפּיי־ניקטע, אַז זיי זאָלן זיך אָפּשמדן, און דערפאַר האָט מען זיי פאַרלייכ־טערט דעם טויט: זיי האָט מען אָפּגעהאַקט די קעפּ. אויפגערעגט דורך די דאָזיקע אינקוויזיציע־פּראָצעסן, האָבן די יידן געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום פּויפּסט אין רוים מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל דערקלערן די באַשולדיקונ־גען אין געברויכן קריסטלעך בלוט ווי אַ בלבול. דער פּויפּסט האָט באַפוילן זיין פאָרשטייער אין וואַרשע, אַז ער זאָל זען ווירקן קעגן די בלבולים. דאָס זעלבע האָט געטאָן אויך דער קעניג אויגוסט דער דריטער, אָבער די אַבערגלויבנס אין די פאָלקס־מאַסן זיינען שוין געווען אַזוי פעסט, אַז עס איז שווער געווען זיי אויסצואוואָרצלען. אַפילו די געבילדעטע קלאַסן פון פּוילן האָבן געגלויבט אין די שקרים און איינער אַ שריפטשטעלער פון יענער צייט דערציילט בתמימות: „פּונקט ווי די שליאַכטישע פרייהייט איז נישט מעגלעך אָן וועטאָ, אַזוי איז די יידישע מצה נישט מעגלעך אָן קריסטלעך בלוט".

דערווייל איז פּוילן אַלץ מער און מער געפאַלן און מיט שנעלע טריט זיך דערנענטערט צו איר אונטערגאַנג, שוין ווען ווי אַ קעניג איז

געוואָרן אויסגעקליבן סטאַניסלאַוו־אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי (1764) האָט פּוילן פּאַקטיש זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד. דורך גרינטלעכע רעפאָרמען וואָלט מען נאָך אפשר געקענט אָפּראַטעווען די מלוכה פון אונטערגאנג, אָבער דער אַלטער רעזשים פון קלעריקאַליזם און קלאַסן־אינטערעסן האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט זיך אַליין פאַר־משפּטן צום טויט און עס האָט זיך ווייטער געפירט די אַלטע פּאָליטיק. ביי סטאַניסלאַוו־אויגוסט איז פאַרגעזעצט געוואָרן די אַלטע פּאָליטיק אויך בנוגע צו יידן. אָנשטאָט צו זאָרגן זיך וועגן גרינטלעכע אויסבעסע־רונגען אין דער לאגע פון יידן, ווי איינעם פון די וויכטיקסטע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, האָט די פּוילישע רעגירונג נאָר געטראַכט, ווי אַזוי וואָס בעסער אויסצונוצן די יידן ווי א מעלקנדיקע קו פאַר שטייערן און צינזן. דער וואַרשעווער סיים פון 1764, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן אינערלעכע רעפאָרמעס, האָט געפונען פאַר נייטיק צו רעפאָרמירן אין דער לאַגע פון די יידן נאָר דאָס סיסטעם פון מלוכה־שטייערן. אָנשטאָט דעם, וואָס פריער האָט מען יערלעך באַשטימט אַן אַלגעמיינע סומע פון שטייערן אויף אַלע יידן און דער „ועד" האָט שוין דערנאָך פונאַנדערגעטיילט די סומע צווישן די באַזונדערע קהילות, האָט מען איצט, לויט דער נייער „קאָנסטיטוציע", איינגעפירט א שטייער פון צוויי גילדן אויף יעדן נפש און פאַר דער סומע איז פאַראַנטוואָרטלעך געווען יעדע קהילה באַזונדער. די דאָזיקע רעפאָרם האָט נאָר פאַרגרע־סערט די אַלגעמיינע סומע שטייערן, וואָס איז שוין אַזוי אויך געווען גענוג גרויס, בשעת פאַר יידן זיך האָבן פאַרמאַכט פיל קוועלן פון פרנסות. די שליאַכטע האָט גוט געהיט אירע אינטערעסן און ביים אויסקלייבן דעם קעניג האָט זי אים געשטעלט אַ באַדינג, אַז יידן זאָלן נישט טאָרן נעמען אין אַרענדע די מלוכה־גיטער און די מלוכה־שטייערן. לויט דעם פאַרלאַנג פון די קריסטלעכע סוחרים האָט דער סיים פון 1768 אויך צוריק איינגע־פירט יענעם פונקט פון דער אַלטער קאָנסטיטוציע, לויט וועלכן אין פיל שטעט האָבן יידן נישט געטאָרט זיך פאַרנעמען מיט האַנדל סיידן דורך אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון מאַגיסטראַט.

אין דער צייט האָט דערוייל אין אוקריינע, אין דעם טייל, וואָס איז נאָך געווען אין די פּוילישע הענט, זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקע באַ־וועגונג קעגן די פּאָליאַקן און יידן. די רוסישע „כלאָפּעס" האָבן נישט

געקענט אַזוי גיך פאַרגעסן די צייטן פון כמעלניצקי, ווען זיי, די פּאַר־שקלאַפטע פּויערן, האָבן זיך געבאָדן אין בלוט פון די פּריצים און יידן און רייך געוואָרן פון אָנגעראַבעוועטן גוטס. אין מאָמענטן פון אינטרי־געס און מהומות, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך געווען די פּוילישע מלוכה, האָט די דאָזיקע דערינערונג וועגן די אַלטע צייטן זיך געלאָזט הערן. די אַנטלאָפענע פּראַוואָסלאַוונע פּויערן־לייבאייגענע, זאַפּאָראָזשער און קאָזאַקן פלעגן זיך פאַראייניקן אין פרייע דרוזשינעס פון היידאַמאַקן און פון צייט צו צייט אָנפאַלן אויף די פּוילישע גיטער און יידישע שטעט־לעך. אין מאָמענטן פון אומרוען אין דער מלוכה אָדער פון פּאָליטישע קריזיסן האָבן די דאָזיקע אָנפאַלן אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון גרויזאַמע רויבערייען. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן היידאַמאַקן, וואָס זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון קאָזאַקן־פּאָלקאָווניקעס, אין 1734 און 1750 פאַרוויסט פיל דערפער און שטעט אין וואָלין, פּאָדאָל און קיעווער ראַיאָן און אויסגעהרגעט פיל פּריצים און יידן. נאָר מיט אַ באַזונדערן כעס האָט די באַוועגונג פון די היידאַמאַקן זיך אַנטוויקלט אין 1768. רוסלאַנד, וואָס האָט שוין פון לאַנג פּאַקטיש געהאַט די ממשלה אויף פוילן, האָט דאַן געשטעלט דער פּוילישער רעגירונג אַ פאָדערונג, אַז די פּראַוואָסלאַוונע אונטערטאַנען אין פוילן זאָל געגעבן ווערן פולקאָ־מע רעליגיעזע פרייהייט און פּאָליטישע רעכט. אַ גרויסער טייל פון דער שליאַכטע און גייסטלעכע זיינען געווען קעגן דער פאָדערונג און, אין דער זעלבער צייט ווען זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער פּוילישער רעגירונג, וואָס איז אין אַלץ געווען נאָכגעביק פאַר דער רוסישער מאַכט, האָט די שליאַכטע זיך פאַראייניקט אין דער באַוואוסטער „קאָנפעדעראַציע" וואָס איר ציל איז געווען צו באַשיצן די אַלטע פּוילישע אָרדענונג פון די פריעמדע פעלקער. אין דער צייט, ווען דאָס פאַראייניקטע מיליטער פון רוסלאנד און פון פּוילישן קעניג האָט זיך געשלאָגן מיט די „קאָנפעדע־ראַטן", האָבן אין אוקריינע אויסגעבראָכן אומרוען. די אַגיטאַטאָרן פון די פּראַוואָסלאַוונע גייסטלעכע און זאַפּאָראָזשער האָבן אונטערגעהעצט די פּויערים, וועלכע מען האָט איינגערעדט, אַז די קאָנפעדעראַטן ווילן אויסוואָרצלען די פּראַוואָסלאַוויע, און צווישן די מאַסן איז אַרומגעגאַנ־גען אַ געפעלשטער באַפעל פון דער רוסישער קייזערין יעקאַטערינע וועגן „פאַרטיליקן די זשידעס און די ליאַכעס".

אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג איז געשטאַנען דער זאַפּאָראָ־זשער קאָזאַק זשעלעזניאַק. פון אַפּריל 1768 האָבן די באַנדעס פון זשע־לעזניאַק זיך געהאַלטן אין דעם ראַיאָן פון דער איצטיקער קיעווער גו־בערניע און געראַבירט און געהרגעט די פּריצים און די יידן. אויף אַ בוים האָבן די היידאַמאַקן אויפגעהאַנגען אַ פּאָליאַק, אַ ייד און אַ הונט, און געמאַכט אַן אויפשריפט: „אַ ליאַך, אַ זשיד און אַ הונט האָבן אַן אַלצאיינע אמונה". אַ שרעקלעכע שחיטה צווישן יידן האָבן די היידאַמאַקן געמאַכט אין די שטעטלעך ליסיאַנקאַ און טעטיעוו. פון דאָרטן זיינען זיי אַוועק קיין אומאַן, וואָס איז געווען גוט באַפעסטיקט און וואוהין עס זיינען אַנטלאָפן צענדליקער טויזנטער פּאָליאַקן און יידן. די שטאָט איז אויף אַזוי ווייט געווען איבערפולט מיט אַנגעלאָפענע, אַז די נייע אָנגעקו־מענע האָבן שוין נישט געהאַט קיין אָרט. אומאַן האָט געהערט צום וואָ־יעוואָדאַ פּאָטאָצקי און זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון גובער־נאַטאָר מלאַדאַנאָוויטש. אין זיין רשות איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער קאָזאַקן־מיליציע ביים הויף, אונטער דער אָנפירונג פון סאָטניק גאָנטאַ. דעם דאָזיקן גאָנטאַ האָט מען נאָך פריער חושד געווען, אַז ער האָט פאַר־פאַרבינדונגען מיט די היידאַמאַקן, נאָר דאָך האָט סמאַדאַנאָוויטש אים אַרויסגעשיקט מיט אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן קעגן מיליטער פון זשעלעזניאַק. ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן האָט גאנטא זיך פאַראייניקט מיט די היידאַמאַקן, און ביידע אָנפירער זיינען געגאַנגען אויף אומאַן. דעם ערשטן טאָג האָט די שטאָט זיך פאַרטיידיקט ענערגיש. די פּאָליאַקן צוזאַמען מיט די יידן האָבן אייניק געאַרבעט ביים פאַרפעסטיקן די ווענט און געשאָסן פון האַרמאַטן און ביקסן. אָבער נישט אַלע פּאָליאַקן זיינען געווען גרייט זיך צו פאַרטיידיקן. פיל האָבן נאָר געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך אַליין. ענדלעך האָט דער גובערנאַטאָר אַליין אָנגעהויבן פירן פריינטלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט די היידאַמאַקן, און ווען יענע האָבן אים פאַרזיכערט, אַז זיי זיינען נאָר אויסן די יידן, האָט מלאַדאַ־נאָוויטש זיך באַרואיקט און זיי געעפנט די טויערן. צוערשט האָבן די היידאַמאַקן ווירקלעך זיך גענומען צו די יידן, מיט אַכזריות זיי געהרגעט, געטראָטן מיט די פיס פון די פערד, אַראָפּגעוואָרפן פון די דעכער, גע־שטאָכן מיט שפּיזן. העכער דריי טויזנט יידן האָבן זיך פאַרמאַכט אין דער גרויסער שיל. ווען די היידאַמאַקן זיינען צוגעקומען צו דער שיל,

זיינען אייניקע יידן אויף זיי אנגעפאלן מיט מעסערס און עטלעכע פון זיי דערהרגעט. די איבעריקע יידן האבן נאר געבעטן גאט און פארהילכט די שיל דורך יללות. כדי צו מאכן פון די יידן וואס גיכער א סוף, האבן די היידאמאקן צוגעשטעלט צו דער שיל א הארמאט, אויפגעריסן די טיר און געמאכט פון דער שיל א בלוט־באד. ווען זיי האבן געענדיקט מיט די יידן, האבן די היידאמאקן זיך גענומען צו די פאליאקן; פיל פון זיי האבן זיי אויסגעשאכטן אין „קאסציאל". צווישן אנדערע איז אויך דער־הרגעט געווארן דער גובערנאטאר מלאדאנאוויטש. די גאסן פון שטאט זיי־נען געווען איבערפולט פון טויטע קערפערס און א טייך בלוט האט פאר־פלייצט די שטאט. אין דער דאזיקער שחיטה זיינען אומגעקומען אן ערך 20 טויזנט פאליאקן און יידן.

אין דער זעלבער צייט האבן די קלענערע דרוזשינעס פון די היידא־מאקן געמאכט בלוט־בעדער אין אנדערע שטעט, ווי פאסטאוו, זשיוואַ־טאוו, גראנאוו און טולטשין. דארט, וואו עס האט אמאל געבושעוועט כמעלניצקי, האט איצט ווידער זיך געגאסן יידיש בלוט. נאר דאסמאל האט די קאטאסטראפע נישט אנגענומען אזא שרעקלעכן כאראקטער, ווי אין 1648. דאס רוסישע מיליטער און דאס מיליטער פון פוילן האבן ענער־גיש געארבעט צו דערשטיקן דעם בונט. באלד נאך דער אומאנער שחיטה האט מען געכאפט זשעלעזניאקן און גאנטאן. דער לעצטער איז געטויט געווארן דורך א שרעקלעכן טויט: פון אים האט מען פאסנווייז אראפגע־ריסן די הויט און דערנאך צושניטן אויף פיר שטיקער. די איבעריקע היי־דאמאקן זיינען אויסגעהרגעט געווארן אדער גענומען געווארן אין גע־פענגעניש דורך דעם פוילישן מיליטער־אנפירער סטעמפקאווסקי.

סוף כל סוף האט די פוילישע מלוכה, וואס איז געווען צוריסן אויף שטיקער, אפגעשוואכט דורך די פיל מפלות און דורך דער אינערלעכער רייסעניש צווישן די באזונדערע קלאסן אין משך פון הונדערטער יארן, געמוזט אונטערגיין. אין 1172 זיינען די פוילישע גרעניץ־פראווינצן דאס ערשטע מאל פונאנדערגעטיילט געווארן צווישן די דריי נאענטע מלוכות: רוסלאנד, עסטרייך און פרייסן. רוסלאנד האט באקומען א גרויסן טייל פון ביעלארוסיע, עסטרייך — גאליציע און א טייל פאדאליע, פרייסן — פאמעראניען. דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג איז אריינגעפאלן צו רוסלאנד און עסטרייך. דאס איז געווען דער ערשטער

גרויסער קלאַפּ פאַר פוילן. די פּאַליאַקן האָבן לויט דער איניציאַטיוו פון רוסלאַנד דאַן געגרינדעט אַ העכערן רעגירונג־אָרגאַן — „דער שטענדיקער ראַט" (1775 - 88), וואָס האָט געדאַרפט זוכן עצות, ווי אַזוי צו רעפאָר־מירן דאָס אינערלעכע לעבן פון פוילן. די בעסטע פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט האָבן באַשלאָסן אַנהויבן די רעפאָרמען פון דער יוגנט־דער־ציאונג. אין 1773 האָט דער פּויפּסט מבטל געמאַכט דעם יעזואיטישן אָר־דען אין פוילן און דערמיט אָפּגעראַטעוועט די פוילישע יוגנט פון דער שעדלעכער יעזואיטישער ווירקונג. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ריי נייע שולן און די אַלטע זיינען רעפאָרמירט געוואָרן. איינער פון די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט באַטראַכט די מיטלען צו רעפאָרמירן די מלוכה, אַנדזשיי זאַמאָיסקי, האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט וועגן רעפאָרמירן די געזעצן וועגן יידן. לויט דעם פּראָיעקט האָבן יידן גע־דאַרפט באַקומען פרייהייט פון פּערזאָן און פאַרמעגן און אין אַ געוויסער מאָס אויך פרייהייט פון רעליגיע. נאָר אין די שטעט האָבן יידן געדאַרפט וואוינען אָפּגעזונדערט פון די קריסטן; די יידן, וואָס האָבן נישט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג אָדער קאַפּיטאַלן, דאַרפן דערווייטערט ווערן פון דער מלוכה; יידן ווערט אויך דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט, אָבער זיי טאָרן נישט זיין קיין ערד־באַזיצער. דער דאָזיקער קאָנ־סערוואַטיווער פּראָיעקט באַווייזט, ווי ווייט אַפילו די בעסטע פאָרשטייער פון דער דעמאָלטיקער פוילישער געזעלשאַפט זיינען געווען פרעמד פון אַ גערעכטער באַציאונג צו יידן. ערשט אין די סאַמע לעצטע יאָרן פון דער פוילישער מלוכה זיינען אין דער פוילישער געזעלשאַפט, אונטער דער השפעה פון דער אייראָפּעאישער באַפרייאונגס־באַוועגונג, אַנטשטאַנען אמת־הומאַנישע און גערעכטע באַציאונגען צו יידן. אָבער דעמאָלט איז שוין געווען צו שפּעט. פוילן האָט שוין דאַן אָפּגעלעבט אירע לעצטע טעג. נאָך געמאַכט אייניקע הערואישע פּרוואוון זיך אויפצוהויבן, אויפצולעבן, אָבער די פוילישע מלוכה איז שוין נישט געווען אימשטאַנד צו באַפרייען זיך פון די שאַרפע נעגל פון די פרעמדע מלוכות, וואָס האָבן ווי רויבער זיך אַרומגעזאַמלט אַרום איר און אָפּגעוואַרט איר טויט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די גסיסה, דערנאָך דער טויט און צוזאַמען מיט דעם אונ־טערגאַנג פון פוילן איז אויך דער געוועזענער צענטער פון פוילישן יידנ־טום אַריינגעטראָטן אין אַ נייער היסטאָרישער פּאַזע.

***

אין דער צייט, ווען צווישן די פּוילישע קלאַסן און פּאַרטייען האָט געהערשט אַזאַ רייסעניש און אַזאַ דעזאָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון פּוילן, זיינען יידן געווען שטאַרק מיט זייער אינער־לעכער אחדות און שטרענגער צענטראַליזאַציע, וואָס האָט געהאַלטן פעסט אין אירע הענט דעם יחיד און אים געמאַכט אונטערטעניק פאַרן כלל, צי די דאָזיקע שיטה פון שטרענגער צענטראַליזאַציע, ווען דער יחיד האָט כמעט נישט קיין פרייהייט, איז אַ גוטע שיטה אָדער נישט, דערווייל האָט דאָס דאָזיקע סיסטעם אין יענער צייט געבראַכט פיל נוצן און ווער ווייסט, צי יידן אין פּוילן וואָלטן געווען אַרויס אַזוי פאַרהעלטניסמעסיק גאַנץ, ווען נישט זייער אינערלעכע פעסטע אָרגאַניזאַציע. די פּוילישע יידן וואָס זיינען געווען אָפּגעזונדערט פון אַלע אַרומיקע קלאַסן, אַרומגערינגלט מיט שונאים, האָבן געפילט אָן פאַרשטאַנען, אַז זיי מוזן זיין אייניק אי־נערלעך און מיט געמיינזאַמע כוחות קעמפן קעגן די אויסערלעכע פיינט־לעכע עלעמענטן. איינער פון די אויפרופן, מיט וועלכע דער „ועד ארבע אַרצות" אין יאָר 1676 האָט זיך געווענדט צו די קהילות, הויבט זיך אָן מיט אַזעלכע ווערטער: „שווער האָבן מיר געזינדיקט פאַר גאָט. די מהומה וואַקסט פון טאָג צו טאָג; עס ווערט אַלץ שווערער צו לעבן; אונדזער פאָלק האָט נישט קיין ווערט צווישן אַלע אַנדערע אומות. עס איז אפילו אַ וואונדער, ווי אַזוי, נישט געקוקט אויף אַלע אומגליקן, עקזיסטירן מיר נאָך. דאָס איינציקע, וואָס אונדז איז געבליבן צו טאָן, איז — פאַראיי־ניקן זיך אין איין פאַרבאַנד, אין גייסט פון שטרענגער אחדות מיט גאָטס געבאָטן און מיט די באַפעלן פון אונדזערע צדיקים און מנהיגים". ווייי־טער גייט אַ ריי באַפעלן צו די מיטגלידער פון די קהילות, אַז זיי זאָלן פאָלגן אין אַלץ זייערע קהלה־פאַרוואַלטונגען, נישט נעמען אין אַרענדע שליאַכטישע גיטער און נישט מאַכן קיין שותפות־האַנדל מיט קריסטן אָן דער דערלויבעניש פון קהל, ווייל אַזעלכע זאַכן קענען אַרויסרופן אַ כעס און צאָרן מצד די קריסטן. עס ווערט אויך פאַרבאָטן „אָפּצוגעבן דאָס יידישע גוטס אין פרעמדע הענט", אַרויסרופן מחלוקת און סכסוכים אין די קהילות אאז"וו. די קהל אַדמיניסטראַציע האָט געשטרעבט צו פול־קאָמער ממשלה איבער דעם יחיד, אַזוי אַז ער זאָל ווי ווייט מעגלעך זיין אָפּגעשלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט. די רעגירונג אַליין האָט

אויך געשטיצט די דאָזיקע אָרדענונג, ווייל פאַר איר איז דאָס געווען זייער גינסטיק. פאַר איר איז בעסער געווען האָבן צו טון מיט אָרגאַני־זירטע קהילות, איידער ווי מיט איינצלנע יידן, דעריבער האָט די רעגי־רונג געגעבן דעם קהל ברייטע אַדמיניסטראַטיווע און געריכטלעכע פול־מאַכטן. דאָס קהל איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעגירונג פאַר יעדן חטא פון יחיד, אַזוי אַז די מאַכט פון קהל האָט געמוזט אַלץ זיך פאַרברייטערן. דאָס האָט געבראַכט צו אַ שטרענגער דיסציפּלין, אָבער אויך מיטגעהאָלפן צו פאַרפעסטיקן די יידישע גזעלשאַפטלעכקייט.

ביי דער רעגירונג איז דאָס קהל געווען באַזונדערס טייער דערמיט, וואָס דורך אים זיינען אויפגעמאָנט געוואָרן די שטייערן פון די יידן. יעדעס יאָר האָבן די סיימען באַשטימט די אַלגעמיינע סומע שטייערן פון דער יידישער באַפעלקערונג און די קהילות האָבן שוין אַליין פאַנאַנדער־געטיילט די דאָזיקע סומע צווישן זיך און געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעגירונג, אַז די סומע זאָל פּינקטלעך אַריינגעטראָגן ווערן. די רע־גירונג, איז אויף אַזאַ אופן געווען פאַראינטערעסירט, אַז די קהל־אַדמי־ניסטראַציע זאָל האָבן ביי יידן אַן אויטאָריטעט און דעריבער איר געגעבן ברייטע רעכטן. אין 1672 האָט דער קעניג געגעבן די קהילות פון ליטע דאָס רעכט אויסצושליסן פון די געמיינדעס אָדער באַשטראָפן מיט אַנ־דערע שטרענגערע מיטלען יענע איינצלנע יידן, וועלכע רייצן אויף מיט זייערע פאַרדאָרבענע מעשים די יידישע באַפעלקערונג. אין 10 יאָר אַרום האָט דער בריסקער סטאַראָסטאַ אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז קיינער פון די פּריצים זאָל נישט לייען קיין געלט פּריוואַטע פערזאָנען פון דער יידי־שער באַפעלקערונג אָן דער ידיעה פון קהל. דער דאָזיקער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לויט דער ביטע פון קהל אַליין, וועלכער איז גע־ווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די באַנקראָטן פון זיינע מיטגלידער. דער לעמבערגער וואָיעוואָדאַ האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל (1692), אַז אָן דער ידיעה פון די קהל־פּרנסים וועגן דער אָרענטלעכקייט פון די אַרענדאַרן זאָל מען קיינעם פון די יידן נישט אָפּגעבן אין אַרענדע די פאַרשידענע מלוכה־אָפּצאָלונגען. פּריוואַטע פערזאָנען האָבן געקענט אָפּקויפן אָדער נעמען אין אַרענדע אומבאַוועגלעכע גיטער נאָר מיט דער דערלויבעניש פון קהל (חזקה). אָן זיין דערלויבעניש און אָן אָפּצאָלן אַ ספּעציעלן שטיי־

ער (חזקת ישוב) האָט קיינער נישט געקענט זיך באַזעצן און צוגעשריבן ווערן צו אַ געוויסער קהילה.

די גרענעצן פון דער געמיינדע־אויטאָנאָמיע פלעגן באַשטימט ווערן דורך דער אָרטיקער מאַכט און נישט אומעטום זיינען זיי געווען גלייך. ווי אַ מוסטער פון אַ פרייער געמיינדע־קאָנסטיטוציע קאָן דינען דער ?זוסטאַוו, וואָס דער וואָיעוואָדאַ פון „טשערוואָנאַ רוס" האָט אין יאָר 1692 אַרויסגעגעבן דעם לעמבערגער צענטראַלן קהל. לויט דעם דאָזיקן אוסטאַוו, האָט די געמיינדע פון צייט צו צייט געוויילט אירע אָנפירער „לויט זייערע מנהגים און רעכטן" און די אַדמיניסטראַציע האָט נישט געהאַט קיין רעכט זיך אַריינצומישן אין די וואַלן. די אויסגעוויילטע פאַר־שטייער פון קהל ווערן אנערקענט ווי פולקאָמע אָנפירער און ריכטער פון זייער געמיינדע. די פּראָצעסן צווישן איין יידן און אַ צווייטן דאַרפן באַ־טראַכט ווערן נאָר אין בית־דין, וואָס באַשטייט פון רבנים און געמיינדע־פאָרשטייער. אויב ווידער אַ ייד האָט געוואָלט אָנגעבן אַן אַפּעלאַציע אויפן פסק פון בית־דין, אָדער אויב אַ ייד האָט געהאַט אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט, זיינען אַזעלכע פּראָצעסן באַטראַכט געוואָרן אין געריכט פון פאָד־וואָיעוואָדאַ, דורך אַ ספּעציעלן „יידישן ריכטער", ד"ה אַ קריסט, וואָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט יידישע ענינים. דער דאָזיקער „יידי־שער ריכטער" ווערט באַשטימט דורך דעם פאָד־וואָיעוואָדאַ פון צוויי קאַנדידאַטן, וואָס ווערן אָנגעוויזן דורך דעם יידישן קהל. די פּראָצעסן פון דעם דאָזיקן געריכט דאַרפן פאָרקומען נאָענט פון דער שול, אין דער אָנוועזנהייט פון יידישע פאָרשטייער און דערביי דאַרף דער „יידישער ריכטער" זיך רעכענען נישט בלויז מיט די אַלגעמיינע געזעצן, נאָר אויך מיט די יידישע דינים. דאָס געריכט האַלט אָפּ זיצונגען צוויי מאָל אַ וואָך. נאָר ביי אויסנאַמען ווערט באַשטימט אַן עקסטרע זיצונג, אויסער אין די יידישע ימים־טובים. אויפן געריכט רופט מען אַרויס דעם באַ־שולדיקטן דורך אַ שמש. די פּראָטאָקאָלן פון געריכט ווערן אָפּגעהיט אין דעם „געריכטס־שטיבל". די אַפּעלאַציעס אויף דעם אורטייל פון דעם גע־ריכט ווערן באַטראַכט דורך דעם וואָיעוואָדאַ.

די וואַלן אין קהל פלעגן, ווי פריער, פאָרקומען יערלעך אין חול־המועד־פסח. דער דאָזיקער מנהג איז מיט דער צייט געוואָרן אַ געזעץ און ווען דאָס בריסקער קהל האָט איינמאָל צוליב פערזענלעכע פּניות

אָפּגעלייגט די וואַלן אויף שפּעטער, איז אָנגעקומען פון ווילנער העטמאַן אַ שטרענגער פאַרוואורף דעם קהל. די וואַלן זיינען געווען צווייפּאַכיקע, דורך אַ באַגרענעצטער צאָל וויילער, און קאַנדידאַטן ווי קהל־פאַרשטייער זיינען געווען נאָר מענטשן מיט אַ גרויסן פאַרמעגנס־צענז, ווי הויז־באַזיצער, גרויסע שטייער־צאָלער, אָדער מענטשן מיט אַ גייסטיקן צענז, ווי רבנים און למדנים. די אָרימע קלאַסן און עם־הארצים האָבן זייערע פאַרשטייער אין קהל נישט געהאַט און זייערע אינטערעסן האָבן דעריבער אָפט געליטן. אין 18־טן יאָרהונדערט הערן זיך אַלץ אָפטער אָנקלאָגן פון די „פּראָסטאַקעס" אויף דעם ווילקיר פון דער קהל־פירונג און איר דעספּאָטישער מאַכט. אַזוי ווי די דערפער און קליינע שטעטלעך האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פאַרוואַלטונג, נאָר געהערט צו דער געמיינדע־פאַרוואַלטונג פון זייער ראַיאָן, זיינען צווישן איין קהילה און דער צווייטער אָפט פאָרגעקומען סכסוכים צוליב די דאָזיקע שטעטלעך און דערפער. יעדע קהילה האָט געוואָלט זיי צורעכענען צו זייער ראַיאָן, ווייל דורך זיי פלעגן זיך פאַרגרעסערן די הכנסות פון קהל. אַזעלכע סכסוכים פלעגן באַטראַכט ווערן דורך דעם „ועד ארבע ארצות" און „ועד קהלות ראשיות דליטאַ".

אויף די „ועדים" פלעגן באַטראַכט ווערן אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פראַגן און עס זיינען באַשטימט געוואָרן די באַציאונגען צו דער רעגירונג. ביי די ועדים פלעגן זיך געפינען „שתדלנים", וואָס פלעגן פאָרן קיין וואַרשע אויף די זיצונגען פון סיים מיט השתדלותן וועגן פאַרשידענע יידישע רעכטן. דער פּוילישער „ועד" פלעגט ווי פריער אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען פעריאָדיש אין לובלין און אין אנדערע שטעט, און דער ליטווישער „ועד" פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין פאַרשידענע שטעט, ווי כאָמסק, סיעלץ, מיר, סלוצק און בריסק. אין ענדע 17־טן יאָרהונדערט, ווען מען האָט געדאַרפט איינאָרדענען די רואינירטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, האָבן די ועדים אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע אינטענסיווע טעטיקייט. די רעגירונג האָט שטענדיק פאַרטיידיקט די אויטאָריטעט פון די ועדים. אין 1687 האָט דער „ועד ארבע ארצות" זיך באַקלאָגט פאַרן קעניג, אַז זיי קענען נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער באַשטימטער סומע שטייערן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווייל אַ סך יידן ווילן נישט פאָלגן די קהל־פאַרשטייערס און באַנוצן זיך מיט פּראַ־

טעקציעס פון דער שליאַכטע כדי זיך אויסצודרייען פון צאָלן שטייערן. דער קעניג האָט געמוזט אַרויסגעבן אַ שטרענגן באַפעל און סטראַשען מיט אַ האַרבער שטראָף די, וואָס וועלן נישט פאָלגן דעם קהל.

וואָס מער עס האָט זיך פאַרערגערט די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע, אַלץ מער אַרבעט האָבן געהאַט די ועדים, אַלץ ענערגישער איז געוואָרן זייער טעטיקייט. זיי האָבן געדאַרפט סיי רעגולירן די אינערלעכע אָרדע־נונג צווישן יידן, סיי באַשטימען די באַציאונגען צו דער רעגירונג און די סיימען. מען קאָן נישט זאָגן, אַז די ועדים האָבן פאַרשטאַנען מיט דעם געהעריקן שטאָלץ און זעלבסט־ווירדע צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן. די ועדים זיינען אויך געווען צופיל אַריסטאָקראַטיש, אַז זיי זאָלן נעמען אין אַכט די אינטערעסן פון די פּראָסטע פאָלקס־מאַסן, וואָס זיינען אָפטמאָל באַליידיקט געוואָרן. אָבער איין גרויסן פאַרדינסט האָבן די ועדים געהאַט, וואָס זיי האָבן פעסט געהאַלטן אין זייערע הענט די אינערלעכע דיסציפּלין און אין אַזאַ צייט פון מהומות און אומגליקן נישט דערלאָזט, אַז די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט זאָל זיך צעפאַלן. אַ באַ־זונדערע אויפמערקזאַמקייט האָבן די ועדים געלייגט אויף די תלמוד־תורות און ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט די אָרעמע קינדער אויפן חשבון פון די רייכע. די ועדים האָבן אַכטיק געגעבן אויף די פּראָגראַמען אין די ישיבות, געזאָרגט דערפאַר, אַז אַלע יידישע קינדער זאָלן מוזן אַ געוויסע צייט לערנען און אַז די אָרעמע זאָלן געשטיצט ווערן דורך געלט און עסן. דער „ועד ארבע ארצות" האָט איינגעאָרדנט אַ צענזור אויף די ספרים, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין פּוילן אָדער אַריינגעפירט גע־וואָרן פון אויסלאַנד, און די ספרים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין הסכמה פון „ועד" אָדער פון אַן אָנגעזעענעם רב, האָבן נישט געטאָרט פאַר־שפּרייט ווערן. דער גייסטיקער האָריזאָנט פון דעם „ועד" איז נישט גע־ווען גרויס און חוץ תלמוד און רבנישע ליטעראַטור איז נישט דער־לאָזט געוואָרן.

די קהלשע אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען אַ גרויסן קלאַפּ אין יאָר 1767. איז דעם יאָר האָט דער סיים באַשלאָסן ענדערן דעם סיסטעם פון שטיי־ערן־אָפּצאָל און אַנשטאָט דעם, וואָס פריער פלעגט באַשטימט ווערן יער־לעך אַן אַלגעמיינע סומע אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, איז איצט איינגעפירט געוואָרן, אַז יעדער נפש דאַרף איינצאָלן באַזונדער אַ

יערלעכן שטייער. כדי די שטייערן זאָלן אויפגעמאָנט ווערן ריכטיק, האָט מען באַשטימט אַן אַלגעמיינע רעוויזיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער גאַנצער מלוכה. אויף אַזאַ אופן זיינען בטל געוואָרן די אַלטע פונקציעס פון די געמיינדעס ווי אַ הויפּט־אָרגאַן פון איינמאָנען און אַריינטראָגן אין דער מלוכה־קאַסע די אַלגעמיינע סומע יידישע שטייערן, און די קהל־פאַרשטייער זיינען געוואָרן פשוטע פאַרמיטלער, וואָס זיינען געווען מחויב אין יעדער שטאָט אויפצומאָנען פון יעדן ייד דעם שטייער און דערנאָך איינצאָלן אין דער מלוכה־קאַסע. פון דעם מאָמענט אָן האָט דאָס קהל פאַרלוירן פאַר דער רעגירונג יענע באַדייטונג, וועלכע עס האָט געהאַט פריער, ווען עס האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ צענטראַלער פאַרטרעטונג. די יידישע אויטאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע איז פאַר דער רע־גירונג שוין מער נישט געווען נוצלעך און דעריבער האָט זי אויסגעזען ביי איר איבעריק. אין דעם סיים פון 1774 איז שוין אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז די אַלע יידישע סיימען און „סיימיקעס", די אַלע ועדים און זייערע צוזאַמענפאָרן זיינען לחלוטין איבעריק און דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פון איצט אָן ווערט פאַרבאָטן צונויפצורופן צוזאַמענפאָרן פון די קהל־פאַרשטייער צוליב וועלכע עס איז צוועקן.

אויף אַזאַ אופן זיינען די קהילות באַגרענעצט געוואָרן אין זייער טעטיקייט און די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, די ועדים, זיינען אינגאַנצן בטל געוואָרן. דאָס איז געווען 8 יאָר פאַר דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן, ווען די פוילישע מלוכה האָט שוין כמעט אויפגעהערט זעלבסטשטענדיק צו עקזיסטירן. אין אַ צייט אַרום שפּעטער הויבט זיך אָן די גסיסה פון פוילן. דער גרעסטער טייל פוילישע פּראָווינצן גייט איבער אין אַן אַנדערע ממשלה און צוזאַמען דערמיט פאַלט אינגאַנצן די יידישע אינערלעכע אויטאָנאָמיע, יענע פעסטע אָר־גאַניזאַציע, וועלכע האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער באַפעס־טיקונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אין אַ צייט פון שרעקלעכע אומגליקן און רדיפות.

ע נ ד ע  פ ו ן  ז ע ק ס ט ן  ב א נ ד

